# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

אַלע אַרטיקלען, וואָס געהען אַריין אין דעם באַנד זענען געשריבען אין דעם יאָהרצעהנט, וואָס צווישען 1897 און 1907, ד. ה. דער צייט, ווען איך האָב געקאָנט אַרבייטען אין אידיש נאָר צופעליג, זיך אַברייסענדיג פון דער אַרבייט אין רוסיש און דייטש. זיי אַלע זענען כאַראַקטעריזירט דורך דעם, וואָס זיי זענען געשריבען ניט פאַר דער אינטעליגענץ, נאָר פאַר די מאַסען, פאַר די סאָציאַליסטישע אַרבייטער פון יענער עפּאָכע. מען דאַרף דעריבער ניט דערוואַרטען פון זיי קיין בעזונדערע טעאָרעטישע פערטיעפונג.

ערשיינען אין אַ בעזונדער זאַמלונג — אונטער דעמזעלביגען נאָמען: „אין קאַמף פאַר פאָלק און שפּראַך“ — האָבען זיי געזאָלט נאָך אין דעם יאָהר 1908, ווען אַ געוויסער אידישער פערלעגער, וואָס האָט געשפּיעלט אַ ראָליע אין די אידישע ראַדיקאַלע קרייזען, האָט גענומען אויף זיך אַרויסצוגעבען זיי. ליידער האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז יענער ראַדיקאַלער פערלעגער איז גאָר אַן אַגענט פון דער רוסישער רעגיערונג, און עס האָט געדויערט אַ היבשע וויילע, ביז דער מאַנוסקריפּט פון דער זאַמלונג האָט געקאָנט אויסגעלייזט ווערן פון זיינע הענד.

אין דעם משך פון דעם יאָהרצעהנט, וואָס די אַרטיקלען נעהמען אַרום, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין מיין שטעלונג צו דעם אידישען נאַציאָנאַלען פּראָבלעם. אין 1903 (נאָך „קישינעוו“) האָב איך איינגעזעהען די ריכטיגקייט פון דעם טעריטאָריאַליסטישען פּרינציפּ און דורך דעם גופא איז אָבגעשוואַכט געוואָרען מיין ביטערע געגנערשאַפט צו די גרונד־געדאַנקען פון דעם פּאָליטישען ציוניזם. זיין בעדייטונג פאַר דער פערענטפערונג פון דעם אידישען פּראָבלעם — זעה איך איצטער — מוז וואַקסען אין דערזעלביגער מאָס, אין וועלכער עס ווערט שאַרפער די נויט אין אַן אייגענעם לאַנד, עס ווערען קלענער די שאַנסען אויפצובויען אַ אידיש לאַנד ערגעץ וואו אין חוץ לארץ און עס ווערט נעפעל־

האפטער די האָפענונג אויף א באלדיגער סאָציאַלער רע־וואָלוציע, וואָס זאָל מאַכען די פעלקער, ד. ה. די ארבייטענדע מאַסען, פאַר די פולע באַלאַבאַטים פון דעם ערד־באָל און בעשאַפען פאַר יעדען פאָלק די בעדינגונגען פאַר א נאָרמאַלע, פרייע, פּראָגרע־סיווע ענטוויקעלונג, ווי דאָס פאָדערט דער אמת׳ער אינטערנאַ־ציאָנאַלער סאָציאַליזם.

אָט די פערענדערונג אין מיינע געדאַנקען האָט אָבער ניט גע־פאָדערט פון מיר, איך זאָל מיך אָבזאָגען פון א וועלכען עס איז פּאָזיטיווען פּרינציפּ אין מיין גלויבען. אַלע זיינע „מצות עשה׳ס“ זענען געבליעבען דיזעלביגע און זיי אַלע ווערען פאָרמולירט דורך די פאָלגענדע צוויי הויפּט־פאָדערונגען:

1. די נאַציאָנאַלע ווידערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלק אומעטום, וואו זיינע קינדער וואוינען, אויף די יסודות פון ערד־ארבייט, אייראָ־פּעאישער קולטור און אידישער שפּראַך.

2. די אידישע אינטעליגענץ דעם אידישען פאָלק.

צוגעקומען איז נאָר א דריטע פאָדערונג:

3. אן אייגען לאַנד!

דיזעלביגע פאָדערונגען זענען דער בעלעבענדער גייסט אין אַלע ארטיקלען, וואָס געהען אריין אין דעם באַנד.

שוין דער כראָנאָלאָגיש ערשטער ארטיקעל: „פאַר וואָס דוקא אידיש?“ זאָגט קלאָר ארויס דעם געדאַנק, אז מיר זענען א פאָלק און ווילען אויך ווייטער לעבען ווי א פאָלק, אז אידיש איז אונ־זער שפּראַך, און אַז אונזער קולטורעלער שאַפען דאַרף ווייטער פאָרגעהן אין אידיש און נאָר אין אידיש; ניט אין העברעאיש, און ניט אין איינער פון די פרעמדע אייראָפּעאישע שפּראַכען. ליידער איז די טעאָרעטישע בעגרינדונג אין יענעם ארטיקעל זעהר אָן אָרימע, אַן עמבריאָנישע. אין שפּעטערדיגע ארבייטען האָב איך פערפאָלשטענדיגט די ארגומענטען פון יענער ריכטונג, וואָס טראָגט איצטער דעם נאָמען: „אידישיזם“. אין גאַנצען אויסגעשעפּט זענען די ארגומענטען פאַר אידישיזם נאָך עד היום

ניט, און דער קאמף פאר אונזער שפראך סיי אנטגעגען די העב־ראיסטען, סיי אנטגעגען די אסימילאנטען, שטעהט נאך עד היום אויף דער טאגעס־ארדנונג פון אונזער פראגרעסיווען עפענטליכען לעבען.

אין דעם ארטיקעל: „ציוניזם אדער סאציאליזם“,—דעם שארפ־סטען אנפאל אויף דעם ציוניזם, וואס איז ווען ארויס פון אונטער מיין פעדער, — ווערט צום ערסטען מאל אין אידיש ארויסגעזאגט און אוועקגעשטעלט פאר'ן אידישען פאלק דאס פראבלעם פון נאציאנאלער גלייכבע־רעכטיגונג אין חוץ־לארץ. (אין רוסיש האב איך די פארדערונג ארויסגעזאגט אין מיין ביכעל „יעווריי ק' יעווריעיאם“ פון דעם יאהר 1892. די אידישע איבערזעצונג פון דעם ביכעל געהט אריין אין דעם זעקסטען באנד פון מיינע געזאמעלטע שריפ־טען.)

פון יענעם ארטיקעל קאן דער לעזער אויך זעהן, אז די געג־נערשאפט צו דעם ציוניזם איז שוין אויך יעמאלט געפלאסען פון איין־איינציגען מקור: פון זיין פיינדליכער שטעלונג צו די אידע־אלען און יסודות פון דער נאציאנאלער וויעדערבעלעבונג אין גלות בכלל און צו דער אידיש־סאציאליסטישער ארבייטער בעוועגונג בפרט. און אויף וויפיעל עס זיינען נאך פערבליעבען אין איהם שיריים פון יענער שטעלונג, אויף אזוי פיעל מוז ער נאך בעקעמפט ווערן אקוראט אזוי העפטיג, ווי געוועזן.

צום גליק פאר ביידע צדדים, — דעם אידישען סאציאליזם און דעם ציוניזם, — קומען אין דעם לעצטערן פאר ערנסטע אינ־ווענינגסטע ענדערונגען, דער עיקר, צווישען די פועלי־ציון, און עס איז אפשר ניט ווייט די צייט, ווען עס וועט זיך אויסבילדען א דיין אידישיסטישער ציוניזם, וואס וועט די ארבייט אין ארץ־ישראל פיהרען ניט להיפך צו דער ארבייט אין חוץ־לארץ, ווי דאס ווערט געטהאן איצטער, נאר אויף דיזעל־בינגע אידישיסטישע יסודות, ווי אין חוץ לארץ, כדי צו העלפען איהם, — דעם „חוץ לארץ“, — אין זיין „קאמפף פאר פאלק און שפראך“.

אפילו „דער פראלעטאריאט און זיין סאציאל־פאליטישער

שטאַנדפּונקט", וואָס בעהאַנדעלט אין אַ פּאָפּולערער פאָרם אַן אַל־געמיינעם וויסענשאַפטליך־סאָציאַליסטישען ענין, איז אין תוך אַ פאָרטזעטצונג פון דעם ארטיקעל: „דער בעגין פון דער אידישער ווידערראויפלעבונג". זיין צוועק איז: קלאָר מאַכען דעם סאָציאַליסטישען בליק אויף דעם מהות פון לוין־אַרבייט און פויערטום און דערמיט אָבראַמען פון וועג יענע טענות אַנטגעגען אידישע ערד־אַרבייט, וואָס שטאַמען מצד דעם שלעכט־פערשטאַנענעם מאַרקסיזם. אייניגע דערגענצונגען צו די געדאַנקען, וואָס ווערען דאָרטען ענטוויקעלט, קאָן דער לעזער געפינען אין מיין ביכעל: „דער סאָציאַליזם פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען", אַרויס־געגעבען פון דער „עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע" פון אַרבייטער־רינג, אַלס נומער 5 פון דער „אַרבייטער רינג ביבליאָטעק".

אין דער אָבטיילונג: „אויס פרעמדע לשונות" זענען אריין די מייסטע, שוין פריהער געדרוקטע איבערזעצונגען פון פרעמדע שפּראַכען. די נויטווענדיגקייט צו בעשעפטיגען זיך מיט אַזעלכע איבערזעצונגען איז פאַר מיר אַרויסגעפלאָסען פון אַ דאָפּעלטען קוואַל. איינמאָל איז דאָס געווען די נויט צו בעשאַפען אַ גוטע פּראָגרעסיווע אַרבייטער־בעלעטריסטיק. אָבער נאָך וויכטיגער איז פאַר מיר אין יענער צייט געווען צו בעווייזען, אַז אין דער אידישער שפּראַך קאָנען איבערגעגאָסען ווערן די בעסטע ווערק פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. —

דעם ערשטען מאַי 1917 ווערט צוואַנציג יאָהר, זינט עס איז געשריבען געוואָרען דער אַרטיקעל „פאַר וואָס דוקא אידיש". אי־בערבליקענדיג די צייט און די רעזולטאַטען, וואָס זענען דערגרייכט געוואָרען אין דעם קאַמף פאַר אונזער שפּראַך, קאָן ביי מיר קיין ברעקעל ספק ניט בלייבען, אַז דער וועג, וואָס איך האָב יעמאָלט פאָרגעשלאָגען דער אידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ און דער אידישער אַרבייטערשאַפט, איז אַ ריכטיגער, און אַז קיין מאַכט איז שוין ניט ביכולת, זיי אָראָבצוברענגען פון איהם.

וואָרענוויל, נ. דזש., אין יאַנואַר 1917.

# אַ בריעף פון אַ אידישען סאָציאַליסט *)

דור הולך ודור בא... אַ דור געהט נאָך אַ דור.

געווען אַ צייט, ווען דער אידישער סאָציאַליסט האָט מיט אַלע זיינע כחות געזעהן וואָס גיכער ארויסצושפּרינגען פון זיין אידיש־קייט, וואָס גיכער אראָבצוואַווארפען פון זיך דעם „פערפוילטען שימעל", אין וועלכען, נאָך זיין מיינונג נאָך, זיין פאָלק ליגט שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר. קיין איין ליכטיגען פונקט האָט ער ניט געזעהן אין דעם לעבען, דעם טראַכטען, דעם האָפען פון דעם אידי־שען פאָלק. דאָס גאַנצע אידישע פאָלק האָט אויסגעזעהן אין זיינע אויגען, ווי יענער בר־מינן, וועמען דער מכשף האָט געהייסען, אַ רגע פאַר יציאת נשמה, בלייבען אַזוי, ווי ער איז. זיינע אברים זענען שוין קאַלט, דער מוח און דאָס האַרץ — ווי אַנ'אויסגעגאַנ־גענער זייגער, די בלוטען פערגליווערט, נאָר די נשמה הענגט נאָך ערגעץ וואו אויפ'ן שפּיץ נאָז, ניט ביכולת אריבערצוטרעטען דעם מכשף'ס פערבאָט, אין איין הייסער גלודיגער תשוקה: ווען וועט שוין קומען דער בעל־שם, וואָס זאָל אראָבנעהמען פון איהר דעם מכשף'ס כשוף און זאָל זי בעפרייען פון דעם אין תוך אריין שוין טויטען גוף... און דער בעל־שם איז געקומען, און ער האָט אויסגע־שפּראָכען זיין הייליג וואָרט, און פון דעם בר־מינן איז תוך כדי דבור געוואָרען אַ הויפען מיסט...

„אַ הויפען מיסט!" קיין אנדער וואָרט האָב איך ניט אויס־צודריקען דעם קוק פון דעם אַלטען אידישען סאָציאַליזם אויף דאָס אידישע פאָלק. פון אַלץ אין דעם אידישען לעבען האָט איהם גע־שלאָגען אנקעגען דער פוילער מתים־גערוך פון דער געשטאָרבענער, נאָר ניט בעגראָבענער אומה. די רעליגיאָן — אַן אונזויסענדער, פאַנאַטישער אָבערגלויבען אין שדים, רוחות, משיח און צדיקים.

---

*) „פאָלקסשטימע", נומער 1 (1906).

דער מקור חיונה — פון ווערים, וואָס ווידמען זיך אין אַ פער׳־עפוש׳טען זומפּ. די „פּאָליטיק“ און דער קוק אויף דער וועלט — אַנגעמאָסטען און צוגעפּאַסט צו דעם לעבען פון ווערים, וואָס ווידע־מען זיך אין אַ פער׳עפוש׳טען זומפּ...

„אַנטלויפען!“ — דאָס איז געווען דער איינציגער געדאַנק, וואָס אין איהם האָט זיך אויסגעדריקט די התחיבות, די שולדיגקייט פון דער אידישער אינטעליגענץ צו דעם אידישען פאָלק... און די אויפגעקלערטע סאָציאַליסטישע יוגענד איז „אַנטלאָפען“, ווי נאָר זי האָט דערהערט דאָס הייליג וואָרט פון דעם בעל־שם — דעם סאָציאַליזם.

דור הולך ודור בא... אַ דור געהט נאָך אַ דור, און דער שפּע־טערער קריטיקירט דעם פריהערדיגען און זעהט צו פערריכטען זיינע גרייזען.

ס׳איז געווען אַ טעות צו קוקען אויף דאָס אידישע פאָלק, ווי אויף אַ פער׳כשופ׳טען בר־מינן. ס׳איז געווען אַ טעות אריינצו־לעגען אין דעם הייליגען שם, דעם סאָציאַליזם, אַ „הייב מיתה“ פאַר דאָס אידישע פאָלק. נייע מענשען האָבען אויף דאָס ניי אי־בערגעקוקט די אַלטע דאָקומענטען, זענען אריינגעדרונגען טיפער אין דער געשיכטע פון דעם פאָלק, האָבען מיט בעסערע אינסטרו־מענטען אויסגעהערט זיין דופק און האָבען געפונען: דאָס פאָלק לעבט, עס האָט נאָר קיין מאָל בדעה נישט געהאַט אוועקצוגעהן פון דער וועלט, און דער גאַנצער כשוף פון דעם מכשף איז נאָר בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט פערבלענדט די אויגען פון די זעהער, זיי זאָלען ניט זעהען דאָס, וואָס עס וואַרפט זיך בפועל ממש אין די אויגען, און דאָס הייליגע וואָרט פון דעם בעל־שם, דער סאָ־ציאַליזם, האָט לא די וואָס ניט געמאַכט פון איהם אַ הויפען מיסט, נאָר אדרבא! עס האָט געווירקט אויף איהם, ווי אַ שופר של משיח, ווי אַ טרומייט פון אויסלייזונג און בעפרייאונג, וואָס האָט אַ טריי־סעל געטאָן אַלע זיינע גליעדער, אַנגעגרייט אַראָבצוואַרפען פון זיך דעם כשוף פון צוויי טויזענד יאָהר.

ביי דער נייער אידישער סאָציאַליסטישע יוגענד, ד. ה. ביי די, וואָס זענען באמת ניי און פריש אין זייערע געדאַנקען און געפיהלען, און טאַנצען ניט נאָך דעם אויסגעעלטערטען, אויסגעוועבטען סאָ־

ציאַליסטישען שולחן־ערוך פון אונזערע טאַטעס און זיידעס, האָט זיך אין גאַנצען איבערגעביטען דער קוק אויף אונזער פאָלקס־לעבען, אויף זיין מאוים׳דיג טראַגישען ראַנגלען־זיך פאַר זיין עקזיסטענץ אויף דער וועלט, אויף זיין טראַכטען, זיין פיהלען, זיין האָפען.

קוקט זיך צו צו דער אידישער פראָגרעסיווער ליטעראַטור, צו דער ליטעראַטור אין אונזער פאָלקס־שפּראַך, וועלכע דער ס אָ־צ י אַ ל י ז ם האָט אָבגעמינטערט צו אַ געזונטען לעבען, און פערגלייכט זי מיט דער „אפּיקורסישער" ליטעראַטור פון די פריהערדיגע דורות (די „אַנטלאָפענע" האָבען, פערשטעהט זיך, קיין ליטעראַטור ניט איבערגעלאָזען), — און איהר וועט נשתומם ווערען, וואָס פאַר אַ געוואַלטיגע רעוואָלוציע עס איז שטילערהייד פאָרגעקומען אין די מוחות פון דער פּראָגרעסיווער אידישער אינטעליגענץ. וואָס דאַרפט איהר מעהר? נעהמט די אידישע רעליגיאָן און איבערהויפּט דאָס ח ס י ד ו ת. אין דער אַלטער ליטעראַטור, ווי נאָר דער מחבר פלעגט ארויסרופען אין אייער פאַנטאַזיע דאָס בילד פון אַ פרומען רב אָדער אַ חסיד מיט זיין שטריימעל און די לאַנגע געקרייזעלטע פּאות, האָט איהר שוין געקענט זיין זיכער, אַז ער, דער מחבר הייסט עס, וועט איהם באַלד אָנהויבען אויסלייענען אַ צעטעל פון חטאים, פון וועלכע די האָר שטעלט זיך קאַפּויר, אַז ער וועט באַלד נעהמען דרעשען זיין לייב מיט אייזערנע קאַמען אָדער, לכל הפּחות, דערטרינקען איהם אין אַ מבול פון וויצען.

איצטער געפינען מיר גאַנץ אַנדערע טיפּען פון פרומע און חסידישע מענשען אין דער אידישער ליטעראַטור. אַ דאַנק פּרץ׳ן, וואָס האָט, אויב איך האָב ניט קיין טעות, דער ערשטער אראָבגעוואָרפען פון זיך די קייטען פון דער אַלטער השכלה־טראַדיציע אין אונזער קונסט, האָבען זיך גענומען מעהרען אין איהר בילדער פון דעם אידישען פ אָ ל ק ס - ל ע ב ע ן, טיפּען און געשטאַלטען פון דער אַלטער, פאַר טויט פערשריענער אידישקייט, פון וועלכע עס שלאָגט אַ גאַנצער פאָנטאַן פון לעבעדיגער ענערגיע. עס מוז איטליכען ווערען קלאָר, אַז דיזעלבע שטאַרקע נאַציאָנאַלע ענערגיע, וואָס שטראָמט אין פּרץ׳ס „צווישען צוויי בערג", — אין די טיפּען און געשטאַלטען, וואָס ער פיהרט ארויס, און אין זיין ווערק גופא, — אַז דיזעלביגע שטאַרקע נאַציאָנאַלע ענערגיע, וואָס שטראָמט אין

די אָרערן פון פינסקי'ס „משה מגיד" אין זיין „פאַמיליע צבי" און אין ראַפּאָפּאָרט־אַנסקי'ס „לייוועטענעם גוטען אידען" אין זיין „אשמדאי", איז דיזעלביגע שטראָמענדיגע נאַציאָנאַלע אידישע ענערגיע, וואָס האָט זיך, נאָך דעם געזעץ פון דער פערוואַנדלונג פון דער היסטאָרישער קראַפט, ארויסגעריסען מיט אזא שטורם אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף פון'ם אידישען פּראָלעטאַריאַט און דער אידישער סאָציאַליסטישער יוגענד. זי איז מעהר נישט, ווי איבערגעגאָסען געוואָרען פון דער רעליגיעזער פאָרם אין א רעוואָ־לוציאָנערע פאָרם, ניט איין האָר ניט פערלירענדיג פון איהר אידי־שען נאַציאָנאַלען תוך.

אזא ענערגיע, אזא באמת וואונדערליכער כח קען ניט שטאַמען פון א פער'כשופ'טען בר־מינן. פון א הויפען מיסט רייסען זיך ניט ארוים קיין דונערן און בליצען.

און ניט נאָר האָט אונז די נייע ליטעראַטור בעוויזען גאַנצע קוואַלען, גאַנצע וואַסער־פאַלען פון לעבעדיגער אידישער, נאַציאָ־נאַלער ענערגיע, וואָס, ריכטיג אָנגעווענדט, העלפען זיי דרעהען די רעדער פון דער געשיכטע. זי האָט אונז ניט נאָר בעוויזען, אז אין דער פינסטערער הייל, וואוהין אונזער אויג האָט ערשט ניט לאַנג גענומען אריינדרינגען, האָט קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו שלאָגען א מעכטיגער שטראָם פון לעבענס־ענערגיע, וואָס האָט זיך ערשט ניט לאַנג ארויסגעריסען אויף דער ליכטיגער וועלט. זי האָט אונז אויך בעוויזען, אז דער שטראָם בעשטעהט אין תוך אריין פון דער זעלביגער ענערגיע, וואָס טרייבט אומעטום די רעדער פון דער גע־שיכטע און לאָזט זי ניט רוהען א מינוט ; אז אויך ער, דער אידי־שער שטראָם, נעהמט זיך פון דעמזעלביגען מקור, פון וואַנען עס פליסט די גאַנצע מענשליכע קולטור, — פון דער אייביגער מענש־ליכער תשוקה נאָך א מ ת אין זיינע קענטניסען, נאָך ש ע ה נ ק י י ט אין זיין ארבייט, נאָך י ו ש ר אין זיין לעבען...

אָך, ווען די ליכטיגע שטערען אין הימעל וואָלטען, אנשטאָט די איצטיגע פיגורען פון דעם „וואָגען", דעם „בער", און ווער ווייס נאָך וואָס פאר א דריידעל, צונויפגעשטעלט זיך אין א קלאָרען, אייביג ליכטיגען כתב, פון וועלכען די מענשען וואָלטען געקענט לייענען, וואָס איז אמת, וואָס איז ש ע ה נ ק י י ט, וואָס איז י ו ש ר!

ווען אַנשטאָט דעם „מילכיגען וועג“, וואָלט דאָרטען אייביג גע־
שיינט דאָס בילד פון דעם ר י כ ט י ג ע ן וועג! וויפיעל וואָלט דאָס
פערשפּאָרט דער מענשהייט קאָפּדרעהעניש און הארצמאַטערניש;
ס'וואָלט אפשר פערשפּאָרט געווען די גאַנצע געשיכטליכע ענטוויק־
לונג... אַ נארישער וואונש! איך האלט אין דעם פונקט מיט
לעסינג, וואָס האָט געזאָגט, אַז אויב דער אויבערשטער וואָלט איהם
אויף אויסצוקלייבען אין איין האנד אויסגעשטרעקט דעם הוילען,
קלאָרען, „אמת'ן“ אמת און אין דער אַנדער האנד דעם אייביג־ברע־
נענדיגען, אייביג ניט געשטילטען ד אַ ר ש ט צו דעם אמת, וואָלט
ער גענומען די אַנדער האנד און וואָלט געענטפערט: רבונו של
עולם! דער הוילער, קלאָרער „אמת'ער“ אמת איז ניט פאר אונז,
זינדיגע מענשען. אונז גיב די ת ש ו ק ה צו דעם אמת, וואָס ווערט
אייביג ניט פערלאָשען...

פערשיעדען איז דער אמת, וואָס די מענשען מיינען, אָט־אָט
האָבען זיי איהם געפונען אויף קלאָר. פערשיעדען, נאָך דער צייט
און נאָך דעם אָרט, נאָך די פעלקער און נאָך די קלאַסען, נאָך די
רעליגיאָנען און נאָך די פּאַרטייען, נאָך דעם מהות פון דעם, וואָס
זוכט איהם און געפינט איהם. נאָר־וואָס געפונען, בעוויזט זיך
אין איהם דער וואָרעם פון קריטיק, וואָס עסט איהם אויס און פוילט
איהם אויס. אייביג און גלייך פאר אַלע עהרליכע מענשען און
איידעלע נאַטורען איז אָבער דערפאר די ליעבשאַפט צו איהם, דאָס
בייגקען נאָך איהם, דאָס וועלען איהם דערגרייכען, איטליכער נאָך
זיין כח, נאָך זיינע קענטניסען, נאָך זיין השגה. און אויך אין דער
פינסטערער הייל פון דעם אידישען לעבען אין גלות האָט, מיט אַ
משונה'דיג לייכטענדיגען פלאַקער, געברענט דיזעלביגע אַלגעמיין־
מענשליכע תשוקה אין די הערצער פון די איידעלע, פון די בעסטע.
אָט דאָס האָט אונז בעוויזען די ניי־אידישע ליטעראַטור, אָט דאָס
האָט געהאָלפען איבערבייטען אונזער קוק אויף דאָס אידישע פאָלק.

איך וויים, אַז אַ טייל פון מיינע לעזער זענען שוין גרייט
ארויסצונעהמען פון טאַש דעם פאַרטיגען תירוץ אין דער אייביג־
אידישער פאָרם פון אַ קשיא: „און ווער הייסט אייך גלויבען די
פּרץ'ם, די פינסקי'ם, די אַנסקי'ם אויפ'ן וואָרט?“

גערעכט, ליעבער לעזער! בלויז אויפ'ן וואָרט זאָלסטו קיי־

נעם ניט גלויבען; נעהם מאַקי, זיי מוחל, און זעץ זיך אוועק, ווי דער סדר איז, אויסשטודירען אונזער געשיכטע, אַלע די ספרים, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט בעשאַפען. נעהם, לכל הפחות, פאַרש אויס איין איינציגע צייט פון אונזער געשיכטליכען לעבען, — די טונקעלסטע, די פון אַלע משכילים פערשאָלטענסטע, די צייט, אויף וועלכע אונזערע גרעסטע׳ס קוקען מיט קרומע אויגען, ווייל נאָך זיי נאָך קומט אויס, אַז אין דער צייט איז דער אידישער געדאַנקען פערגרעבט געוואָרען און פערקראָכען אין א פוילען זומפּ. — איך מיין די צייט פון די חסידות. און קוק זיך צו, ווער עס האָט זי בעסער פערשטאַנען: אונזערע אַלטע „אפיקורסים״ (די ערד זאָל זיי זיין לייכט!), אָדער אונזער יונגער ליטעראַרישער דור...

און כדי צו בעווייזען, אַז איך מיין חלילה ניט קיין שפּאַס מיט מיינע רייד, און כדי אפשר צוגעבען חשק צו אַזאַ מין אַרבייט, וויל איך דאָ ברייננען א גאַנץ קליין ברעקעלע פון א חסידישער מעשה׳לע, וואָס אויף איהר האָבען זיך דערצויגען, וואָס פון איהר האָבען גע־צויגען יניקה אפשר מיליאָנען אידישע נשמות פאַר די לעצטע פינף און זיבעציג יאָהר. איך מיין דאָ די אין טויזענדער עקזעמפּלאַרען פערשפּרייטע חסידישע „מעשה משבעה בעטלערם״ (א מעשה פון זיבען בעטלערס) מיט איהר בעל־העגלה׳דיגען לשון־קודש, מיט איהר „כי יש רחמנות גדול עליו״ („עס איז א גרויסער רחמנות אויף איהם״), מיט איהר „ויש בכאן מעשה שלמה״ („און עס איז דאָ אין דערין א גאַנצע מעשה״), מיט איהר „איך לוקחין לכאן את אותו הבעטליר״, („ווי נעהמט מען אהער יענעם בעטלער״), וואָס האָ־בען אַזוי שרעקליך־מיאוס געגרילצט אין די אויערן פון אונ־זערע משכלים — בעלי המליצה, און פון וואַנען עס לויכטען אונז איצטער אַנקעגען די קינדיש־ריינע אויגען פון דער קינדיש־ריינער „בעל־העגלה׳דיגער״ נשמה. איך וויים ניט, אויב אין דער גאַנצער וועלטליכער סימבאָלישער ליטעראַטור, איך מיין, אין יענעם טייל פון ליטעראַטור, וואָס זוכט אויסצודריקען אין ביל־דער, משלים און רמזים וועלט־געדאַנקען און וועלט־געפיהלען, ווע־לען מיר געפינען (אפשר איין מעטערלינק אָבגערעכענט) א גלייכען צו איהר, צו דער חסידישער מעשה׳לע פון די זיבען בעטלער, וואָס

שטאַמט אפשר פון דעם געניאַלען בעל־העגלה אַליין, פון דעם בעל־שם, דעם פאָטער פון דער חסידישער בעוועגונג...

דער שטאַמעלדיגער בעטלער דערצעהלט: ער געהט אום און קלייבט צונויף אַלע טאָג אַלע אמת׳ע גענאָדען (חסדים של אמת) און ברייננט זיי צו דעם גרויסען מאַן, דעם מאַן פון אמת׳ען גענאָד, און ער, דער מאַן פון אמת׳ען גענאָד, שפּינט פון זיי אויס די צייט, און דער עיקר פון דער צייט איז פון די אמת׳ע גענאָדען. („ועיקר התהוות הזמן הוא ע״י החסדים של אמת״).

„און איטליכע זאַך״, דערצעהלט ווייטער דער שטאַמעלדיגער בעטלער, „האָט אַ הארץ, און אויך די גאַנצע וועלט האָט איהר הארץ. און דאָס הארץ פון דער וועלט איז איין גאַנצען פאר זיך אַ געשטאַלט מיט אַ פּנים, מיט הענד און מיט פיס, אַזוי אַז דער נאָגעל פון דעם פוס פון דעם הארץ איז הארציגער, איידער אַנ׳אַנדערס הארץ. און דאָס הארץ פון דער וועלט שטעהט אויף איין עק פון דער וועלט, און אויף דעם אַנדער עק פון דער וועלט איז דאָ אַ באַרג, און אויף דעם באַרג איז דאָ אַ שטיין, און פון דעם שטיין שלאָגט אַ קוואַל. און דאָס הארץ שטעהט אַנקעגען דעם קוואַל, און גלוסט, און בענקט תמיד נאָך איהם, און חלש׳ט, עס זאָל קומען צום קוואַל, „און דער קוואַל גלוסט צו דעם הארץ אויך״. און די אייביגע בענקשאַפט פון דעם הארץ פון דער וועלט ווערט נאָך פערשטאַרקט דורך דעם, וואָס די זון ברענט עס און יאָגט עס צו דעם קוואַל און מאַכט נאָך ווילדער, „זיין תשוקה און זיין ליעבשאַפט און זיין אויסגעהן, וואָס עס געהט אויס נאָך דעם קוואַל, ווייל ער שטעהט תמיד אַנקעגען איהם״ (מן גודל ההשתוקקת והגעגועים שהוא מתגעגע וכוסף תמיד ומשתוקק מאד בכלות הנפש אל אותו המעין וצועק וכו׳ כי הוא עומד תמיד כנגד המעין הנ״ל וצועק נא גיוואלד ומשתוקק אליו מאד כנ״ל״). און אַז דאָס הארץ דאַרף אַביסעל אָברוהען, יעמאָלט קומט אַ גרויסער פויגעל און שפּרייט פאַנאַנדער זיינע פליגלען אי־בער איהם און פערשטעלט איהם פון דער זון, און יעמאָלט ווערט איהם אַ ביסעל גרינגער („ואז יש לו נייחא קצת״); אָבער אויך בשעת׳ן אָברוהען לאָזט עס ניט אַראָב די אויגען פון קוואַל, און עס ציהט איהם צו איהם. אָבער געהן צום קוואַל קען דאָס הארץ ניט, ווייל ווי נאָר עס וויל געהן און זיך דערנעהנטערען צום באַרג,

אזוי ווערט פערשטעלט פאר זיין אויג דער שפיץ פון דעם שפּוי, און ער זעהט ניט מעהר דעם קוואל, און אויב ער זאָל ניט זעהן איין רגע דעם קוואל, געהט איהם אין גאנצען אוים דאָס חיות, „ווארום זיין גאנצער חיות איז פון דעם קוואל“ („כי עיקר חיותו הוא מן המעין“). שטעהט עס אנקעגען דעם בארג, זעהט עס דעם שפיץ פון דעם שפּוי פון דעם בארג מיט דעם קוואל, וואָס פליסט פון איהם, לויפט עס אָבער צו איהם, קאָן עס ניט זעהן דעם קוואל, און יעמאָלט קען איהם די נשמה חס ושלום אויסגעהן. „און אז דאָס הארץ וואָלט חס ושלום געשטאָרבען, וואָלט די גאנצע וועלט בטל געוואָרען, ווארום דאָס הארץ איז דאָס חיות פון איטליכער זאך און אודאי קען קיין זאך קיין קיום ניט האָבען אָהן א הארץ“ („וכשזה הלב הי' מסתלק ח"ו אזי יתבטל כל העולם כולו. כי הלב הוא החיות של כל דבר. ובודאי אין קיום בלא לב“). און אין דעם קוואל גופא איז ניטאָ קיין צייט, ווייל ער איז גאָר ניט אין דער צייט, און זיין דער צייט שטאמט פון דעם, וואָס דאָס הארץ שענקט איהם א מתנה יעדען טאָג א טאָג, אלץ וואָס דאָס הארץ פארמאָגט אין צייט. און אז דער טאָג האלט שוין ביים אויסגעהן, און זיי פיהלען, אז ווען דער טאָג וועט אויסגעהן, וועט אויפהערען צו שלאָגען דער קוואל, און דאָס הארץ וועט בלייבען שטיל, און די וועלט מוז אין גאנצען בטל ווערען, הויבען זיי אָן, דאָס הארץ און דער קוואל, צו זענענען זיך, איינס מיט דעם אנדערען, און „הויבען אָן זינגען איינע די אנדערע וואונדערליכע ליעדער, מיט שטארקער ליעבשאפט און גרויסער בענקשאפט זעהר און זעהר“ („ומתחילין לומר הידות ושירים שקורין לודיר נפלאים זה לזה באהבה רבה והשתוקקת גדול מאד, מאד“). און עס איז פאראן א מאן, „דער מאן פון דעם אמת'ען גענאָד“ (איש הסד האמת), ער איז דער משגיח אויף דערויף. און אז דער טאָג האלט שוין בפועל ממש ביי'ם אויסגעהן, אָט־אָט הערט ער אויף, שענקט דער מאָן פון אמת'ען גענאָד נאָך א טאָג דעם הארץ, און דאָס הארץ שענקט איהם ווידער צו דעם קוואל. און אז דער טאָג קומט פון וואנען ער קומט, געהט ער אויך מיט וואונדערליכע ליעדער, וואָס אין זיי זענען אלע חכמות... און די גאנצע צייט, וואָס דער מאן פון אמת'ען גענאָד האָט, האָט ער דאָס דורך איהם, דעם שטאָמעלדיגען בעטלער, וואָס

קלייבט אויף אלע טאָג די חסדים של אמת און ברייננט זיי צו דעם איש חסד האמת". *)

וואָס האָט געמיינט דער מוהר"ן, דעם בעל־שם'ס אייניקעל, אָדער אפשר דער בעל־שם אליין מיט דער מעשה'לע? די חסידים זאָגען, אין איהר שטעקען „סודי סודות" און „רזי דרזין", וואָס נאָר אפשר דער רבונו של עולם אליין איז ביכולת זיי קלאָר צו פערשטעהן. געוויס האָט דער מחבר געהאַט ז י י נ ע געדאַנקען אין זינען, בעת ער האָט אויסגעמאָלט דאָס שענע בילד, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס געבראַכט כמעט מיט דיזעלביגע ווערטער, ווי אין טעקסט גופא. אָבער אזוי איז שוין די טבע פון אַ טיעף פּאָעטישען סימבאָלישען ווערק. עס איז ווי די מוזיק, וואָס רופט ארויס אלגעמיין מענשליכע געפיהלען, און יעדען אייצעלנעם מענשען קען זיך דערביי טראַכטען זיינע געדאַנקען, וואָס פּאַסען צו די געפיהלען. בערג און בערג פון פּירושים, רעליגיעזע, מעטאַפיזישע, פילאָזאָפישע, קינסטלערישע, מאָראַלישע קען מען אריינטייטשען אין די רייד פון דעם שטאַמעלדיגען בעטלער, און אלע וועלען זיי זיין אמת, אויב זיי וועלען ניט פונאַנדעררייסען דאָס בילד.

אָבער לעגט אוועק אלע פּירושים אָן אַ זייט. שטעלט אייך אויף אַ רגע פאָר, עס איז באמת דאָ אַ שטאַמעלדיגער בעטלער, וואָס קלייבט אלע טאָג צונויף די חסדים של אמת, וואָס שפּינט פון זיי אויס צייט („און די צייט האָט געוועבט איהר לאנגען, איהר כ ש ר ' ע ן פאָדעם", דערמאָנט זיך אונז פרץ'ס א פערז), און עס איז באמת דאָ אַ הארץ פון דער וועלט, וואָס געהט אויס פון תשוקה צו אַ הויכען־הויכען קוואל, און זיי זענען איינע פון די אנדערע אָבגעטיילט דורך אַ גאַנצע וועלט, און זייער לעבען, ווי דאָס לעבען פון דער גאַנצער וועלט, העננט אויף אַ האָר, ביז דער שטאַמעלדינער בעטלער וועט ווידער צונויפקלייבען חסדים של אמת, וואָס קלעקען מעהר ניִשט, ווי אויף אַ טאָג, און — בעט ו ו א ג נ ע ר ' ן ער זאָל אָנשרייבען די מוזיק צו די ליעדער, מיט וועלכע דאָס הארץ פון דער וועלט און דער קוואל, — וואָס איז ניט פון ד ע ר וועלט,

*) זעה דעם ספר „סיפּורי מעשיות", מה שזכינו לשמוע מפי רבינו הקדוש... נחמן זצוק"ל מברסלוב, נכד הבעש"ט. לעמבערג, 1902, דף ע, ע"א.

וואָס דאָ, אין דער זינדיגער וועלט, מוז ער, נעבעך, אָנקומען צו געשענקטע צייט, — זעגענען זיך איינע מיט דעם אנדערן פאַר'ן פערלאָשען ווערען אויף אייביג, — און זאָגט באמת, אויב דאָס בילד אליין איז ניט ווערט אויפגענומען צו ווערען בכבוד גדול צווישען די שעהנסטע בילדער פון דער אלוועלטליכער פּאָעזיע.

„הויפענס פון מיסט" בעשאַפען ניט אַזעלכע בילדער... אין „הויפענס פון מיסט" וועט איהר ניט געפינען דעם ב ר ע נ ע נ ד י ג ע ן  וו ע ל ט ־ ש מ ע ר ץ, וואָס איז אויסגעדריקט אין דער קליינער מעשה'לע פון דעם שטאַמעלדיגען בעטלער; דעם וועלט־שמערץ, וואָס מאַכט שפּראָצען ביי דער מענשהייט די פּאָעזיע פון בייראָן און היינע, געטהעס „פויסט", און וואָס האָט איהר ש ו ר ש אין דעם אייביגען בענקען פון דעם מענשען נאָך דעם העכסטען קוואַל, וואָס גיט איהם כחות צו לעבען, וואָס דערהאַלט אין איהם דאָס חיות. ווי איהר זאָלט ניט אָנרופען יענעם העכסטען קוואַל: גאָט, אָדער ליעבע צו אייער פאָלק, אָדער גלויבען אין סאָציאַליזם, אָדער קונסט, אָדער פרייהייט, אָדער וויסענשאַפט, אָדער שעהנקייט — דאָס זיינען אַלץ פערשיעדענע נעמען, פערשיעדענע געשטאַלטען פון דעם מענשליכען אידעאַל, צו וועלכען עס טרייבט איהם שטענדיג, וועלכען ער וועט קיינמאָל ניט דערגרייכען, — וויל, ווען ער דערגרייכט איהם, וואַקסט פון איהם אַרויס אַ נ י י ע ר אידעאַל, — אָבער אָהן וועלכען ער קען נישט לעבען איין מינוט.

לאָז זיין, ווי קאַרל מאַרקס וויל, אַז אין איהם דריקט זיך אויס מעהר נישט, ווי דאָס לעכצען פון די שטענדיג מעהר געוואַקסענע פּראָדוקטיוו־קרעפטען נאָך אַ שטענדיג מעהר געוואַקסענעם מאַרק פאַר סחורות. אין דערזעלביגער צייט לעכצען זיי שוין יעצט נאָך אַ העכערען ציעל (אידעאַל בלע"ז) — אַנ'אַנדער אָרדנונג פון דער געזעלשאַפט, וואָס זאָל קענען געבען אַ פרייען פלאַץ פאַר זייער ענטוויקלונג, וועלכע וואַקסט פון טאָג צו טאָג („וואָס זאָל זיין מסוגל מקבל צו זיין די השפעה פון דעם מעין הנובע", — וואָלט איך געזאָגט אין חסידות). לאָז זיין אַזוי. דערפון, ד. ה. פון דער מאַטעריאַליסטישער אויסטייטשונג פון דער געשיכטע, אויב מען פערשטעהט זי נאָר ניט אַזוי מגושמ'דיג פשוט, ווי דער מאַרקסיסטישער המון־עם וויל, נאָר אַזוי, ווי מאַרקס אַליין האָט זי פער־

שטאַגען, — דערפון, זאָג איך, ווערט אַ האָר ניט געמינערט פון דעם פאַקט, אַז די מענשהייט יאָגט זיך נאָך אַלץ העכערע אידעאַלען, וואָס וואַקסען מיט איהר גופא, מיט איהרע פּראָדוקטיוו־קרעפטען און מיט איהרע גייסטיגע קרעפטען, מיט איהר גשמיות און מיט איהר רוחניות, און וואָס העכער זי שטייגט צום הימעל, אַלץ העכער און ברייטער און שעהנער ווערט דער הימעל איבער איהר קאָפּ, וואָס פיהרט צו דעם „אין סוף", צו דער אונענדליכקייט...

איך בלעטער ווידער דורך די מעשה'לע מיט די זיבען בעטלער, און אין די אויגען פאַלט נאָך אַ בילד, וואָס פּאַסט מיר צו מיין ענין.

דער בעטלער מיט דעם קרומען האַלז דערצעהלט (איך ציטיר נאָך דעם גאַליציישען „עברי־טייטש", נאָר מיט אונזער אָרטאָגראַפיע) : „סע איז פאַראַן צוויי מדינות. און די צוויי מדינות זיינען ווייט איינע פון דער אנדערער טויזענד מייל. און דאָרטען אין די צוויי מדינות, אַז עס קומט די נאַכט, קען מען ניט שלאָפען, וואָרום, אַז עס ווערט נאַכט, אַזוי הויבען זיי אַלע אָן צו קלאָגען מיט אַ קול יללה אנשים ונשים וטף, וואָרום ביי נאַכט הערט מען דאָרט אַ קול יללה (דהינו אַ וויינענדיג קול פון קלאָגען), און מחמת דעם מוזען זיי אַלע דאָרט אָנהויבען צו קלאָגען, מענער און ווייבער און קליינע קינדער. „אַז עס זאָל ליגען אַ שטיין, וואָלט ער צוגאַסען געוואָרען", און דאָס וויינענדיג קול פון קלאָגען קומט פון דעם, וואָס „עס איז פאַראַנען צוויי פויגעל, איינער אָן ער און איינע אָ זי, און די פויגעל זיינען נאָר איין פּאָר אויף דער וועלט. איז די זי פערפאַלען געוואָרען, זוכט ער זי און זי איהם, האָבען זיי זיך זעהר לאַנג געזוכט איינס דאָס אנדערע, ביז זיי זיינען פּעראירט געוואָרען, און זיי האָבען געזעהן, אַז זיי קענען זיך שוין ניט געפינען איינס דאָס אנדערע, זיינען זיי געבליבען שטעהן און זיי האָבען זיך געמאַכט נעסטען. דער ער האָט זיך געמאַכט אַ נעסט לעבען איין מדינה פון די צוויי מדינות, און ניט רעכט נאָהענט, נאָר ווערליג דאָס קול פון דעם פויגעל הייסט דאָס נאָהענט, וואָרום פון דעם אָרט, וואו ער האָט זיך געמאַכט אַ נעסט, קען מען שוין הערען זיין קול אין דער מדינה. און אַזוי האָט די זי אויך געמאַכט אַ נעסט לעבען דער אַנדער מדינה, ד. ה. אויך ניט אַזוי רעכט נאָהענט,

נאָר פון דאָרט קען מען שוין הערען איהר קול. און אז עס קומט די נאכט, אזוי הויבען אָן די פאָר פויגעל צו קלאָגען, ער קלאָגט אויף איהר און זי אויף איהם. אָט דאָס איז דאָס קול יללה, וואָס מען הערט אין די צוויי מדינות וואָס מחמת דעם קול מוזען זיי אַלע קלאָגען דאָרט און קענען ניט שלאָפען"*).

ווידער דערזעלביגער מאָטיוו פון ליעבע און בענקשאַפט צווישען צוויי, וואָס זיינען פאַר טויזענדער מיילען ווייט איינער פון דעם אנדערען אָבגעריסען אפשר אויף אייביג; דערזעלביגער היינע'שער מאָטיוו פון דעם טענענבוים, וואָס שטעהט איינער אליין אין ווייטען צפון און בענקט אין חלום נאָך דעם טייטעלבוים, וואָס שטעהט איינער אליין אין ווייטען דרום און בענקט אין דער איינזאמקייט, אקוראט ווי ער! נאָר ביי היינע'ן איז דער מאָטיוו געוואָרען איידעל און דין, ווי איינגעמאטערט, ווי א "קול דממה דקה" באלד ביי'ם אויסגעהן, און דערפאר ווירקט ער אויף אונז, פעראיידעלטע מענשען, נאָך שטארקער, איידער אין דער חסידישער מעשה, וואו ער פילדערט ("צועק נא געוואלד!"), ווי די מוזיק אין א וואגנערשער אָפּערע...

פאר וואָס פילדערט דאָס געפיהל אזוי אין דער גאנצער חסידישער פּאָעזיע? דאָס געפיהל שטאמט געווים פון דערזעלביגער הייליגער אונצופריעדענהייט, וואָס טרייבט די מענשהייט אלץ פאָראויס, פון דערזעלביגער אלגעמיין מענשליכער בענקשאַפט, מיט וועלכער זי רייסט זיך צו דעם, וואָס איהר איז ליעב און טייער.

אָבער ביי דעם אידען מישט זיך נאָך צו די ספּעציעלע נאַציאָנאַלע בענקשאַפט צו דער אלגעמיינער מענשליכער בענקשאַפט. די פערוואָגעלטקייט אין גלות, די אָבגעריסענהייט פון דעם לאנד, דער יתום־געפיהל, וועלכער נעהמט איהם דורך טאָג טעגליך, גיסט אריין אין זיין נשמה נייע קוואלען פון יסורים, וואָס גיסען זיך צונויף אין איין שטראָם מיט דעם אלגעמיין־מענשליכען פערלאנג נאָך א בעסערען לעבען אויף דער וועלט און מיט זיין זיכערער האָפנונג, אז זיין פערלאנג וועט מקוים ווערען. נעהמט אין האנד זיינע סליחות, די וואונדערליכע נאציאָנאלע עלעגיעס פון דעם אידי־

*) דאָרטען גופא, דף ע"ב עמוד ב' און דף ע"ג.

שען פאָלק, די האַרץ־צורייסענדע קלאָג־ליעדער אויף זיין לאגע, אין וועלכע איין איינציגער מאָטיוו פערהילכט אלע אנדערע: „מאז ועד עתה הננו נדחים, נהרגים ונשחטים ונטבחים"...

„פון יעמאָלט אָן און ביז איצטער זענען מיר פערשטויסען, גע'הרג'עט און געקוילעט און געשאָכטען"...

מיט א בעזונדער צער, וואָס לעגט זיך, ווי א געדיכטער וואָל־קען אויף דער נשמה און פערפינסטערט די ליכטיגע זון, קלינגט דוקא אין אונזער געבילדעטען צוואנציגסטען יאָהרהונדערט דער אייבי־גער געשריי: „לעינינו עשקו עמלינו, ממושך וממורט ממנו, נתנו עלם עלינו, סבלנו על שכמנו, עבדים משלו כנו, פורק אין מידם". „פאר אונזערע אויגען גערויבט אונזער מיה, געריסען פון אונז און געצויגען, געלעגט אויף אונז זייער יאָך, וואָס מיר האָבען שווער געליטען אויף אונזערע אקסלען, קנעכט געהערשט איבער אונז, ניטאָ, ווער ס'זאָל אויסלייזען פון זייערע הענד"... און עס דוכט, דאָס פאָלק אליין, וואָס יהודה הלוי האָט שוין לאנג־לאנג אָנגע־רופען „דאָס האַרץ פון דער וועלט", הויבט אָן צו זיין אין ספק, אויב זיינע כחות וועלען דאָס אויסהאַלטען. אפשר קען חלילה קו־מען א צייט, ווען דער שטאַמעלדיגער וועט אין דער גאנצער וועלט ניט קענען צונויפקלייבען אזוי פיעל „חסדים של אמת", וואָס זאָלען קלעקען כאָטש אויף איין טאָג לעבען... און פערדעקענדיג דעם קאָפּ מיט'ן טלית, און צופאַלענדיג האלב פער'חלש'ט צום שטענ־דער, בעט און וויינט „דאָס האַרץ פון דער וועלט": „אל תשליכנו לעת זקנה, ככלות כחנו אל תעזבנו". „וואַרף אונז ניט אין דער צייט פון עלטער; בעת די כחות געהן אויס, פערלאָז אונז ניט".

פיהלט דאָס פאָלק גופא, אז אונזערע כחות האַלטען שוין אפשר ביי'ם סוף? אָ, בשום אופן ואופן ניט! אין דיזעלביגע סליחות געפינט איהר די פלאַם־פייערדיגע האָפנונג, אז זיינע ליידען זענען מעהר נישט, ווי אויף א צייט, אז די גאולה מוז קומען. אויף וויפיעל דאָס פאָלק ציטערט נאָר ארויפצולאָזען אויף דעם געדאנ־קען, אז זיין ראָליע איז שוין אויסגעשפיעלט, קען מען זעהן פון די פאָר שורות, וואָס איך ברייננ דאָ פון דעם לשון־קודש'דיגען פירוש אויף דער „מעשה משבעה בעטלערס":

„און דער עיקר, פאר וואָס ער (דער „בעל־דבר", ד. ה. דער

שטן, דאָס פּרינציפּ פון אַל׳דאָס בייז אויף דער וועלט. זש.) שטאַרקט זיך אַזוי, איז ווייל ער וויל אַריינוואַרפען דאָס אידישע פאָלק, חס ושלום, אין די הענד פון אלטקייט און שוואַכקייט, חס ושלום, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען שוין לאַנג, חס ושלום, אַלט געוואָרען, זענענדיג אין גלות אַזא לאַנגע צייט, וויפיעל הונדערטער יאָהר, ביז עס האָט, חס ושלום, זיך אויסגעלאָזען יעדע האָפנונג, חס ושלום"*).

איך וויים גאַנץ גוט, אַז דער גלויבען פון דעם פאָלק אין זיין קיום אויף דער וועלט איז פאַר אונז נאָך קיין בעווייז ניט, אַז עס האָט געגוג כחות צו לעבען און צו קעמפּפען פאַר אַ בעסערען לעבען אויף דער וועלט. און אויך פערשטעהט יעדער בר־דעת, אַז עס קאָן אונז ניט אַריין אין זינען אויפצובויען די טעאָריע פון׳ם אידישען סאָציאַליזם אויף די כמעט שוין אין גאַנצען איינגעזונקענע זיילען פון חסידיזם און דער אידישער רעליגיאָן בכלל. „חס ושלום" !

וואָס מיר ווילען אויספיהרען מיט אונזער בריעף, איז מעהר נישט, ווי איין קליינער געדאַנק, — דער געדאַנק, אַז מיר קענען שוין מעהר ניט קוקען אויף דאָס אידישע פאָלק מיט די אויגען פון אונזערע אַפּיקורסישע טאַטעס און זיידעס, וואָס האָבען געזעהן אין איהם מעהר נישט, ווי אַ פער׳כשופ׳טען בר־מינן, וואָס אַט־אַט ווערט ער צופאַלען אין אַ „הויפען מיסט", גוט נאָך, ווי עס איז, צו בעמיסטיגען די פעלדער פון דער מענשהייט...

וואָס טיפער אונזער דור איז אַריינגעדרונגען אין דער פאָלקס־נשמה, אין זיין געשיכטע, זיין גלויבען, זיין פאַנטאַזיע, זיין פילאָזאָפיע, אַלץ מעהר האָט ער צו זיין אייגענעם וואונדער געפונען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן ניט מיט אַ הויפען פערוועלקטע בלעטער פון אַ בוים, וואָס האָט אַ מאָל געלעבט, און איצטער איז ער אין

*) דאָרטען גופא, „לקוטי הלכות על המעשה משבעה בעטלירס", דף כ"ה : „כי עיקר התגדלות (של חבע"ד) הוא שרוצה להפיל את ישראל ח"ו לידי זקנה ותשות כח ח"ו כאלו כבר ח"ו נזקנו בהגלות זה זמן רב כ"כ במה וכמה מאות שנים עד שח"ו אפס תקות ח"י".

גאנצען אויסגעפוילט געוואָרען ביז צו די וואָרצלען, נאָר מיט אַ נ אָ ך ג א נ צ פ ר י ש ע ן ב ו י ם, וועמענס וואָרצלען עס זענען לעבעדיג און פריש, ווען אפילו זיי זענען פערפלאַנצט אין אַ פערגיפטעטען זומפּ, וואָס מחמת דעם טרייבען זיי אַ סך פער־סם׳טע זאפט אין זייגע צווייגען און בלעטער...

דור הולך ודור בא... איין דור יאָגט דעם אנדערען, אָבער ער פערטרייבט איהם ניט גאנץ מיט אַ מאָל. דאָס נייע מוז תמיד האַלטען מלחמה מיט דעם אַלטען, און דאָס אַלטע גיט זיך ניט אונטער אזוי גיך, שטעהט ניט אָב אזוי פלינק פון די פּאָזיציעס, וועלכע עס האָט פערנומען.

מיט אַ יאָהר דריי־פינף צוריק האָט מען געקענט מיינען, אַז די אידישע סאָציאַליסטען האָבען זיך שוין לגמרי אָבגעזאָגט פון זייער אלטען קוק אויף דאָס אידישע פאָלק און פון זייער „צונויפ־גיסונגס־טעאָריע", פון וועלכער קינדער אין די גאסען האָבען שוין געמאכט חוכא וטלולה. איצטער ווייזט זיך ארויס, אַז דער אַל־טער אידישער סאָציאַליסטישער דור איז געווען מעהר נישט, ווי פערטויבט דורך דעם ליאַרעמדיגען שטראָם פון אידישער נאַציאָ־נאַלער ענערגיע, וואָס האָט זיך פּלוצלונג אַ גאָס געטאָן אין די לעצטע פינף־צעהן יאָהר. דער אַלטער דור איז ווידער געקומען צו זיך. ער קעמפּפט זיין מלחמה אונטער פערשיעדענע פאָהנען, און איהם האָט זיך שוין איינגעגעבען מטושטש צו מאכען אפּולע מחות פון דעם נייעם דור.

עס איז אונזער חוב נאָך אַ מאָל ארויסצוגעהן אין קריעג אַנ־קעגען איינענע טאטעס און עלטערע ברידער, נאָך אַ מאָל דורכצו־נעהמען די פראגע וועגען אידישען נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם און אָבגעבען אונז גופא אַ קלאָרען דין־וחשבון, פאר וואָס מיר, סאָ־ציאַליסטען, ארבייטען פאר דער אידישער ווידערבעלעבונג און מיט וועלכע מיטלען מיר ווילען זי דערגרייכען.

מיט קאַלטע לאָגישע חשבונות דאַרף מען זעהן צו פערענט־פערן די שאלות. אָבער זאָגען ווילען מיר קודם כל, אַז ניט קאַלטע לאָגישע חשבונות האָבען אונז צוריקגעפיהרט צו אונזער פּאָלק.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

און אויך ניט דער „צער בעלי חיים'דיגער" געפיהל פון רחמנות צו א הויפען גלאַט אזוי דערנידריגטע, דערשלאָגענע און דערטראָטענע, — נאָר דאָס גרוים און טיעף דרך־ארץ פאר א גרויס פאָלק, וואָס ליגט, געשמידט אין קייטען; די הייסע ליעבע צו איהם, וואָס פערדינט זי, און דער שטאָלצער געדאנקען, אז מיר אליין געהערען צו איהם, אז אויך פון אונזערע כחות, ווי קליין זיי זאָלען ניט זיין, הענגט אָב, זיין שטים זאָל ווידער דערהערט ווערען אין דעם גרויסען קאָנצערט פון די פעלקער, וואָס מען רופט איהם: די געשיכטע פון דער מענשהייט.

---

לעמבערג, נאָוועמבער, 1906.

# פאר וואס דוקא אידיש *)

### א קליינע הקדמה.

דעם קליינעם ארטיקעל, וואס איך גיב דא איצטער פאר די אמעריקאניש־אידישע לעזער, האב איך פאר דריי יאהרען גע־שריבען פאר די רוסיש־אידישע לעזער און אויף דעם שער־בלעטעל זיינען געשטאנען נאר די דאזיגע שורות: „א פאר ווערטער, וואס אויב מען וויל קען מען זיי בעטראכטען פאר א הקדמה צו דעם ביכעל, וואס מיר גיבען דא ארויס, און צו אלע אנדערע ביכלעך, וואס מיר האפען ארויסצוגעבען". ווי דער לעזער זעהט, האט דער ארטיקעל בעדארפט זיין א הקדמה צו אן אנדער ווערק, וואס איז שוין פארטיג געווען צום דרוק, און נאך א פאר זאכען האבען גע־זאלט ארויסגעגעבען ווערען פון א „גרופע אידישע סאציאליסטען אין אויסלאנד". איך וויל דא אין מיין „הקדמה צו דער הקדמה" זיך ניט אריינלאזען אין ערקלערונגען, וועלכע צוועקען די „גרופע" האט געהאט אין זינען, פון וועלכע מענשען זי איז בעשטאנען און פאר וואס עס האט זיך פון דעם גאנצען עסק אויסגעלאזען א בוידעם. אויף דער עלטער — אם ירצה השם! — וועל איך דער־פון מאכען א קאפיטעל פאר דעם „ספר הזכרונות" פון דעם אידי־שען סאציאליזם. איך דרוק דא דעם ארטיקעל (צום צווייטען מאל) אב, ווייל מיר דוכט אז די געדאנקען, פאר וועלכע איך שטעל מיך דא איין, זענען נאך ניט גאנץ פערעלטערט און קענען נאך אפשר וועמען עס איז בריינגען א נוצען.

איך האב פריהער געהאט בדעה דעם ארטיקעל אביסעל צו פערבעסערען און אויסצומעקען פון איהם די אנאכראניזמען, דער־נאך איז ביי מיר געבליבען — מחמת טעמים וואס זענען פאר דעם

*) געדרוקט אין „פארווערטס", 1900. אונטער דעם פסעוודאנים בן־אהוד.

לעזער ניט אינטערעסאַנט — צו לאָזען דעם אַרטיקעל, אַזוי ווי ער איז געווען געשריבען. דעריבער בעט איך דעם לעזער צו גע-דענקען, אַז אויף דעם „כתב־יד“ איז געשטאַנען דער דאַטום: „מוצאי ראש חדש מאי 1897“.

---

מיט אַ יאָהר פינף צוריק בין איך אין אַ קליינעם רוסישען ביכעל „יעווריי ק' יעווריאַם“*) ארויסגעטרעטען מיט טענות ותביעות צו די יונגע אידישע סאָציאַליסטען, פאַרוואָס זיי האָבען אַזוי אוועק-געמאַכט כלאחר יד דאָס אידישע פאָלק, פאַר וואָס זיי געהן ניט צו דעם אידישען המון — איהם העלפען, איהם רעטען אין זיין נויט. „שענקט איהר, — האָב איך דאָרטען געפרעגט, — כאָטש אַ צעהענטען חלק פון אייער ענערגיע אויף צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם סאָציאַליזם צו די אידישע ארבייטער־קלאַסען?“

אפנים, אַז אַזוינע געדאַנקען האָבען ניט נאָר מיך אַליין גע-עגבערט, אפנים, אַז זיי האָבען שוין פון לאַנג אָן ניט געלאָזט רוהען דוקא אָט די יונגע אידישע סאָציאַליסטען, מיט וועמען איך האָב געהאַלטען פאַר אַ חיוב צו האַמפּערן זיך. אַז ניט וואָלט מען נאָר ניט קענען דערקלערען, ווי אַזוי עס האָט זיך אין אַ משך פון איינע פינף יאָהר איבערגעביטען די גאַנצע לאַגע. פריהער האָט מען אויף אַ אידישען סאָציאַליסט, וואָס האָט געפאָדערט, מען זאָל ארביי-טען צווישען אידען, געקוקט ווי אויף אַ מענשען, וואָס טראָגט אונ-טער דער סאָציאַליסטישער איבער־העמד אַ פאַלעסטינאָפילישען ארבע־כנפות. איצטער וועט קיין אידישער סאָציאַליסט אין רוס-לאַנד ניט לייקענען, אַז דער אידישער ארבייטער און דאָס גאַנצע אָרעמע אונטערדריקטע אידישע פאָלק האָבען מיט גאָר נישט פער-זינדיגט, מע זאָל גאָר ניט אַ טראַכט געבען ווי צו געווינען זיי פאַר דעם גרעסטען און הייליגסטען אידעאַל פון דעם נייצעהנטען יאָהר-הונדערט, פאַר דעם סאָציאַליזם. ניט נאָר אין לאָנדאָן און אַמע-ריקאַ, וואו די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פאַר אידישע ארביי-טער האָט זיך שוין נאָך פריהער דערשלאָגען צו אַ שעהנעם מעמד,

**) אַרויסגעגעבען פון דעם לאָנדאָנער „פאָנד וואָל'נאָי רוסקאָי פּרעסי“ אין 1892 אונטער דעם פסעוודאָנים: י. חאַסין.

אויך אין גאַליציען און רוסלאַנד האָבען זיך אידישע סאָציאַליסטען גענומען פאַר דער ארבייט, און ניט נאָר א צעהנט חלק פון זייער ענערגיע, נײן, אַלע כוחות ווענדט מען אָן, כדי צו אָרגאַניזירען די אידישע ארבייטער און צוצופיהרען זיי צו דער גרויסער ארמעע פון דעם אייראָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט. ביכלעך ווערען געדרוקט, צייטונגען ווערען ארויסגעגעבען, אין וועלכע מען זוכט אויפצוקלער־רען דעם אידישען ארבייטער וועגען זיין אונגליקליכער לאַגע און וועגען די מיטלען, וואָס מען דאַרף אָנווענדען, כדי זי צו פער־בעסערען.

האַנד אין האַנד מיט די „שטילע“ ספרים, וואָס מען דאַרף מיט גרויס מיה דורכ׳גנב׳ענען דורך די רוסישע צענזור, געהט די „כשר׳ע“, די אָפענע ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך, וואָס האָט גאָר אָבגעלעבט אונטער דער פעדער פון פּרץ, שלום עליכם, א. ז. וו., — א ליטעראַטור, וואָס זוכט קודם כל אויפצואַוועקען דעם מענשען אין דעם פערהאָרעוועטען, דעם דערשלאָגענעם אידען, ארויסרופען אין איהם א חשק צו בילדונג און קענטעניס; און אין דער לעצטער צייט האָבען זיך א פּאָר יונגע אידישע סאָציאַליסטען צונויפגעטאָן אין אויסלאַנד ארויסצוגעבען סאָציאַליסטישע ביכער פאַר די רוסישע אידען... און איך אליין זיץ און שרייב איצטער די הקדמה צו דעם ערשטען ביכעל, וואָס אָט די יונגע אידישע סאָ־ציאַליסטען ווילען ארויסגעבען. וואָלט דאָס מיט א יאָהר פינף־צעהן צוריק גאָר מעגליך געווען?

מיר, אידישע סאָציאַליסטען, מעגען צופרידען זיין. אונזערע בעסטע מענשען פערדינען שוין ניט די ביטערע ווערטער, וואָס מען האָט זיי געמעגט ארויסרעדען אמאָל... און פון דעסטוועגען — נעהמענדיג זיך שרייבען די הקדמה, — קומען מיר ארויף אויפ׳ן זינען ניט גאָר פרייליכע געדאַנקען.

אז „אין מיטען דערינען“ ווערט פון „נעלער הויט“ געבאָרען א נייע ליטעראַטור אין אזא שפּראַך, וואָס האָט ביז אהער נאָר גע־טויגט אויף אויסצודריקען וואָכעדיגע געדאַנקען וועגען וואָכעדיגע ענינים, איז קיין נייעס ניט אין אונזער ניינצעהנטען יאָהרהונדערט. א ראיה: די פלאַמאַנדער אין בעלגיען, די רומענער אין גאַליציען, די לאַטישען אין רוסלאַנד, און נאָך, און נאָך. נאָר איך בין זי־

כער, אז קיין פלאַמינג, קיין רוטען, קיין לאָטעש האָט ניט געקוקט אויף די ספרים פון זיין געליעבטער אייגענער שפּראַך מיט אזא ציטעריגער האָפנונג, ווי איך קוק אויף דעם הייפעלע ספרים אין דער ניי־אידישער שפּראַך. דער פלאַמינג, דער רוטען, דער לאָטעש איז נאָר וואָס אויפגעוועקט געוואָרען צו א העכערען פאָלקס־לעבען. אהינטער זיך האָט ער גאָרנישט, נאָך וואָס ער זאָל בּיינקען, אויף דער קינפטיגער צייט האָט ער אזוי פיעל ליכטיגע האָפנונגען, און זיינע האָפנונגען זענען געבּויט אויף א פעסטען, ראַיעלען גרונט. וואָס מעהר זיין פאָלק וועט לעבען און טראַכטען, וועט עס אַלץ קליגער ווערען, אַלץ מעהר אויסבּעסערען זיין לאַגע און זיינע גע־פיהלען, וועט עס ווערען אַלץ מעהר מענש, און זיין ליטעראַטור וועט אַלץ מעהר וואַקסען און אַלץ מעהר העלפען איהם אין זיין וואַקסען.

די ניי־אידישע ליטעראַטור אָבּער איז ניט דער ערשטער שריט פון דעם אידישען פאָלק אין זיין בּילדונג. הינטער איהר ציהט זיך א לאַנגע קייט פון אידישע ליטעראַטורען, און זי איז נאָר איין רינגעלע אין דער קייט; און בּעת מען נעמט זיך דער־מאָנען, אז דער ערשטער טראָט אויף דעם וועג פון בּילדונג איז בּיי די אידען געוועזען דער תנ״ך, אז זיינע ערשטע „שרייבּער“ זענען געוועזען דער מחבר פון תהילים, און ישעיה, און ירמיה, און די איבּעריגע נביאים, וואָס לייכטען ווי אייביגע שטערען אויף דעם אידישען און ניט אידישען הימעל; אז דערנאָך איז געוועזען דער תלמוד מיט זיינע ריעזען, וואָס רייסען אוים בּערג און צומאָלען זיי איינע אָן די אַנדערע (רבה עוקר הרים). און דערנאָך די גאונים, און דערנאָך די טיעפע פילאָזאָפען און די ליעבּליכע, היל־כיגע פּאָעטען, דער רמב״ם, גבירול און יהודה הלוי און דערנאָך די מקובלים, וואָס האָבען זיך פערשלאָסען פון דער גאַנצער וועלט, און אויפגעהויבען זיך בּיז הינטער די וואָלקענס און אויפגעבּויט דאָרטען, הינטער די וואָלקענס, אָן אייגענע וועלט; און דערנאָך די צייט פון מענדעלסאָהן און זיינע תלמידים, און בּיי אונז אין רוסלאַנד — די צייט פון דעם ריב״ל און לעבענזאָהן, די צייט פון סמאָלענסקי און ליליענבּלום, און דערנאָך די רוסיש־אידישע ליי־טעראַטור מיט אָרשאַנסקי, לעוואַנדא, באַגראָוו און פּרוג...

און בעת מען נעהמט זיך דערמאָנען, אַז נאָך דעם לאַנגען און שווערען וועג האַלטען מיר איצטער ביי דעם „אידישען ארבייטער“ און ביי פּרץ'ם יו"ט־בלעטלעך, און דאָ אין דעם קליינינקען היי־פענדעל פון מחברים און ספרים קלאַפּט אפשר דער לעצטער אָדער פון דעם אידישען פאָלק־לעבען, הויבט דאָס האַרץ אָן שרעקליך צו קלעמען...*). וואָס פאַר א האָפנונגען, פעסטע, אָהן שום ספיקות, האָבען מיר אויף די קינפטיגע צייט? ווי לאַנג האָט מען אויפגעהערט צו שרייען פון אַלע זייטען אין אלע גאַסען, אַז ביי דעם אידישען פאָלק איז שוין לאַנג ניטאָ דער דופק, אַז ער איז נאָר ווי א מת, וואָס די ערד נעמט איהם ניט, וואָס געהט אום כף הקלע און וואָס קען ניט געהן אין זיין רוה אריין, ביז יעדער, וואָס בעגעגענט איהם, וועט זיך מיט איהם ניט בעגעהן „כלאחר יד?“ און ווער וויים, אויב ניט מיט א ווײַלע שפּעטער וועלען מיר ווי־דער דערהערען דעם שעהנעם נגון און ווידער דארפען אָנהויבען פון אָנהויב? קיין פלאַמינג, קיין רוטען, קיין פאָלק אין דער וועלט דאַרף ניט ציטערן פאַר אזא סוף... און מיר?

און נאָך א זאַך.

דער פלאַמינג, דער רוטען, דער פּויל, ווי אויך אַלע אנדערע פעלקער, האָבען צו איין לשון און צו איין ליטעראַטור, און דער איין לשון אין זיי טייער, און די איין ליטעראַטור איז זיי הייליג. יעדער מחבר ביי איטליכען פאָלק ווייס, אַז אויב ער האָט נאָר טאַלאַנט און אויב ער האָט נאָר וואָס צו זאָגען, וועט מען עס פריהער אָדער שפּעטער אויסהערען, און אויב ער וועט אוועקלעגען זיין גאַנצען לעבען פאַר א זאַך, וואָס איז איהם הייליג, וועט דאָס ניט זיין אומזיסט. זיין ווירקען וועט איבערלאָזען א רושם, און ביי דעם אויפבויען פון דעם פאָלק'ס גליק וועט מען בענוצען כאָטש א י י ן טראָפּען פון ז י י ן בלוט.

שוין מעהר אַז 50 יאָהר האָבען אידישע קעפּ און וואַרעמע אידישע הערצער אוועקגעלעגט זייער לעבען פאַר דעם אידישען

---

*) עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי פּרווידיג אין דער ברוסט, ווען מען דערמאָנט זיך, וואָס עס איז אין א משך פון איינע צעהן יאָהר פון דעם „קליינינקען הייפּעלע“ אויסגעוואַק־סען (1908).

פאָלק, גענאָסען טרערען אויף זיין פינסטערן מזל, געזוכט ווי צו ווייזען איהם אַ ריכטיגען וועג, אויף וועלכען ער זאָל דערגרייכען צו אַ העכערער מדרגה הן אין בילדונג, הן אין גוטע מדות און הן אין פשוט'ע הלכות בשר בפאַפע, און וואָס איז געווען די פעולה פון דער גאַנצער מיה? די אידישע ליטעראַטור האָט קיין מאָל קיין שליטה ניט געהאַט ניט אויף דעם אידענ'ס מוח, ניט אויף דעם אידענ'ס האַרץ. ניט נאָר די אידישע ליטעראַטור מיט די שמר'ס, בלאָשטיין'ס און די איבריגע מנוולים פון דעם אַלטען זשאַרגאָן, אַפילו די רוסיש־אידישע ליטעראַטור מיט איהרע לע־וואַנדאָס, אָרשאַנסקים און באַגראָווס; אפילו די לשון־קודש'דיגע ליטעראַטור מיט איהרע לילענבלום'ס, גאָרדאָן'ס און סמאָלענסקי'ס, — קיינער פון זיי האָט ניט די זכיה צו בעריהמען זיך, אַז ער האָט געוואונען דעם צוטרוי פון דעם אידישען פאָלק, פון דעם אי־דישען המון־עם, אַז דאָס פאָלק האָט זיך איינגעהערט אין זיינע רייד, אַז דאָס פאָלק האָט, לכל הפחות, גערעכענט, אַז איינהערען זיך אין זיינע רייד איז אפשר גאָר ניט אַזאַ קרומע זאַך.

דער גאַנצער גאַנג פון דעם אידענ'ס געדאַנק און איבערהויפּט דעם געדאַנק פון דעם פשוט'ען אידישען עולם איז אין תוך אריין נאָך געבליבען כמעט דער זעלביגער, ווי צו דער צייט פון דעם „קול מבשר“, פון דעם „תעודה בישראל“, פון דעם אדעסער „ראַז־סוויעט“. אמת, אין די גרויסע שטעדט זעהט מען אָפּט־מאָל אַ גאַנץ נייעם לעבען... גימנאַזיסטען, דאָקטוירים... קאַרעטען, שליפּ־סען, געפּאַרבטע וואָנצען.. פיינע בעלי־בית'טעם אין אייגענע האָר... אַ שטאָק, אַ ציגאַרע אום שבת... ניטאָ שוין קיין „קאָרקעס געבען“ פאַר'ן דקדוק לערנען, פאַר'ן תנ"ך־שטודיום, ווי אין די אַמאָליגע יאָהרען, בעת דער קהל איז געווען דער איינציגער בעל־הבית אויף דעם אידענ'ס נשמה. אדרבא, די פרומע פאָטערס און מוטערס וואָלטען נאָך גערן צוצאָהלען זייער זוהן, ער זאָל כאָטש ווען עס איז נעמען אַ פסוק תנ"ך אין מויל — ניט פון פרומקייט וועגען („ווער איז איצטער ב"ה פרום?“), ניין! פון לייטישקייט, פון השלמה'קייט וועגען...

אָבער מיר שמועסען דאָך דאָ ניט וועגען שליפּסען־השכלה און קאָדריל בילדונג. מיר רעדען וועגען דער העכסטער און דער

וויכטיגסטער זאַך אין דער וועלט, ווענען דעם אויפקלערען פון דעם פאָלק, פון דעם המון, ווענען דעם אויסבעסערען פון זיינע גע־דאַנקען און זיינע געפיהלען. און דאָ טאַקע זעהן מיר, אז ביז צו דער לעצטער צייט איז אלץ געבליבען אויפ'ן אלטען שטייגער. די־זעלביגע געדאַנקען, דיזעלביגע געפיהלען און האַפנונגען, כאָטש אונזערע משכילים האָבען געלויטערט און געלוימערט, געבעסערט און געבעסערט...

איך וואָלט געקענט אָנשרייבען א גאַנצען בוך מיט ראיות אויף דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט. איך וויל אָבער דערמאָנען נאָר אָן א פּאָר קליינע מעשה'לעך, וואָס קומען מיר זעהר אָפט ארויף אויפ'ן זינען.

מיר, אידען אין רוסלאַנד, האָבען דריי ליטעראַטורען אין דריי שפּראַכען: לשון קודש, רוסיש און אידיש, און אלע דריי ליטע־ראַטורען פיהרען ביי אונז א פּער'הושכ'טען, שלים־מזל'דיגען לע־בען, און קיין אידישער מחבר, וואָס פאַר א מושלם ער זאָל ניט זיין, ווי היים ער זאָל ניט גלויבען אין זיין אידעאַל, ווי עהרליך און טריי ער זאָל איהם ניט דיענען, קען ניט זאָגען אויף זיך, בלי שום ספק, אז ער האָט עפּעס א פּעולה געטאָן, אז ער האָט איבער־געלאָזען א רושם אויף זיינע לעזער. איך רייד שוין דאָ ניט וועגען דאָס געוויינליכע אידישע פּובליקום, וועגען די בעל־הבית'ישע „קוראים הנכבדים" מיט זייער פּער'פּלפּול'טען, סוחר'ישען מוח, מיט זייער פּערשטויבטער, מקח־וממכר'דיגער האַרץ. אויף די אידישע שרייבער קוקט דער בעל־הבית'ישער איד, ווי אויף בדחנים, ווי אויף שפּיעל־קעסטלער, ווי אויף גאַסען קאָמעדיאַנטשיקעס, וואָס מאַ־כען גראַמען, און בויגען זיך, און ברעכען זיך און שפּיעלען משונה־דיגע נגונים.

— מען דאַרף איהם ארויסוואַרפען א גראָשען! דעם קאָפּ פּערדולט ער מיט זיין קעסטעל! — טראַכט ער וועגען דעם שפּיעל־קעסטלער.

— מען דאַרף ביי איהם קויפען דעם חבור! ווי א קלײ־שטעהט ער צו! — טראַכט ער וועגען דעם אידישען מחבר.

— ער מאַכט דאָך גאָר אויסגעצייכענט! — זאָגט ער וועגען דעם שכור'ען בדחן, וואָס מאַכט לוסטיג די שכור'ע געסט.

— ער מאַכט דאָך גאָר אויסגעצייכענט! — זאָגט ער מיט דערזעלביגער מינע, מיט דערזעלביגער שמחה, בעת ער לייענט דעם „תועה בדרכי החיים“, די „זאַפּיסקי יעווריעיא“, דעם „אידישען פּאר פּסח“. מיינט ניט, אז דערינען זיינען די מחברים שולדיג, אָדער, בעסער געזאָגט, דער מחבר'שער דלות. דאָס, וואָס זיי זעען, נעבעך, דאָס רוב ביטערע קבצנים, וועלכע דער בעל־הבית'ישער איד האָט בטבע פיינד, ווי א שפּין. איז דער מחבר א רייכער מאַן, איז נאָך ערגער, דער איד האָלט איהם יעמאָלט פאר א פּרא אדם, פאר א שלים־מזל, פאר א לא־יוצלח, וואָס טויג צו קיין אָרענטליכען עסק ניט.

— וועלכער „בר־דעת“, — טראַכט ער, — וואָס האָט א פּאָר טויזענד קערבלעך (א פּאָר טויזענד קערבלעך!), וועט ניט זעהן צו פערפיהרען עפּעס אַן עסק'ל, א מסחר'ל און לעבען אי גוט פאר זיך, אי שעהן פאר לייטען?

אָט, אז דער מחבר איז אליין א סוחר, א וועלט־מענש, דערצו נאָך א למדן, א קענער אין שפּראַכען און א בקי אין די שבע חכמות, יעמאָלט האָט דער איד פאר איהם אָבשיי. ער ווייס, אז אָט דעמ גביר'ישער מחבר שרייבט פון ווײַלטאַג, ווייל ער וויל האָבען א שעהנעם נאָמען, און אַלץ, וואָס ער שרייבט, איז פיין אידישלעך. מיט אזא מהות־מענש — און אזעלכע מהות'ען האָבען מיר שוין עטליכע אין דער לשון־קודש'דיגער ליטעראַטור — מיט אזא מהות־מענש בענטשען זיך די טאַטעס און מאַמעס און זאָגען צו זייערע אפּיקורס'ישע זיהן: „אָט זעה, ער איז דאָך אודאי אזוי געבילדעט ווי דו, און קען שפּראַכען נאָך מעהר איידער דו, און דערצו נאָך א טרוד בעסקים, און פונדעסטוועגען האָט ער נאָך קיין מאָל א מנחה ניט פערפעהלט“... אזא פיינע בריה איז אָבער אייגענט־ליך גאָר ניט קיין מחבר און געהערט ניט צו דער ליטעראַטור. ער איז דערזעלביגער „יוסטער בעל הבית“, ווי זיינע „קוראים הנכבדים“. אַלץ, וואָס ער שרייבט, שרייבט ער „כדי להגדיל תורה ולהאדירה“, צו פערגרעסערען די תורה און צו פערשעהנערן זי. באַלד ווייזט ער אייך אויף מיט מופתים, אז דער גאַנצער דאַרווין שטעקט אין איין מאמר פון דער גמרא; אָדער ער דערצעהלט, ווי די גרעסטע חכמי־אומות העולם ווערען נתפעל פון דעם קלוגען און

פערשטענדיגען אידישען פאָלק, פון דעם „עם חכם ונבון״ ; אָדער ער שיט אויס זיין בייז געמיט אויף די אַנטיסעמיטען, וואָס בוקען זיך ניט צו דער גרויסקייט פון די „קינדער ישראל״, א. ז. וו. א. ז. וו.... ניין! ניט פון די מחברים און ניט פון די לעזער רייד איך דאָ... איך שמועס דאָ וועגען דעם פאָלק, וועגען דעם המון און וועגען זיינע געטרייע קינדער, וואָס האָבען גענומען אויף זיך צו זאָרגען פאר זיין גליק*).

אין „וואָסחאָד״ (אין דעם ביכעל פון סעפטעמבער 1881) שטעהט געדרוקט אַן אַרטיקעל פון אונזער געשטאָרבענעם בעריהמ־טען שרייבער ל ע װ א נ ד א. אין זיין אַרטיקעל דערצעהלט ער, ווי אזוי עס איז געגרינדעט געוואָרען די ערשטע אידישע צייטונג, דער אָדעסער „ראזסוויעט״.

„אייגענטליך, דערצעהלט לעוואנדא, איז שוין כמעט ווי גע־וועזן אַ צייטונג פאר רוסישע אידען. מען האָט אָבער דאָס בלאַט ארויסגעגעבען אין פרייסען און דערצו נאָך אויף לשון קודש... אויסער דעם איז די צייטונג געווען — אַ סוחר׳ישער׳ עסק, גע־מאכט פון פרנסה וועגען. און דערפאַר פלעגט זי זעהן אָנצומעס־טען איהרע געדאַנקען נאָך די מיינונגען, דעם געשמאַק און דער בילדונג פון דעם בלינדען אידישען המון עם. זי פלעגט איהם חנפה׳נען, אונטערשטיצען זיינע אויסגעעלטערטע פלאַנען און אי־דעאַלען, פערוויגען איהם מיט העכסט נארישע בבא מעשיות, — קורץ, זי איז געגאַנגען מ י ט דעם המון־עם און ניט א ו י ף ־ א־פ ר י ה ע ר. אָט אויף אַזא אופן האָט זי אָנשטאָט ליכטיגקייט אריינגעטראָגען נאָך מעהר פינסטערנים אין די אַ בלויז פערדונ־קעלטע מוחות פון אונזערע ברידער, וואָס האָבען בעדאַרפט ליכ־טיגקייט, בילדונג, איבער אַ נייעס געבאָרען ווערען, מיט אַ נייעם שכל און נייע געפיהלען. דעריבער האָט מען בעדאַרפט ניט נור אבי אַ אידיש בלאַט, נאָר אזא בלאַט, וואָס זאָל זיין אַ לעבעדיגער, אָרענטליכער שליח מיוחד פון געזונטע געדאַנקען און אמת׳ען

*) אויך אין דעם בילד, וואָס איז מיט צעהן יאָהר צוריק געווען כמעט אַ געטרייע קאָפּיע פון דעם לעבען, האָבען זיך אַ סך שטריכען שטאַרק איבערגעביטען צו גוטען. (1908).

בילדונג. דערצו נאָך אין אזא שפּראַך, וואָס אונזערע רוסישע שכנים זאָלען קענען פערשטעהן... קורץ, מען האָט בעדאַרפט האָבען א אידיש בלאַט אויף רוסיש געדרוקט".

אָסיפ ראַבינאָוויטש האָט גענומען אויף זיך ארויסצובעקומען פון דער רוסישער צענזור די ערלויבנים צו אזא מין אידישער צייטונג, וואָס זאָל געשריבען זיין פאַר דעם אידישען פאָלק, נאָר וואָס לייענען זי זאָלען נאָר קענען די „שכנים"... אָט וואָס ער שרייבט וועגען זיינע שתדלנות צו לעוואַנדאַ'ן: „איך האָב פּאַראָוויס בעווייזען, אז דער קאַליעדיגער זשאַרגאָן, וואָס די רוסישע אידען רעדען, טויג ניט פאַר בילדונג, ווייל ניט נאָר ריין־פילאָזאָפישע ענינים, אפילו אזוי אן אָרענטליכען געדאַנק קען מען אין איהם ניט אויסדריקען" (!). און אקוראַט אזוי ווי אָסיפ ראַבינאָוויטש, האָבען געטראַכט אלע זיינע גוטע פריינד. שטעלט אייך אָבער פאָר, אז די „שכנים", ביי וועמען ער האָט זיך, נעבעך, געמוזט בעטען מען זאָל איהם ניט פערוועהרען צו שרייבען פאַר אידען אויף גויאיש, — אז די „שכנים" האָבען איהם ניט געוואָלט לייען זייער שפּראַך, און האָבען איהם ערלויבט ארויסצוגעבען דעם „ראַזסוויעט" ניט אויף רוסיש, נאָר אין אידיש, אָדער, ווי די „שכנים" האָבען גע־שריבען, „אין דער זשידיש־דייטשער שפּראַך, וואָס ווערט געברויכט ביי די אידען אין רוסלאַנד און פּוילען".

צו יענער צייט איז דאָס געווען אן אומגליק. מען האָט ווייטער געלעגט שתדלנות, וואו מען דאַרף, און מען האָט ענדליך בעקומען דאָס, וואָס מען האָט פערלאַנגט. „צו דער אהבייט!" האָט ראַבינאָוויטש געשריבען לעוואַנדאַ'ן און זיינע פריינד: „צו דער אר־בייט, יונג און אלט! אונזער אייגען פעלד וואַרט אויף זיינע אקערער: ביז אהער האָבען מיר עס בענעצט מיט אונזערע טרערען, לאָמיר עס בענעצען מיט אונזער שוויים! גאָט וועט בענטשען אונזער מיה... די זאַנגען וועלען זיין געזונטע. איך פיהל דאָס, איך בין דערינען זיכער!" אויף לשון קודש, אויף „די פּיער־עקיגע באַריקאַדעס פון דעם אשור־כתב", ווי לעוואַנדאַ דריקט זיך אויס, האָט מען שוין ניט געוואָלט קוקען. לעוואַנדאַ דערצעהלט אונז: „מיט דעם כח פון הייסע באמת'דיגע ווערטער האָבען מיר יעמאָלט אין זעקס חדשים איבערגעמאַכט דאָס גאַנצע פּובליקום, אויף די פּלייצעס

ארויפגעזעצט גאָר א נייעם קאָפּ מיט נייע געדאַנקען און רעיונות".

פינף און צוואַנציג יאָהר האָט לעוואַנדאַ געשריבען פאַר אידען אויף רוסיש. און בעת ער האָט געדרוקט זיינע ווערטער וועגען דעם אַדעסער „ראַזסוועט", איז ער נאָך געווען גאַנץ צופריעדען מיט זיין ארבייט. נאָר אָט האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאָגראָמען; אין דעם רעכטען „ברען" דאַרף זיך מאַכען לעוואַנדאַ'ס פינף און צוואַנציג יאָהריגער יובילעאום. און בעת מען האָט געוואָלט מאַכען א יום טוב צוליעב אזא טאָג, האָט לעוואַנדאַ אָבגעזאָגט זיך פון דעם יו"ט און האָט אָבגעלייקענט זיין גאַנצע 25־יאָהריגע ארבייט. ער זאָגט בפרוש, ער וואָלט געווען מעהר צופרידען, אז אָט די אר־בייט וואָלט לגמרי ניט געווען. ער לויפט צוריק „אהיים", צו דעם המון־עם מיט די „פערטונקעלטע מוחות", און איז גליקליך וואָס ער געפינט ביי איהם אויף די אקסלען דעם אַלטען קאָפּ מיט די אַלטע געדאַנקען און רעיונות... און קיין חדוש ניט, וואָס ער גע־פינט: דער „נייער קאָפּ" מיט די נייע געדאַנקען און רעיונות איז א מינוט ניט געזעסען אויף דעם המון־עם'ס אַקסלען.

און אָט איז נאָך א מעשה'לע, וואָס בעווייזט אונז די גרויסע פּעולה, וואָס דער לשון־קודש האָט אויפגעטאָן. איהר געדיינקט מסתמא דעם יובילעאום פון יהודה ליב גאָרדאָן? און אויב איהר האָט קיין מאָל ניט געהערט פון איהם, טאָ בעט מען זאָל אייך וועגען איהם דערצעהלען, און בעט מען זאָל אייך איבערזעצען זיין טרויעריג־טרויעריגען שיר „למי אני עמל?" וועט איהר פערשטעהן, וואָס פאַר א טראַגעדיע עס ליגט אין יעדער שורה פון זיין שיר. א מענש האָט געארבייט שווער א גאַנצען לעבען אַלץ לטובת הכלל, און צום סוף בעטראַכט ער זיך, אז זיין גאַנצע מיה איז אומזיסט און אומנישט: דער המון־עם וויל איהם נאָך ניט הערען (נאָך ניט!!), דער יונגער דור איז פערפלויגען צו ווייט, פון וואַנען ער וועט אפשר ניט קומען צוריק, — קלאָגט ער אין זיין ליעד.

אָט אויף די צוויי מעשה'לעך דערמאָן איך זיך גאַנץ אָפט, און אז זיי שווימען ארויף אויף מיין זכרון, ברייניגען זיי א פולע טרויע־ריגע געדאַנקען מיט זיך.

איך האָב אָבער א מיטעל ווי צו פערטרייבען מיינע טרויעריגע געדאַנקען. איך זאָג מיר: דאָס איז אַלץ געווען א מאָל, איצטער

װעט דאָס זײן אַנדערס. זינט מען האָט גענומען שרײבען סאָציאַ־ליסטישע זאַכען פאַר אידען אויף אידיש, האָט זיך אָנגעהויבען אַ נײַע בלעטעל אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק. די סאָ־ציאַליסטען רעדען ניט צו דעם פאָלק אין אַ שפּראַך, װאָס ער האָט שוין לאַנג פערגעסען; זײ גײען אויך ניט צו די שכנים לײען אַ שפּראַך; זײ רײדען מאַמע־לשון און ברײנגען געדאַנקען, װאָס יעדע מוטער האָט געמעגט אויסלערנען זײ אויסװײניג און אײנ׳חזר׳ען מיט די קינדער יעדען טאָג, — געדאַנקען, װאָס לערנען אונז, װי דער אָרימער אונטערדריקטער און אויסגעזויגטער טײל פון דער מענש־ליכער געזעלשאַפט קען זיך בעפרײען פון זײן אומגליקליכער לאַגע; װי ער מוז דערמיט ניט נאָר זיך אַלײן, נאָר אַלע מענשען אָהן אײן אונטערשיעד אויסהײלען פון די פעראַלטעטע װאונדען, װאָס האָ־בען זיך אײנגעגעסען אין אונזער לײב און זעעל, פון דלות און פון צופוילטער, צוקראַכענער רײכקײט, פון גנבה פאַר הונגער און ניאוף פאַר װײלטאָג, פון שטענדיגען קריעג און געשלעג צװישען אײן ברודער און דעם אַנדערען.

דער סאָציאַליזם איז אַ שטאַרקער באַנד, װאָס װעט צונויפ־בינדען דעם המון־עם מיט דעם יונגען דור, און ער, דער יונגער דור, װעט שוין ניט דאַרפען אַנטלויפען פון דעם פאָלק אהין, „משם לא ישובו“. אונזערע יונגע לײט װעלען ניט דאַרפען זוכען בכבוד׳ע אַרבײט בײ די שכנים; זײ װעלען גענוג אַרבײט האָבען אין דער הײם. צװישען די אַלטע מחברים זענען אויך געװען אַ פולע סאָ־ציאַליסטען: ליבערמאַן, בן־נץ, יגלי איש הרוח, און נאָך אַנדערע, אָבער צו װעמען האָבען זײ געשריבען, פאַר װעמען פלעגען זײ אויסגיסען זײער ביטער האַרץ, אויף װעמעס הילף האָבען זײ גע־האָפט?

זײער פובליקום איז געװען דער אידישער יוסטער בעל הבית, אָדער די פאָר אידישע ישיבה־בחורים, באַנק־קװעטשער, װאָס האָ־בען פיעל מעהר התפעלות געהאַט פון דעם שעהנעם לשון, אין װעל־כען דער סאָציאַליזם איז געװען אײנגעקלײדט, אײדער פון די ריכ־טיגע געדאַנקען אַלײן.

אונזערע איצטיגע אידישע סאָציאַליסטען האָבען װעניג װאָס צו טהאָן מיט דעם אידישען בעל־הבית. זײ רעדען צו דעם פאָלק,

צו דעם אַרביימער. און ביי דעם אַרבייטער איז דער סאָציאַליזם ניט קיין מאָדע־זאַך, נאָר אַ ביטערע מאָגען־פראַגע. נישיים וועט ער זיך ניט איינהערן אין די רייד, וואָס ווייזען איהם אַ ריכטיגען וועג, ווי פטור צו ווערען פון זיין פינסטערער מערכה?

און לאָמיר זאָגען דעם ריינעם אמת! ביי אונזערע אַלטע אידישע סאָציאַליסטען האָט דער סאָציאַליזם אויסגעזעהן עפּעס גאָר משונה'דיג. זיי האָבען ב ע ז ו נ ג ע ן דעם סאָציאַליזם, אָבער וועניג געשריבען וועגען איהם און נאָך וועניגער שטודירט איהם. זייער סאָציאַליזם איז געווען אַ מליצה־סאָציאַליזם, אין גראַמען און אָהן גראַמען, אין שירים און פּראָזאַ. זיי האָבען געוואוסט, ו ו אָ ס מען דאַרף, האָבען ניט געוואוסט, ו ו י מען דאַרף.

און דאָס איז קיין חדוש ניט. דער בעסטער לעהרער פון'ם סאָציאַליזם איז דאָס לעבען פון די אַרבייטער, ד. ה. בעסער געזאָגט, זייער מלחמה פאַר'ן לעבען, זייערע מחלוקות מיט די בעלי־בתים, און כל זמן דער לעהרער האָט נאָך געפעהלט אין'ם אידישען לעבען, איז אונזער סאָציאַליזם געהאַנגען אין דער לופטען. אונזערע איצטיגע סאָציאַליסטען לערנען זיך פון דעם לעבען, דעריבער קענען זיי האָבען אַ שליטה אויף דעם לעבען; זיי קומען צו דעם אידישען פאָלק ניט נור מיט ווערטער, ניט נור מיט מליצות און גראַמען, נאָר אויך מיט אַ ריכטיגען ביישפּיעל, ו ו אָ ס און ו ו י מען דאַרף טאָן, ניט יעמאָלט, ווען אַלע פעלקער וועלען זיך נעמען פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, נאָר ש ו י ן, אויפ'ן שטעל כדי צו בעסערען די אייגענע לאַגע כאָטש אויף אַ קווינט, ביז די גליקליכע צייט וועט קומען פאַר אַלע אַרבייטער פון אַלע פעלקער...

און אויב אָסיפּ ראַבינאָוויטש האָט אין די זעכציגער יאָהרען געמעגט האָפען אויף „גוטע זאַנגען", האָבען מיר, וואָס קענען שוין די אַלטע פעהלערן, אודאי דאָס רעכט צו פערטרייבען פון זיך די ספקות און נאָך אַ מאָל אויסרופען צו דעם נייען דור:

„צו דער אַרבייט, יונג און אַלט! אונזער אייגען פעלד וואַרט אויף זיינע אַקערער! ביז אַהער האָבען מיר עס בענעצט מיט אונזערע טרערען, לאָמיר עס בענעצען מיט אונזער שוויים!"

# ציוניזם אָדער סאָציאַליזם*)

.1

די לעצטע פינף און צוואנציג יאָהר, זינט ליעבערמאַן און זונ־דעלעוויטש האָבען צום ערשטען מאָל אויף לשון־קודש ארויסגעגע־בען אין וויען דעם „האמת“, דאָס ערשטע סאָציאַליסטישע בלאַט פאַר אידען, ביז היינטיגען טאָג, וועט דער קינפטיגער אידישער גע־שיכטע־שרייבער געווים צורעכענען צו די וויכטיגסטע צייטען אין לעבען פון דעם אידישען פאָלק. מען קען געהן נאָך ווייטער און זאָגען, אז זיי זענען נאָך פיעל וויכטיגער ווי די גאַנצע לעצטע טוי־זענד יאָהר, וואָס די אידען האָבען אָבגעלעבט אין גלות.

זינט דאָס אידישע פאָלק האָט אויפגעהערט צו שטרייטען מיט געוועהר אין דער האנד פאַר איינענע פרייהייט; זינט עס האָט דערזעהן, אז זיינע אייגענע קרעפטען זענען צו שוואַך צו בעפרייען זיך פון דעם יאָך; זינט זיין איינציגע האָפנונג האָט גענומען בעשטעהן אין דעם גלויבען אין מופתים און וואונדער, אין אן איבערנאַטירליכען משיח, וואָס זאָל עס דורך א נס אויס־לייזען פון זיין שרעקליכער לאגע, — פון דענסמאָל אָן האָט דאָס אידישע פאָלק אויפגעהערט צו לעבען, ווי א פאָלק דאַרף לעבען. עס איז שטענדיג געשטאַנען אויפ'ן וועג, אָבער עס האָט קיינמאָל ניט געפּרובירט אליין א טריט צו מאַכען צו זיין גאולה; דאָס וואַרטען אויף משיח'ן האָט ביי איהם אָבגענומען יעדעם פּיצעל ענערגיע... און וויפיעל מאָל האָט זיך איהם געדאַכט, אז משיח איז שוין געקומען; וויפיעל מאָל האָט עס זיך געלאָזט פערפיהרען פון האַלב־משוגענע שאַרלאַטאַנעס, ווי שבתי־צבי צום ביישפּיעל,

---

*) געדרוקט אין דעם „אידישען אַרבייטער“, 1898, נומער 6, און איבערגעדרוקט פון דעם „בונד“ אין אַ בעזונדער בראָשור אָהן דעם פינפ־טען קאַפּיטעל. אין ביידע ערטער — אונטער דעם פּסעוודאָנים „בן אחוד“.

וואָס האָבען עס איינגערעדט, אַז זיי זענען דאָס די משיחים, נאָך וועלכע מען האָט אַזוי לאַנג געבענקט! וויפיעל וואונדערן זענען ביי איהם צוריק געבליבען, בעת ער האָט געמוזט איינזעהן, אַז דאָס מאָל האָט מען געהאַט אַ טעות, אַז דער משיח, אויף וועלכען מען האָט זיך נאָך אַזוי פיעל פינסטערע יאָהרען דערוואַרט, איז אין בעסטען פאַל גאָר אַ פשוט'ער מטורף, וואָס איז משוגע געוואָרען אויף דעמזעלביגען פונקט, אויף וועלכען דאָס גאַנצע פאָלק איז אַראָב פון זינען. ווי אין אַ שווערען פער'כשופ'טען שלאָף האָט אָבגעלעבט דאָס אידישע פאָלק אין גלות, ביז עס איז געוואָרען אַלץ פער'חלום'טער און ווייטער פון דעם לעבען, ביז זיינע כוחות זענען אָבגעשוואַכט געוואָרען, ביז דאָס פאָלקס־לעבען איז כמעט אין גאַנצען אָבגעשטאָרבען.

די שרעקליכע צייט, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט אין אַ הין־הער־פלעט, און מעהר אויפ'ן הימעל ווי אויף דער ערד, — האָט געדויערט ביז צו דער צייט פון משה מענדעלסאָהן, דעם אידישען פילאָזאָף און רעפאָרמאַטאָר, וואָס האָט געלעבט מיט הונדערט און עטליכע יאָהר צוריק אין דייטשלאַנד *). זיינע תלמידים, די וועניגע אויפגעקלערטע פון דעם אידישען פאָלק, וואָס האָבען זיך אַרויסגעריסען פון דעם פער'כשופ'טען שלאָף, וואָס האָבען אין דער ליכטיגער וועלט דערזעהן ווי אַנדערע פעלקער לעבען און שטרייטען, האָבען, פערגלייכענדיג די לאַגע פון דעם אידישען פאָלק מיט דער לאַגע פון אַלע אַנדערע פעלקער, געמוזט קומען צו דעם געדאַנקען, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט שוין אויסגעשפּיעלט זיין ראָליע אין דער געשיכטע, אַז אין איהם איז שוין ניטאָ קיין איינציגע קראַפט, וואָס זאָל עס ווידער אויפוועקען צו אַ געזונדען פאָלקס־לעבען. זיי האָבען געמוזט גלויבען, אַז דעם אידישען פאָלק קאָן מען שוין מיט גאָר ניט העלפען, אַז מען קאָן העלפען נאָר די איינ־

*) משה מענדעלסאָן איז געבאָרען געוואָרען אין 1729 אין דעסוי און איז געשטאָרבען אין 1786. זיין הויפּט־שריפט „ירושלים“ איז געדרוקט געוואָרען אין 1783. אין רוסלאַנד האָט מען איהם גערופען „משה דעסער“ און זיינע תלמידים „די דעסער אַפּיקורסים“, אָדער די „בערלינטשיקעס“, ווייל בערלין איז אין דער ערשטער צייט געווען דאָס הויפּט אָרט פון זייער אַרבייט.

צעלנע אידען, פאַנאַנדערטרייסלען זיי פון שלאָף, מאַכען פון זיי מענשען, וואָס זאָלען זיין נוצליך אי פאר זיך, אי פאר די פעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען.

דאָס איז געווען א שווערע שטיקעל ארבייט, וואָס די משכילים (די תלמידים פון משה מענדעלסאָהן) האָבען אויף זיך גענומען, אָבער זיי האָבען עס אויסגעפיהרט. געווים ניט מיט די אייגענע כחות אליין, נאָר אויך מיט דער הילף פון דעם עקאָנאָמישען פראָצעס אין דער איצטיגער געזעלשאַפט, וואָס האָט פערשאַפט דער בורזשואזיע אזא וויכטיגע ראָליע אין דעם לעבען. די אידישע בורזשואזיע האָט צוליעב איהרע ריין סוחר'ישע עסקים בעדאַרפט האָבען גלייכע רעכט מיט אלע בירגער פון די לענדער, אין וועלכען די אידען וואוינען. זי האָט אויפ'ן שטעל פערשטאַנען, אז אויב זי וועט זיך נעהמען צו אייראָפּעאישער בילדונג און וועט זיך אָבזאָגען פון דעם אייגענעם פאָלק; אז אויב זי וועט אין איינעם מיט איהרע משכילים טענה'ן, אז זי איז אידיש נאָר נאָך דער אמונה נאָך, אָבער נאָך דער נאַציאָן נאָך איז זי גאָר ניט אידיש, נאָר דייטש, רוסיש, פויליש א. ז. וו., ווי איהר פאַסט צום עסק אין די פערשיעדענע לענדער, — וועט זי מיט מעהר יושר קאָנען פאָרדערען גלייכע רעכט ווי פריהער, בעת זי האָט זיך געהאַלטען פאר א בעזונדער פאָלק.

ווי די מעשה איז, נאָר די ארבייט פון די משכילים, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין דייטשלאַנד לערך מיט א יאָהר הונדערט און אין רוסלאַנד מיט א יאָהר פופציג־זעכציג צוריק, האָט איבערגעלאָזט א געוואַלדיגען רושם אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק. אמת, ביי דעם פאָלק אליין, ביי דעם המון, האָט זייער ארבייט וועניג וואָס פועל געווען. די אויפגעקלערטע, די געבילדעטע האָבען געקוקט אויף דעם פאַנאַטישען המון פון אויבען אראָב און האָבען אפילו ניט געוואָלט ריידען צו איהם אויף זיין אייגענער שפּראַך. איהר האָט מען געגעבען א צונאָמען „זשאַרגאָן" און מען האָט אָנגעווענדט אלע מיטעל, כדי נאָר ארויסצוגראָבען זי מיט די וואָרצלען און איינפלאַנצען אנשטאט איהר די פרעמדע שפּראַך פון דעם הערשענדען פאָלק. זייער פּראָפּאַגאַנדע פאר בילדונג און ציוויליזאַציע האָבען די משכילים געפיהרט אויף דעם אלטען, לאַנג

אָבגעשטאָרבענעם לשון־קודש, וואָס דאָס רוב פאָלק, די ארבייטער־קלאַס און די ווייבער כמעט פון אַלע קלאַסען האָבען ניט געקענט פערשטעהן.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס זייער ארבייט האָט וועניג וואָס אויסגעפיהרט ביי דעם פאָלק. דערפאַר אָבער האָט זי אין גאַנצען איבערגעמאַכט די אידישע אינטעליגענץ. זי האָט זי פון הימעל צוריק אראָבגערופען אויף דער ערד, זי האָט זי אָבגעוואָהנט פון די חלומות וועגען נסים־און־נפלאות'דיגע משיחים און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויג אַנקעגען אויג מיט דעם ווירקליכען פראַקטישען לעבען. דאָ אין דעם ווירקליכען פראַקטישען לעבען, אין וועלכען עס האָט זיך קלאָר ארויסגעשטעלט דער היפך פון בורזשואַזיע און ארבייטער, האָט דער בעסטער טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ דערקענט די איינציגע רפואה פאַר דעם קראַנקען אידישען פאָלק אין דער ארבייטער בעוועגונג, אין דעם סאָציאַליזם.

אמת, די אידישע סאָציאַליסטען האָבען לבתחילה אויך מעהר נישט געוואָלט, ווי נאָר צו העלפען די אידישע ארבייטער, ניט ווי אידען, נאָר ווי ארבייטער, ווי מענשען בכלל. אָבער וואָס טיעפער זיי האָבען גענומען פערשטעהן דעם סאָציאַליזם, האָט זיי געמוזט קלאָר ווערען, אַז דער סאָציאַליזם איז גאָר ניט אויסען אָבצושאַפען אַלע פעלקער, צונויפקנעטען זיי אין איין טייג און מאַכען פון דעם טייג איין גרויסען לאַבען „מענשהייט". אדרבא! דער סאָציאַליזם וויל, אַז יעדעס פאָלק זאָל האָבען ביכולת ארויסצואווייזען זיינע השלמות, אַליין, אין וואָס ער איז פעהיגער איידער אַלע אַנדערע. ער וויל מעהר ניט, אַז די פעלקער זאָלען לעבען צווישען זיך בשלום און העלפען איינס דעם אַנדערן אין דער גרויסער מלחמה מיט דער נאַטור, אין דער גרויסער מלחמה פאַר דעם לעבען, אַז קיין פאָלק זאָל ניט קענען הערשען און געוועלטיגען איבער אַן אַנדער פאָלק. דער סאָציאַליזם קען ניט קיין פעלקער יחסנים, קיין „אתה בחרתנו'ניקעס". ביי איהם זענען אַלע פעלקער גלייך, וואָרום יעדעס פאָלק האָט זיינע מעלות און זיינע חסרונות, און יעדעס פאָלק האָט וואָס צו געבען די אַנדערע און וואָס צו לערנען ביי זיי. אָט דאָס איז אייגענטליך דער פשט פון דעם וואָרט אינטערנאַציאָנאַליזם: אַלע פעלקער זענען גלייכע ברידער

**און מוזען לעבען ווי ברידער צווישען זיך.**

און וואָס נעהנטער די אידישע סאָציאַליסטען זענען געקומען צו דעם אידישען פאָלק, אַלץ מעהר האָבען זיי געמוזט איינזעהן, אז דאָס אידישע פאָלק איז אויך ניט ערגער און ניט בעסער פאַר אַלע פעלקער, אז עס האָט אויך א רעכט צו לעבען ווי א פאָלק, זיין א גלייכבערעכטיגט גליעד אין דער גרויסער משפחה פון דער מענשהייט... אנשטאָט נאָר בירגערליכע גלייכע רעכט, די גלייכע רעכט מיט אַלע מענשען, וואָס די בורזשואזיע האָט אויך געפאָדערט, האָבען די אידישע סאָציאַליסטען אויפגעשריבען אויף זייער פאָהן נאַציאָנאַלע גלייכע רעכט מיט אַלע פעלקער*) און זיי זענען אָנגעגרייט צו שטרייטען אָט פאַר דעם העכסטען אידעאַל פון דעם אידישען פאָלק, און זענען זיכער, אז פריהער אָדער שפּעטער וועלען אַלע אינטער־נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען פון אַלע פעלקער, די גרויסע ארבייטער אַרמעען פון דער גאַנצער וועלט, אָננעהמען זייער נייעם געדאַנק, וואָס איז אין עצם דער אלטער געדאַנק פון דעם סאָציאַליזם, און וועלען ברידערליך העלפען אויך דעם אידישען פאָלק דערשלאָגען זיך צו זיין ציעל, ניט מיט א מאָל, נאָר ביסלעכווייז אין יעדער צייט, אויף וויפיעל מען קען. און וואָס שטאַרקער עס ווערען די אינטערנאַציאָנאַלע ארבייטער־אַרמעען (און זיי וואקסען אָהן עין־הרע פון שעה צו שעה), וואקסט אַלץ מעהר די האָפנונג פאַר דעם אידישען פאָלק.

אָט פאַר וואָס מיר האַלטען, אז די לעצטע פינף און צוואנציג יאָהר אין וועלכע דער אידישער סאָציאַליזם איז געבאָרען געוואָ־רען און האָט זיך געשטעלט אויף זיינע אייגענע פיס, איז די וויכ־טיגסטע צייט אין דער גאַנצער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק אין גלות: די צייט, וואָס דאָס פאָלק האָט ארויסגעשטעלט אַן איי־גענע קרעפטיגע אַרמעע, וואָס איז שוין צוגעשטאַנען צו דעם גרוי־סען וועלט־בעפרייענדען חיל פון דעם פּראָלעטאַריאַט; פון דעם

*) וועגען דעם חלוק צווישען בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכטע וועלען מיר ביי אַן אַנדער געלעגענהייט רעדען בפרטות.

פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט מאַכען אַ סוף צו דער הערשאַפט פון איין פאָלק איבער דעם אַנדערען, דערמיט גופא וועט ער מאַכען אַ סוף צו דעם אידישען גלות.

.2

אין דערזעלביגער צייט, וואָס דער בעסטער טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ און די אידישע ארבייטער איז צוגעשטאַנען צום סאָציאַליזם און האָט געפונען אין איהם דאָס איינציגע ריכטיגע מיטעל צו העלפען דעם אידישען פאָלק, זענען פאָרגעקומען גרויסע פערענדערונגען אין די געדאַנקען פון דעם אויפגעקלערטען טייל פון דער אידישער בורזשואַזיע. אַט דער אויפגעקלערטער טייל האָט זיך אויך אָבגעזאָגט פון זיין אידעאַל — אויפהערען צו זיין אידיש און האָט אָנגעשריבען אויף זיין פאָהן דעם אידישען נאַציאָנאַליזם און האָט אַרויסגעשטעלט פאַר דאָס אידישע פאָלק אַ נייעם אידעאַל — אומקעהרען זיך „אהיים" נאָך ארץ ישראל! דאָס נייע אידעאַל רופט זיך ציוניזם.

אויף דעם ערשטען בליק איז דער ציוניזם נישט מעהר, ווי דער אַלטער גלויבען אין דעם נסים־ונפלאות'דיגען משיח, נאָר אויסגעפוצט און אויסגעצירט אויף אַן אייראָפּעאישען אַרט. קוקט מען זיך אָבער מעהר צו, בעמערקט מען אויפ'ן שטעל, אַז דער ציוניזם איז אין אמת'ען אַ נייע בעוועגונג, אַ בעוועגונג פון דער אידישער בורזשואַזיע. דער ציוניזם האָט זיינע וואָרצלען אין דער לאַגע פון די אידישע קליינע און מיטעלערע קאַפּיטאַליסטען און ציהט פון דאָרטען זיין חיונה. אין די פייערדיגע ציוניסטישע ניגונים אויף די ווערטער: „השיבנו נאזאר"! וואָס אין זיי, דאכט זיך, זיעדט דער גאַנצער טרערען־ים פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, קען אַ געניטער צוהערער *) אויפ'ן שטעל דערקענען די קרעכצען און זיפ־

---

*) „אַ געניטער צוהערער" מיינט מען איינעם, אין וועמעס אויערן עס קלינגט תמיד די מאַרקסיסטישע מוזיק... ס'איז, פאַרשטעהט זיך, געוועזן פאַלש פון מיר צוריקצופיהרען דעם ציוניזם נאָר צו דעם עקאָנאָמישען קאַמפּף פאַר'ן לעבען, וואָס אונזער בורזשואַזיע פיהרט. אין גאַנצען אָבליקענען די מאַכט אָט פון דעם עלעמענט אויף דאָס אַרויסטרעטען פון דעם ציוניזם וואָלט אָבער צוריק געוועזן אפשר נאָך אַ גרעסערער טעות... .(1908)

צען פון דעם אידישען קאַפּיטאַל, וואָס איהם ווערט ענג און ענגער אין דער איצטיגער געזעלשאַפט אין אייראָפּא.

איהם ווערט ענג מחמת דעם אַנטיסעמיטיזם. דאָס אידישע קאַפּיטאַל, די אידישע געניטקייט אין הלכות מסחר, די רירעוודיג־קייט פון דעם אידישען סוחר און קרעמער, וואָס איהם קאָנען די ניט אידישע סוחרים און קרעמער קיין מאָל ניט דעריאָגען, האָט אַרויס־גערופען אַנטקעגען זיך און אגב אורחא אַנקעגען דאָס גאַנצע אידי־שע פאָלק א מורא'דיגע שנאה ביי „דעם גוי".

די אידישע סוחרים, וואָס רייסען צווישען זיך אליין איינער ביי דעם אַנדערן דעם ביסען פון מויל אַרויס, האָבען ניט קיין אָב־שיי פאַר דעם ביסען, וואָס שטעקט אין די צייהן ביי דעם ניט אידען ; און „דער גוי", וועלכען עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַלט שטאַרק אין די צייהן זיין „חלק", ווערט מלא־חמה ווי נאָר ער בעמערקט, אַז פון זיין חלק איז שוין איהם קיין זכר ניטאָ און אַז א גאַנצער מחנה אידען שלאָגען זיך צווישען זיך פאַר די פּיצלעך פון זיין ביסען.

און וואָס ווייטער עס וואַקסט דער קאַפּיטאַליזם אין דער געזעלשאַפט, וואָס שנעלער עס דרעהט זיך די רעדעל פון מסחר, ווערט אַלץ שטאַרקער די מלחמה צווישען דעם אידישען און דעם ניט אידישען מיטלערען קאַפּיטאַל, אַלץ גרעסער די שנאה צום אי־דען, אַלץ בייזער דער אַנטיסעמיטיזם.

לאָמיר נעהמען, צ. ב., דאָס קליידער געשעפט אין אויסלאַנד. די פאַבריקאַציע פון פאַרטיגע קליידער און שיך קוילעט אַוועק טאָג־טעגליך דעם אויסלענדישען בעל־מלאָכה. ביי וועמען אין די הענד ליגט אָבער כמעט דאָס גאַנצע קליידער־געשעפט ? ביי דעם אידען ! און דער גויעשער בעל־מלאָכה נעהט פערביי די אי־דישע קליידער־מאַגאַזינען, וואָס מעהרען זיך פון טאָג צו טאָג און ווערען פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער, און זיין מוח עגבערט נאָר איין געדאַנק : ווי ווערט מען פּטור פון דעם פרעמדען קאָנקור־רענט ? ווי דערשלאָגט מען דעם פיינד, וואָס זיין איינציגע כלי־זיין איז וואָלוועלקייט ? די סחורה טויג אויף כפרות, אָבער דער מקח איז וואָלוועל !

דאָסזעלבע, וואָס אין דעם קליידער־געשעפט, הערשט כמעט

אין אַלע געשעפטען, וואָס ארבייטען פאַר די בעדערפנים פון די מאַסען... אויף כפּרות, אָבער וואָלוועל ! — דאָס איז דער כּלל גדול, וואָס הערשט איצטער אומעטום, און קיינער האָט אַזוי גוט ניט פערשטאַנען אויסצונוצען דעם כּלל, ווי דער אידישער סוחר... און דער גויעשער בעל־מלאָכה מיט דעם מיטעלען בעל־הבית ענט־פערן אויף דעם אידישען האנדעל מיט אנטיסעמיטיזם. צו זיי שטעהט צו די מיטלערע געלערנטע קאָפּ־ארבייט: „די אדוואָקאַ־טען, דאָקטוירים, אינזשעניערן און זשורנאַליסטען, וואָס קאָנען אויך ניט אויסהאַלטען די קאָנקורענץ פון דעם אידישען געבילדעטען שטאַנד, ווייל דער אידישער אויסגעלערנטער קאָפּ־ארבייטער איז אין דורכשניט פיעל פלינקער און רירעוודיגער, ווי דער ניט אידי־שער, און אָפט מאָל שעהמט ער זיך אויך ניט צוצושטעהן צו דעם גרויסען כּלל פון דעם אידישען מסחר: „אויף כפּרות, אָבער וואָל־וועל“... און אזוי וואַקסט דער אנטיסעמיטיזם אין דער איצטיגער געזעלשאַפט און לאָזט ניט אויפקומען דעם אידען, וואו נאָר ער קאָן. ער עפענט קראָמען מיט דיזעלבע שלעכטע, אָבער וואָלוועלע סחורה, און פערהילכט די גאַסען מיט זיין געשריי: קויפט ניט ביי די אי־דען! ער איז זיך משתדל ביי דער רעגיערונג, זי זאָל ניט צולאָזען די אידען צו אַזעלכע שטעלען, וואָס זענען אָבהענגיג פון איהר, און די רעגירונג טוט דאָס מיט דעם גרעסטען פערגעניגען, אפילו ווען אויפ'ן פּאַפּיער שטעהט אָנגעשריבען, אַז די אידען האָבען גלייכע רעכט ווי די קריסטען; ווידער אין די לענדער, ווי רוסלאַנד און רומעניען, וואו די פּאַפּירענע גלייכבערעכטיגקייט איז לכתחילה ניטאָ, לאָזט די רעגירונג ניט, עס זאָל קומען דערצו.

אָט אַזוי מוז דער אַנטיסעמיטיזם פריהער אָדער שפּעטער ארויסרופען ביי דער אידישער בורזשואַזיע אַ בענקענים נאָך דער אַלטער היים, נאָך אין אייגען לאַנד, וואו זי, די בורזשואַזיע, זאָל זיין די בעל־הבית'טע פון דער גאַנצער מלוכה, וואו זי זאָל קאָנען לעבען נאָך איהר כּלל: „אויף כפּרות, אָבער וואָלוועל!“ און קיינער זאָל זי ניט שטערען, און וואו איהרע זיהן זאָלען קאָנען שטודירען אין די אייגענע אוניווערזיטעטען און דערנאָך בעקומען די פעטע שטעלען אין דער אידישער מלוכה, אין דער אידישער זשורנאַליסטיק, אדוואָקאַטור, א. ז. וו., א. ז. וו.

אָפען גערעדט, האָבען מיר קיין פאַראיבעל ניט אויף דער בורזשואַזיע פאַר איהר ציוניזם. מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז יעדער מענש און יעדער קלאַס מענשען זוכט, וואו בעסער איז, און כל זמן דאָס אידישע פאָלק וועט נאָך זיין צוטיילט אין אַרבייטער און בורזשואַזיע, וועט די בורזשואַזיע שטענדיג אַרומטראָגען זיך מיט דעם ציוניזם אָדער מיט אַן אַנדער מין חלום. און אַזוי ווי זי מיינט שטענדיג, אַז פון איהר גליק הענגט אָב דאָס גליק פון דעם גאַנצען פאָלק, וועט זי טאַקי בתמימות אייביג גלויבען, אַז אַלץ, וואָס איהר איז גוט, איז גוט פאַר דעם גאַנצען פאָלק, און אַלץ, וואָס זי טוט צוליעב איהרע פּראָיעקטען, טוט זי דאָס צוליעב „כל ישראל“.

דער ציוניזם איז די בעוועגונג פון דער אידישער בורזשואַזיע, ווי דער סאָציאַליזם איז די בעוועגונג פון די אַרבייטער־מאַסען בכלל און פון אַלע די, וואָס זענען פעראינטערעסירט, אַז דעם אַרבייטער זאָל זיך בעסער לעבען אויף דער וועלט. און אַזוי ווי צווישען דער בורזשואַזיע און די אַרבייטער קאָן קיין מאָל ניט זיין קיין שלום, אַזוי קען קיין מאָל ניט זיין קיין שלום צווישען דעם סאָציאַליזם און דעם ציוניזם. *)

צום אומגליק איז דאָס נאָך ניט גאָר קלאָר פאַר פיעלע, וואָס מיינען אדרבא, אַז דער ציוניזם קען געהן האַנד אין האַנד מיט דעם סאָציאַליזם און אַז צווישען זיי איז גאָר קיין שום סתירה ניטאָ... לאָמיר זיך עפּעס מעהר אַריינטאָן אין דעם ענין! מיר וועלען דאָ זיך ניט אַריינלאָזען אין א פלוגתא מיט אַזוינע ציוניס־טען, וואָס האָפען, אַז די אידישע מלוכה וועט לכתחילה זיין אויפ־געבויט אויף אַ סאָציאַליסטישען גרונד. מיט אַזעלכע פאַנטאַזיאָ־רען, וואָס גלויבען, אַז מען קען אין טירקיי אויספיהרען דאָס, וואָס

---

*) „זאָגע ניע־ניעמאַלס!“ — זאָגט דער דייטש אַ ווערטעל. אויך בנוגע צו די שייכות צווישען ציוניזם און סאָציאַליזם האָט דאָס לעבען בעוויזען דעם אמת פון דעם ווערטעל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די בענקקענים נאָך אַן אייגענער היים און אַפילו שפּעציעל די בענקקענים נאָך ארץ־ישראל קען גאַנץ גוט צונויפגעגאָסען ווערען מיט דעם סאָציאַליס־טישען אידעאַל. אַ לעבעדיגער בעוויז דערצו זענען די „פּועלי־ציון“. אָבער בעת איך האָב געשריבען מיין אַרטיקעל האָט זיך זייער שטים נאָך נישט געלאָזט הערען אין דעם אידישען לעבען. (1908.)

איז דערווייליע אונמעגליך אויסצופיהרען אין אייראָפּא; וואָס מיי־
נען, אז די אייראָפּעאישע רעגירונגען וועלען מעהר ניט שטעהן פון
ווייטען און צוקוקען, ווי די אידען בעווייזען בעשיינפּערליך פאר
דער גאנצער וועלט די מעגליכקייט פון סאָציאליזם, — מיט אזעלכע
פאנטאזיאָרען האָבען זיך ניט וואָס אָבצוגעבען, ניט די ערנסטע סאָ־
ציאליסטען, ניט די ערנסטע ציוניסטען. מיר וועלען דאָ אויסהער־
רען נאָר אזעלכע ציוניסטיש־סאָציאליסטישע טענות, וואָס לעגען
זיך טאקי אויפ'ן שכל.

איהר מוזט דאָך אליין מודה זיין, זאָגען די ציוניסטען, אז
דער סאָציאליזם איז גאָר ניט קיין היפּך צום ריכטיג פערשטאנענעם
ציוניזם. דער סאָציאליזם וויל — און דאָס קאָן מען בעווייזען מיט
אותות ומופתים — אז אלע פעלקער זאָלען זיין פריי און זעלבסט־
שטענדיג. און היות ווי די אידען זענען דאָך אויך א פאָלק, איז
ממילא האָבען זיי אויך א רעכט צו לעבען אין א זעלבסשטענדי־
גער, פרייער, זייער אייגענער רעפּובליק, — קיין קיסרים האָבען
מיר גאָט צו דאנקען ניט! קאָנען אָבער די אידען לעבען אין אן
אייגענער רעפּובליק אָהן אן אייגענעם לאנד? בוודאי ניט! לכן
מוזען מיר האָבען אן אייגען לאנד, און דער, וואָס ארבייט צוליעב
דעם, נעהט גאָר ניט להיפּך דעם סאָציאליזם. אדרבא! ער העלפט
איהם נאָך ווייל אין א פרייער אידישער מלוכה וועט דער סאָציא־
ליזם האָבען געווים מעהר שאנסען צו וואקסען צווישען די אידען
ווי אין דעם דעספּאָטישען רוסלאנד. און דערצו דאַרף מען ניט
פערגעסען נאָך א זאך: א גוטע סאָציאליסטישע פּארטיי דאַרף
האָבען א גוטע סאָציאליסטישע אינטעליגענץ. דער ארבייטער־
שטאנד האָט נאָך קיין צייט ניט און קיין כח ניט אליין צו שרייבען
זיינע צייטונגען, ביכער און בראָשורען; ער קאָן נאָך ניט אליין
פיהרען די פּראָפּאגאנדע, פיהרען דעם פרייען פּאָליטישען שטרייט.
אז מיר לעבען אין גלות, מוז א טייל פון דער אידישער סאָציאליס־
טישער אינטעליגענץ אוועקגעהן צו דעם פאָלק, צווישען וועלכען מיר
לעבען, און ביי די איבערגעבליבענע מוז אויך א טייל פון זייער
צייט אוועקגעהן אויף פרעמדע ארבייט, נמצא — ליידט דערפון
דער אידישער סאָציאליזם. אָבער אז מיר וואָלטען געהאט אן איי־
גען לאנד, וואָלט ביי אונז ניט פערפאלען געוואָרען קיין איין פּיצעלע

קראַפט. און דערהויפט, די האָפנונג, אַז די אידישע אַרבייטער און די ניט־אידישע וועלען אָנהויבען אין גיכע צייטען צו לעבען ווי ברי־דער, וואוינענדיג אין איין לאַנד, איז נאָך אַביסעלע צו פריה... זעהן מיר דען ניט, אַז אפילו אין די געבילדעטע מלוכות שלאָגען זיך נאָך די פראַנצויזישע אַרבייטער מיט די איטאַליענישע, די אי־טאַליענישע מיט די שווייצאַרישע, א. ז. וו.? זענען דען די פּאָגראָ־מען אין גאַליציע ניט אַ בעוויז, אַז דער פּוילישער אַרבייטער האָט נאָך וועניג געפיהל פון אחדות צו דעם אידישען? און האָבען מיר דען וועניג אַנטיסעמיטען צווישען די סאָציאַלסטען פון אַלע לענדער? דער אַנטיסעמיטיזם, פון וואַנען ער זאָל ניט שטאַמען, איז נאָך אַזוי טיעף איינגעגעסען אין דער איצטיגער מענשהייט, אַז ער וועט געוויס נאָך איבערלעבען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, און וועט נאָך געוויס לאָזען זיך הערען אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אַקוראַט ווי אין דער איצטיגער צייט לעבען און שטרייטען נאָך אַ סך אַלטע געדאַנקען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט, אַזוי וועט אויך דער אַנטיסעמי־טיזם נאָך אַ לאַנגע צייט לעבען אין דער סאָציאַליסטישער געזעל־שאַפט, אַפילו ווען זיינע וואָרצלען ליגען אין דעם לעבען פון די פריהעריגע געזעלשאַפטען.

דער בעסטער מיטעל געגען דעם אַנטיסעמיטיזם, מיינען די ציוניסטען, ליגט אָבער אין דעם ציוניזם. צוויי ברידער, וואָס ליי־דען ניט איינער דעם אַנדערן, ווען זיי וואוינען אין איין דירה, קאָן זיין, אַז זיי זאָלען נאָך ווען עס איז ווערען גוטע פריינד, ווען זיי וועלען וואוינען ווייט איינער פון דעם אַנדערן. דעריבער — זאָגען די ציוניסטען — פערלאַנגט די סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלי־טעט, וואָס וויל, אַלע פעלקער זאָלען לעבען ווי ברידער, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך אָבטיילען און אַרויספאָהרען אין אַ בעזונ־דערע דירה. דערפון איז ווידער אַמאָל נאָך זייערע געדאַנקען גע־דרונגען, אַז צווישען סאָציאַליזם און ציוניזם איז ניטאָ קיין שום סתירה און אַז ביידע, אי די סאָציאַליסטען, אי די ציוניסטען, קאָנען געהן האַנד אין האַנד... אַזוי טענה'ען אָדער קאָנען טענה'ען די סאָציאַליסטישע ציוניסטען.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

3

אויסהערענדיג אָט די טענות, מוז מען קודם כל ענטפערן, אַז פון זיי איז נאָך ניט געדרונגען, אַז די אידישע סאָציאַליסטען, וואָס ארבייטען איצטער צווישען די אידען צוליעב דעם סאָציאַליזם, און די ציוניסטען זאָלען קאָנען געהן האַנד אין האַנד. אויב דאָס, וואָס די ציוניסטען זאָגען, איז טאַקי דער הוילער אמת, מוז יעדער פערנינפטיגער סאָציאַליסט ווערען אַ ציוניסט, און מיט אַלע כחות מוז ער שטרייטען געגען דעם אַ י צ ט י ג ע ן סאָציאַליזם.

שטעלט זיך פאָר, איהר וואוינט אין אַ פרעמדער חורבה, צווישען פיעל שכנים, וואָס קאָנען אייך ניט ליידען, מיט וועמען איהר מוזט שטענדיג האַמפּערן זיך פאַר יעדעם ברעקעלע טרוקענעם אָרט, פאַר יעדען שוואַכען שטראַהל פון דער זון, וואָס שיינט אין איהר אריין. אַז איהר האָט קיין אַנדער ברירה ניט, מוזט איהר, נעבעך, דאָ ליידען און זעהן ווי עס איז געפינען אַ מיטעל צו פערבעסערען אייער לאַגע; אויב איהר האָט קיין אַנדער ברירה ניט, פּרובירט איהר געבען צו פערשטעהן די שכנים, אַז די חורבה געהערט גאָר ניט צו די בעלי־בתים, וואָס שינדען פון זיי די הויט אראָב פאַר שכירות; אַז עס איז דאָ גענוג פּלאַץ, און מאַטעריאַל, און הענד, אויפצובויען אַנשטאָט איהר אַ גרויסע ווייטע און ליכטיגע געבעי, וואו עס זאָל קלעקען אָרט פאַר אַלעמען.

דאָס איז אַ שווערע אַרבייט! יאָהרען געהן אוועק, ביז עס גיט זיך איין אָראָבצורייסען ביי די בעלי־בתים אַ טייל שכירות; יאָהרען וועלען אוועקגעהן, ביז אַלע שכנים וועלען דערקענען, אַז די אמת׳ע בעלי־בתים זענען זיי; צייטען וועלען פערגעהן ביז איהר וועט אין איינעם מיט די שכנים מאַכען אַ תל פון דער אַלטער חורבה און נעמען זיך פאַר דאָס נייע געביי. אָבער וואָס זאָל מען טאָן? באין ברירה!...

איצטער שטעלט אייך פאָר, אַז איהר זייט ביכולת ארויסצופאָהרען פון דער חורבה און אריינציהען אין אַן איינענעם ליכטיגען מויער... משוגע וואָלט איהר געווען כאחד המשוגעים, קאָנען טענה׳ן די ציוניסטען, אויב איהר וואָלט ניט אָנגעווענדעט אַלע אייערע כחות ביז צום לעצטען טראָפּען ענערגיע, כדי נאָר ארויס־

צורייסען זיך וואָס גיכער פון אייער פינסטערער דירה... די גאַנצע צייט, וואָס איהר פערברענגט מיט אייערע שכנים, רייסט איהר אָב פון אייער אייגענער הייליגער זאַך. אַל'דאָס געלד און געזונד, וואָס איהר ברענגט פאַר אַ קרבן אין דער מלחמה מיט אייערע בעלי־בתים פון דער אַלטער חורבה, איז ווי אַרויסגעוואָרפען פאַר גאָר נישט, און וואָלט אייך בעסער גענוצט, ווען איהר זאָלט דאָס אָנ־ווענדען, כדי גיכער צוצושלאָגען זיך צו דעם אייגענעם הויז...

אָהן משלים גערעדט, וואָלט מען דעם ציוניסטישען געדאַנק אין אמת'ען קאָנען אויספיהרען, ד. ה. וואָלט דאָס אידישע פאָלק ווירקליך געקאָנט בעקומען אַן אייגען לאַנד, — וואָלטען מיר גע־קאָנט פערשטעהן, ווי אַזוי די ציוניסטען קומען צום געדאַנק, אַז די אידישע סאָציאַליסטען און איבערהויפּט די אַרבייטער דאַרפען אָוועקלעגען אַלע זייערע פּראָיעקטען אָן אַ זייט און מיט אַלע כחות נעמען זיך דורכצופיהרען דעם ציוניסטישען פּלאַן. יעדער קרבן האָט פאַר די ציוניסטען ניט בעדאַרפט זיין צו שווער. קאָן מען גיכער קומען צום ציעל דורך אַ טעלעגראַם צו קייזער אָדער צום סולטאַן, דאַרף מען שיקען טעלעגראַמען און חנפ'ענען דעם קייזער אָדער דעם סולטאַן ; אַז מען שטרייט פאַר דאָס לעבען, קוקט מען ניט, טאָמער ווערט מען איינריכטען די פינגער... און אויב מען קאָן גיכער קומען צום ציעל, ווען די אַרבייטער זאָלען מאַכען שלום מיט דער בורזשואַזיע, דאַרף מען טאַקי ליידען פון איהר, אמת, אַ ביסעל, אבי זי זאָל אַרויסקריגען ביי די גרויסע הערען די ערלויבענים צו האָבען אַן אייגען לאַנד. ניש'קשה, שפּעטער אין דער היים וועלען מיר זיך מיט דער בורזשואַזיע גוט פאַנאַנדער רעכענען... און טאָ־מער פערלאַנגט דער ציוניזם, מיר זאָלען אַלע פאַלען כורעים פאַר דעם דר. הערצל, דאַרף מען זיך טאַקי בוקען צו איהם און ניט איבעררריידען אַ וואָרט אַנקעגען אַלץ, וואָס ער טוט, וואָס ער רעדט, וואָס ער שרייבט... און דאָס אַלץ פערלאַנגט פון אונז דער ציוניזם, אויב ער וויל אין אמת'ען זיין וויפיעל עס איז פּראַקטיש. די גאַנ־צע ציוניסטישע האָפנונג הענגט אָן די גוטסקייט און גנאַדע פון די רעגירונגען און די קיסרים. מיט דעמאָקראַטען און רעוואָלוציאָ־נערען וועלען זיי אַ מינוט ניט ריידען. מען דאַרף זיך ביי זיי איינ'חנפ'ענען, מען דאַרף זיי ווייזען, אַז דאָס גאַנצע אידישע

פאָלק איז אַ גאָטספאַרכטיג, אונשולדיג בריאה'לע, וואָס איז ווייט חלילה פון די רעוואָלוציאָנערע אידעען פון דער איצטיגער צייט; אַז די אידישע ארבייטער וועלען חלילה ניט פערשלעפּען קיין טירקיי די שרעקליכע מגפה פון סאָציאַליזם און קלאַסענקאמף. מען דאַרף זיי ווייזען, אַז אונזער דר. הערצל, מיט וועמען זיי וועלען דאַרפען ריידען און פיהרען דעם עסק, איז חלילה ניט כ'וויים ווער, אַז ער איז דער געזאַלבטער פון דעם גאַנצען פאָלק, אַז אין זיין שטאַרקער האַנד ליגען די הערצער פון די מיליאָנען אידען, וואָס שטעהן הינ־טער איהם... *)

אַזוי מוז טראַכטען יעדער ציוניסט, וואָס פערשטעהט, אַז מיט רעוואָלוציאָנערע און דעמאָקראַטישע פראַזען קאָן מען ניט אָבגע־מען ביי דעם סולטאַן אַ שטיק מדינה. די סאָציאַליסטען, וואָס גלוי־בען אין ציוניזם, האָבען קיין אַנדער ברירה ניט. זיי מוזען אוועק־לעגען דעם סאָציאַליזם אָן אַ זייט, און זיי קאָנען דאָס פערענטפערן מיט דער לאַגע פון דעם אידישען פאָלק, וואָס פערלאַנגט פון זיי אַזא גרויסען קרבן. זיי קאָנען מיט דעם סאָציאַליזם ניט געהן האַנד אין האַנד, זיי מוזען איצטער אַנקעגען איהם מלחמה האַלטען. דער הייליגער צוועק הייליגט די מיטעל.

ווי איז אָבער, אַז דער הייליגער צוועק, וואָס צווינגט זיי אויף אַ לאַנגע צייט צו בעהאַלטען זייער אייגענעם אמת און מאַכען שלום מיט זייערע גרעסטע פיינד, מיט דער בורזשואזיע און די פרומאַ־קעס, — ווי איז אָבער, אַז דער הייליגער צוועק איז נישט מעהר, ווי אַ ווייסטער חלום? מיט וואָס קאָנען זיי יעמאָלט פער־ענטפערען דעם גאַנצען שמוץ פון זייער בורזשואזער פּאָליטיק, וואָס זיי מוזען שלינגען מיט אַ פרייליכער, צופרידענער מינע? מיט וואָס וועלען זיי פערענטפערען די ברידערשאַפט מיט די גרעסטע

---

*) דאָס זענען אַלץ טענות, וואָס טרעפען אין אַ טייל פון די ציוניסטען, — דעם בורזשואז־רעאַקציאָנערען. די „פועלי־ציון" האָבען בעוויזען, אַז זיי קענען דורכפיהרען אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער בע־וועגונג, אַז אויך זייער אידעאַל זאָל זיין גלייכבערעכטיגט מיט אַלע אַנ־דערע אידעאַלען, און אַז דער אַלגעמיינער אידעאַל זאָל זיי ניט שטערען צו פיהרען דעם קלאַסענקאַמפּף פון די אַרבייטער און די פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר דעם סאָציאַליזם. (1908.)

שונאים פון דעם אידישען פאָלק: די גבירים און די רבנים? מיט וואָס וועלען זיי פערענטפערען דעם שאַדען, וואָס זיי טוען אָן דעם אידישען פאָלק מיט דעם, וואָס זיי מאַכען איהם אָבהענדיג צו שטרייטען פאַר אַ בעסערע לאַגע אין גלות? דעם שאַדען וואָס זיי טוען אָן דעם אידישען ארבייטער מיט דעם, וואָס זיי זעהן אָבצושוואַכען זיין קלאַסענבעוואוסטזיין און שטעהן צו איהם ניט צו אין זיין שטרייט מיט דער בורזשואַזיע? מיט וואָס וועלען זיי פערענטפערען דעם שאַדען, וואָס זיי ברענגען דער גאַנצער אידישער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, פערדרייענדיג מיט פאַנטאַסטישע פראָיעקטען די מוחות פון דעם יונגען געבילדעטען דור, וואָס זיינע בעסערע מיטגליעדער וואָלטען געקאָנט צושטעהן צו דער אידישער סאָציאַליסטישער בעוועגונג און מאַכען אַ סוף צו דעם מאַנגעל אויף אינטעליגענטע קרעפטען, פון וועלכע מיר ליידען איצטער?

אויב דער ציוניזם איז אַ פאַנטאַסטישער חלום; אויב זיין פערשפרעכען צו געבען דעם גאַנצען אידישען פאָלק אַן אייגענע מלוכה וועט קיין מאָל ניט קאָנען מקוים ווערען, איז שווער צו געפינען אַן ערגערען פיינד פאַר דעם אידישען פאָלק, איידער דער ציוניזם! *)

## 4

צום אומגליק אָדער צום גליק, איז דער ציוניזם טאַקי נישט מעהר, ווי אַ פאַנטאַסטישער חלום, וואָס פליהט פאַרנאַנדער, ווי מען עפענט נאָר אויף די אויגען.**)

*) אַפילו ווען דער ציוניזם וואָלט געווען אַ פאַנטאַסטישער חלום, מוז ער אויך ניט זיין שעדליך פאַר די אידישע אַרבייטער־מאַסען, אויב ער מאַכט לעבעדיג אין זיי זייער נאַציאָנאַלע לעבענס־קראַפט, בתנאי, פערשטעהט זיך, ער זאָל זיי ניט אָברייסען פון דער אידישער ווידער־בעלעבונגס־אַרבייט און פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין גלות. אַ סך ציוניסטען האָבען שוין דאָס איינגעזעהן און האָבען דעריבער אין גאַנצען אויסגעמידען די סתירה, וואָס האָט געהערשט צווישען ציוניזם און סאָציאַליזם אין דעם סוף פון דעם פאָריגען יאַהרהונדערט. (1908).

**) דאָס איז אמת, ווען מען קוקט אויף דעם ציוניזם, ווי אויף אַ תרופה פאַר צרות פון היינט, און ניט ווי אויף אַן אידעאַל פאַר דער ווייטער צוקונפט. (1908).

קיין ערנסטער ציוניסט קאָן ניט גלויבען, אז זיין פּארטיי וועט ווען עס איז זיין ביכולת אריבערפיהרען דאָס רוב אידען קיין ארץ ישראל. פּאלעסטינא, אפילו אז מען זאָל צו איהר צונעמען סיריען, איז א גאנץ קליינע מדינה'לע, וואָס פערנעהמט העכסטענס 183.000 *) קוואדראט קילאָמעטער. א היבשער טייל פון זיי געהט אראָב אויף בערג און וויסטע מדבריות, וואָס וועלען נאָך א גוטע פּאָר הונדערט יאָהר בלייבען אומבעוואָהנט. לאָמיר אָבער רעכענען, אז גאנצע 150.000 קוואדראט קילאָמעטער וועט מען קאָנען בעארבייטען. די הויפּט פּראָדוקטען, וואָס די ביידע לענדער גיבען ארויס (ברויט, זייד, בוימאייל, וואָל, וויין און פּרות), פערלאנגען א סך ערד, כדי צו געווינען זיי. אויף מורא'דיגע פאבריקען, וואָס זאָלען ארבייטען פאר דעם וועלט־מארק, וועגען וועלכע עס פאנטאזירט דער פאנאנדערגעהיצטער כח הדמיון פון איינינע ציוניסטען, קאָן מען ניט רעכענען, ווייל דאָס קלייניקע „יודענלאנד“, וועט ניט קאָנען אויסהאלטען די קאָנקורענץ אויף דעם וועלט־מארק מיט די גרויסע און שטארקע אינדוסטריעלע פעלקער. נאָר לענדער מיט א שטארקען חיל, מיט פיעל יונים, הארמאטען און דאמפף־שיפען קענען איצטער אָברייסען א קליינעם ווינקעלע אויף דעם וועלט־מארק. אידען וועלען דארפען לעבען אין ארץ ישראל און סיריען פון זייער אייגענעם לאנד, דערהויפּט פון ערד־ארבייט. אין אזעלכע לענדער קאָן מען ניט לעבען געדיכט איינער נעבען דעם אנדערן. אין דורכשניט קאָן ארץ ישראל און סיריען ניט האָבען א געדיכטערע בעפעלקערונג, איידער גריכענלאנד, למשל, ד. ה. אן ערך פון 30 פּערזאָן אויף א קוואדראט קילאָמעטער. דאָס איז שוין פאר ארץ ישראל

---

*) ה' מאָצקין האָט אויף דעם צווייטען באזעלער קאָנגרעס אָנגעגעבען די צאָהל פון 280.000 קוואדראט קילאָמעטער. פון וואנען ער האָט זיי גענומען — ווייסען מיר ניט. אונזער צאָהל האָבען מיר גענומען פון דעם בעסטען מקור — פון דער ענגלישער ענציקלאָפּעדיע.

(The Encyclopedia Britannica, Vol. XXII, 823)

און סיריען אויך אַ גוזמא. *) 150,000 מאָל 30 איז אַ קיימאַ לן פון פיער און אַ האַלב מיליאָן. דאָס וואָלט געווים געוועזן ניט שלעכט, ווען מען וואָלט געקאָנט אַריבערפיהרען פיער און אַ האַלבען מיליאָן קיין ארץ ישראל; אָבער דאָס אומגליק איז, וואָס דאָרטען וואוינען שוין צוויי מיליאָן נפשות און דווקא ניט אידען...

דערצו נאָך וועלען די אידען קיינמאָל ניט קאָנען אויספיהרען, אַז זיי אַליין זאָלען נאָר האָבען דאָס רעכט אַרויסצופאָהרען קיין ארץ ישראל און סיריען. די עמיגראַציע וואַקסט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער. ווי נאָר זי וועט געוואָהר ווערען, אַז אין די טערקישע פּראָווינצען קאָן מען מאַכען אַ לעבען, וועט קיין קראַפט אין דער וועלט ניט איינהאַלטען דעם דייטשען, פּוילישען אָדער אירלענדישען פויער, וואָס איהם ווערט ענג אין דער היים, פון צו געהן קיין ארץ ישראל. ער וועט ניט נתפעל ווערען פאַר הערצלען מיט זיין גאַנצער רעגירונג, ווייל די אייראָפּעאישע קאָנסולען וועלען שוין געבען צו פערשטעהן דער אידישער רעגירונג, אַז זיי וועלען ניט דערלאָזען, אידען זאָלען געוועלטעוועןן איבער בירגער פון אייראָפּעאישע לענדער. און אויב די הערצל'שע רעגירונג וועט דאָס ניט וועלען פערשטעהן, וועט מען שיקען אַ פּאָר פּאַנצער־שיפלעך אַ ביסעל אַרומשפּאַצירען אַרום יפו, אַקוראַט ווי דאָס האָט געטאָן דייטשלאַנד ניט לאַנג מיט אַ קליינינקער מלוכה'לע, וואָס האָט אין זיך געהאַט די מורא'דיגע העזה פּוגע בכבוד צו זיין אַ דייטשען אונטערטאַן; און וואָס פּאַנציר־שיפלעך מיינען, דאָס פערשטעהט יעדער זעהר גוט, נמצא — וועט מען ניט קאָנען איינהאַלטען די ניט־אידישע עמיגראַציע קיין ארץ ישראל. און ממילא קאָן מען ניט האָפען, אַז די צוויי און אַ האַלב מיליאָן נפשות, וואָס פּאַלעסטינא און סיריען קאָנען איצטער אין זיך אַרייננעהמען, זאָלען בעשטעהן דורכאויס פון אידען. די קליגערע ציוניסטען זאָגען, אַז זיי וועלען זיין זעהר צופרידען, אויב עס וועט זיך איינגעבען אַרויס־

---

*) איניגע ציוניסטען האָבען אויסגערעכענט, אַז אַ מיטעלע משפּחה (פון פינף פּערזאָן) דאַרף האָבען אין ארץ ישראל דורכשניטליך 30 דעסיאַטין, קומט אויס נאָך דעם חשבון אויף יעדען קוואַדראַט קילאָמעטער וועלען קאָנען וואוינען ניט מעהר ווי 15 פּערזאָן, אַקוראַט אין צווייען ווע־ניגער, ווי מיר רעכענען.

צופיהרען פון גלות מעהר ניט, ווי אנדערהאלב ביז צוויי מיליאָן אידען.

אויב די ציוניסטען קאָנען באמת צופרידען זיין מיט אזא רע־זולטאַט, ווייס איך ניט, אָבער דאָס איז געוויס: מיט אַ קליינינ־קער מלוכה׳לע פון צוויי מיליאָן אידישע איינוואוינער קאָן מען נאָך ניט העלפען דעם גאַנצען אידישען פאָלק, וואָס האָט אַליין אין רוס־לאַנד, פוילען און גאַליציען איבער זעקס מיליאָן נפשות. האָט אונז עפּעס געהאָלפען די עמיגראַציע אין אַמעריקא, וואָס האָט אַרויס־געפיהרט פון רוסלאַנד און גאַליציע קרוב צו אַ מיליאָן אידען? אין פינף און צוואַנציג יאָהר איז דער שאַדען ווידער נתמלא גע־וואָרען, אין פופציג יאָהרען וועלען די אידען גאָר ניט מערקען, אַז פון זיי זענען אַוועקגעפאָהרען צוויי מיליאָן נפשות. און דערמאָנט מען זיך, אַז די צוויי מיליאָן, אויף וועלכע די ציוניסטען קאָנען רע־כענען, וועלען אויך ניט אַרויספאָהרען מיט איין מאָל; אַז די עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינא, אויב מיר וועלען זי איבערהויפּט דער־לעבען, וועט זיך אויך ציהען ניט וועניגער ווי אַ יאָהר פופציג, — קאָן מען זיין זיכער, אַז זי וועט אונז לחלוטין ניט מאַכען גרינגער דאָס לעבען אין גלות: מיר וועלען זי קוים בעמערקען. היינט וואָס קאָן אונז דער ציוניזם געבען? וואו נעמט זי ביי איהם די ברייט־קייט אַרויסצוטרעטען מיט דער הבטחה, אַז ער קאָן העלפען דאָס גאַנצע פאָלק, אַז ער קאָן אונז אויסלייזען פון גלות?

אמת, אַ טייל ציוניסטען מיינען, אַז אויב מיר וועלען האָבען אונזער אייגענע מלוכה, אפילו אַ קליינינקע, וועלען די פרעמדע פעלקער האָבען אָבשיי אויך פאַר די אידען, וואָס וועלען בלייבען אין גלות, ווייל אַלע וועלען וויסען, אַז עס איז דאָ אַ אידישע מלוכה, וואָס קאָן בעשירמען איהרע קינדער, אַז עס איז דאָ אַ פאָלק, וואָס קאָן זיך איינשטעלען פאַר זיינע ברידער... אָבער פון אזא האָפנונג איז טאַקי מעהר נישט ווי חוזק צו מאַכען. דאָס רוב פון דעם אי־דישען פאָלק, ד. ה. אַלע אידען, וואָס וועלען בלייבען אין גלות, וועלען בלייבען ביי אַזעלכע ים־לייבען, ווי רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסט־רייך, פראַנקרייך, אַמעריקא, ענגלאַנד, און אויף זיי וועט דאָס די קליינינקע מייזעלע, „אידענלאַנדיע“, אַרויפוואַרפען אַן אימה! אַ טויט־שרעקענים וועט אויף זיי אָנפאַלען, בעת זיי וועלען לייענען

אין די צייטונגען אַז אין „אידענלאַנדיע“ האָט מען געהאַלטען אסיפות, אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט פייערדיג געפּראָטעסטירט אַנקעגען דעם, וואָס מען טרייבט אידען פון מאָסקווא, וואָס מען שלאָגען אידען אין גאַליציע, וואָס מען לאָזט ניט צו קיין אידישע משפּחות אין אַלזשיר!... איז דען רוסלאַנד, בשעת זי האָט דערוואָרגען איהרע דייטשע אונטערטעניגע אין די באַלטישע פּראָווינצען, אַ סך נתפּעל געוואָרען פאַר דייטשלאַנד, פאַר דעם גרויסען דייטשלאַנד, מיט זיין בעריהמטען חיל און זיין גרויסער ראָלע, וואָס עס שפּיעלט אין דער אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַטיע? וועט רוסלאַנד פיהרען צערעמאָניעס מיט זיינע אידען בלויז דערפאַר, וואָס ערגעץ וואו אין אזיען איז פאַראַן אַ קליין אידיש מדינה'לע, וואָס שטעהט אונטער דער אויבערהערשאַפט פון דעם טערקישען סולטאַן!...

איהר זעהט, אַפילו אַז מען זאָל שוין נאָכגעבען, אַז הערצעל'ס פּלאַנען זאָלען מקוים ווערען, איז דערפון דעם אידישען פאָלק ניט קאַלט און ניט וואַרעם. אַ גרויסער טייל פון דער אידישער בורזשואַזיע וועט דערביי מאַכען ניט שלעכטע געשעפטען, אַ קליינער טייל פון די אידישע אַרבייטער וועט דערביי געפינען די געלעגענהייט צו פערקויפען זיינע הענד, ווי ער פערקויפט זיי אומעטום, — און דאָס איז דער גאַנצער סך הכל פון דעם ציוניזם! פון מאַכען אַ סוף צו די אידישע צרות, פון אויסלייזען די אידען פון דעם ביטערען גלות קאָן דאָ גאָר קיין שום רייד ניט זיין!

און אויך דער פּיצינקער סך הכל איז נאָך דערווייל גאַנץ ווייט פון צו זיין אַן אָבגעמאַכטע זאַך, און עס איז נאָך אַ גרויסער ספק, אויב דער גאַנצער עסק וועט זיך אַ מאָל איינגעבען...

און צוליעב אזא נישטווערטיגער *) פאַנטאַזיע זאָל מען פערקויפען דער אידישער בורזשואַזיע די אינטערעסען פון די אידישע

*) מיין יעמאָלדיגע שנאה צו דעם ציוניזם ווערט דערקלערט אין די וויטערע רייד. זי שטאַמט פון דער פאַלשער און שעדליכער שטעלונג, וועלכע ער האָט אָנגענומען בנוגע צו דער אַרבייט אין גלות. אויף וויפיעל דער ציוניזם שטעהט נאָך אויף זיין „גלות־פיינדליכער“ פּאָזיציע, אויף אַזוי פיעל וועט נאָך די שנאה צו איהם בלייבען לעבעדיג, אויף אַזוי פיעל וועט מען נאָך מוזען קעמפּפען אַנקעגען איהם. (1908.)

ארבייטער! צוליעב אזא נישטווערטיגען וויסטען חלום זאָל מען אָבווענדען די גערדאנקען פון דעם אידישען פאָלק פון זיינע נויטיגע ציעלען אין דער היים! בעת דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין רוס־לאַנד און פוילען איז ארומגעצווימט פון אַלע זייטען מיט הונדערט געזעצען, וואָס לאָזען איהם ניט א פרייען שריט טאָן, בעת ער רייסט זיך מיט אַלע כחות דורכצוברעכען דעם צוים, און זאָל דאָס נאָר זיין אויף אזוי פיעל, אז ער זאָל קאָנען ארבייטען, וואו ער וויל און וואָס ער וויל, ציהען די חיונה פון זיינע אייגענע הענד; בעת מען דאַרף יעדען איבעריגען גראָשען אוועקגעבען אויף צו דערגרייכען דעם ציעל, — קומען מענשען מיט פער׳חלום׳טע פנים׳ער און ווילען איהם איינרעדען, אז זיין איינציגע ארבייט דאַרף זיין — ווארפען אַלץ און געהן צום טערק! און זיי האָבען נאָך די העזה צו רעדען פון די אינטערעסען פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק!!

בעת מיר זעהן ווי צוליעב אזא וויסטען נישטווערטיגען חלום היצט מען פאַנאַנדער די פאַנטאַזיע פון דעם אידישען פאָלק און פון די אידישע יונגע לייט, וואָס וואָלטען אונז געקאָנט העלפען אין אונ־זער עקאָנאָמישען שטרייט מיט דער אידישער בורזשואזיע און אין אונזער פּאָליטישען שטרייט מיט דער רוסישער רעגירונג פאַר דער פרייהייט און נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגקייט פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק; און בעת צו אונז קומען יונגע ציוניסטען, וואָס האַלטען זיך פאַר סאָציאַליסטען, און ווילען אונז איינשמועסען, אז מיר קאָנען מיט זיי געהן האַנד אין האַנד, — מוזען מיר זיי ענט־פערען: איידעלקייט אָן א זייט! איהר מעגט אייך זיין גאַנץ אָרענטליכע און פיינע מענשען, אָבער אַלץ, וואָס איהר מאַכט, איז א שאַדען פאַר דער הייליגער זאַך פון די אידישע ארבייטער! יע־דען שקל, וואָס איהר נעמט ביי דעם אידישען אָרעמאַן, איז אַן עבירה פאַר איהם און א היזק פאַר דער ארבייטער־בעוועגונג! יע־דען מענשען, וואָס איהר רייסט אָב פון אונז אָדער וואָס איהר האַלט אָב פון צוצושטעהן צו אונז, איז א שאַדען פאַר דעם אידישען סאָ־ציאַליזם!

מיר ווייסען גאַנץ גוט, אז דאָס אידישע פאָלק וועט נאָך ניט אזוי גיך פון אייך פטור ווערען. כל זמן עס וועט זיין א אידישע בורזשואזיע, אזוי לאַנג וועט זי ארומטראָגען זיך מיט אזוינע נישט־

ווערטיגע אידעאַלען, ווי אייערע; אָבער כל זמן עס וועט זיין אַ אידישע בורזשואַזיע, וועט זי שטענדיג געפינען גענוגען זיך און איה־רע אידעאַלען די אידישע אַרבייטער און די אידישע סאָציאַליסטען, וואָס וועלען ניט אויפהערען אויפצוקלערען דעם פאָלק וועגען זיינע ווירקליכע אינטערעסען, וועגען זיינע ווירקליכע פריינד און פיינד, אויפצוקלערען דעם אידישען אַרבייטער וועגען זיין גרויסען גע־שיכטליכען ציעל, וואָס ער דאַרף דערגרייכען אין איינעם מיט די אַרבייטער פון אַלע אַנדערע פעלקער... מיר וועלען קיין מאָל ניט אויפהערען אָבצורייסען פון אייך דאָס פליטער־גאָלד, מיט וואָס איהר זייט בעפוצט, און אויפווייזען, אַז אונטער די שעהנע רייד פון ציוניזם שטעקט דער נאַקעטער הוילער עגאָאיזם פון דער אידישער בורזשואַזיע. *)

## 5

דער קליינער פּלאַץ, וואָס מיר האָבען פאַר אונזער היינטיגען אַרטיקעל, ערלויבט אונז ניט צו בעטראַכטען די ציוניסטישע פראַ־גען פון אַלע איהרע זייטען, גוט פאַנאַנדערצוקלייבען אַלע געדאַנ־קען, מיט וועלכע דער ציוניזם האָט בעגליקט דאָס אידישע פאָלק און די גאַנצע געבילדעטע וועלט צום סוף פון איצטיגען יאָהרהונדערט.

עס איז געוויס זעהר אינטערעסאַנט צו זעהן, ווי עס לעבען אָב אין אַ נייער פאָרם רעיונות, וואָס זענען שוין, דאַכט זיך, לאַנג צו־פוילט געוואָרען אין זייערע קברים; ווי אַנשטאָט די אַלטע ווער־טער, וואָס האָבען אין אונזער צייט אָנגעוואָרען זייער קרעדיט, שפּיעלען איצטער ביי די ציוניסטען נייע און כלומרשט וויסענ־שאַפטליכע ווערטער און נעמען אַ ראָליע, ווי צ. ב., „ראַסען־קאַמפף“, „נאַציאָנאַל־געפיהל“ און דערגלייכען; מיר מוזען אָבער אָבלעגען אויף אַן אַנדערס מאָל דאָס פערגניגען טיעפער אריינצו־

*) איך האָב די גאַנצע שטעל ניט אויסגעמעקט, ווייל: „טשטאָ נאַפּיסאַנאָ פּיעראָם, ניע ווירוביש טאָפּאָראָם“. זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די געפיהלען פון די אידישע סאָציאַליסטען פון יענער צייט, — גע־פיהלען, וועלכע די שעדליכע טאַקטיק פון די יעמאָלדיגע ציוניסטען האָט געמוזט אַרויסרופען. (1908).

לאָזען זיך אין די ציוניסטישע חקירות, אויסהערען און אָבשאצען זייערע געדאנקען וועגען דער געשיכטע פון דער מענשהייט בכלל און דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק בפרט, א ביסעל לענגער דורכשמועסען זיך מיט זיי וועגען אַנטיסעמיטיזם, נאציאָנאליזם און כדומה אזעלכע ענינים, וואָס זענען נוגע צו דער אידישער פראגע. מיר האָפען אין דעם „אידישען ארבייטער" עפּטער צו ריידען מכח ריין־אידישע עסקים, און דערביי וועט זיך געווייס געפינען די געלעגענהייט נאָך א גוטע פּאָר מאָל צונויפטרעפען זיך מיט די ציוניסטען. *)

איצט ווילען מיר נאָר ענטפערן בקיצור אויף נאָך א פּאָר טענות, וואָס די ציוניסטען שטעלען אָפטמאָל ארויס אַנקעגען אונז.

אין גרונד, זאָגען די ציוניסטען, האַלט איהר, סאָציאַליסטען, ווייניג וואָס פון דעם אידישען פאָלק; איהר האָט האָלד שמערלען, פּייווישען, חיים'ען, איבערהויפּט ווען זיי זענען ארבייטער. איהר זענט אָבער קאַלט צו דעם אידישען פאָלק בכלל. אייער האַרץ ליגט ניט צו איהם. ווי עס קומט צום אידישען פאָלק, ווערט איהר מענשען מיט קאַלטע קעפּ, נאָר חשבון, נאָר מוח. א פּיצעלע אידיש האַרץ דאָס איז ביי אייך אויף א רפואה ניטאָ. דערפאַר קענט איהר אונז, ציוניסטען, ניט פערשטעהן. אייך פעהלט דער חוש פון א נאציאָנאַלער ליעבע, אייך פעהלט „דאָס פּינטעלע איד". וואָס איז די פּעולה, וואָס איהר פאָדערט נאציאָנאַלע גלייכע רעכט, אז אייך אַרט ניט, אויב דאָס גאַנצע אידישע פאָלק וועט פערשוואונדען ווערען צווישען אַלע אַנדערע פעלקער, ווי א טראָפּען אין ים? מיט וועלכע כחות קאָנט איהר דען איינהאַלטען דאָס אידישע פאָלק פון צו פערשווינדען, אז א בעזונדערע מלוכה פאַר איהם ווילט איהר ניט, און אין דער אידישער רעליגיאָן, וואָס האָט ביזאהער צונויפגעשמיעדט די אידען פון אַלע לענדער צו איין פאָלק, גלויבט איהר ניט? מיט וועלכע אינטערעסען און אויף וועלכע

*) די האָפנונג צו קענען זיין אַ שטענדיגער מיטאַרבייטער אין דעם בונדיסטישען אָפיציעלען אָרגאַן איז לייִדער ניט מקוים געוואָרען. פאַר דער הערשענדער ריכטונג אין „בונד" בין איך געוועזן צו אַפּיקורסיש אין דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, צו נאַציאָנאַליסטיש אין דער אידישער פראַגע. (1908.)

אופנים ווילט איהר צונויפבינדען אין איינעם די אידישע ארבייטער פון אַלע לענדער, אז דעם ניו־יאָרקער אידישען אר־בייטער איז דער יענקי (אמעריקאנער) מעהר ברודער, איידער דער אידישער אַרבייטער אין ווילנא, און דעם אידישען אר־בייטער אין ווילנא איז „סטיאָפּקע" אָדער „כאָמקע" א נעהנטערער קרוב, איידער זיין „בלוט" חיים זעליג, וואָס ארבייט אין לאָנדאָן ? ביי אונז, ציוניסטען, איז גאָר עפּעס אַנדערש ! לאָז זיין, אונזער ציעל איז מעהר נישט, ווי א חלום, אָבער ער איז א חלום פאַר דאָס גאַנצע פאָלק ! לא על הלחם לבדו יחיה האדם ! ניט פון עקאָנאָמיע אליין לעבט דעם פאָלק'ס נשמה ! דאָס פאָלק דאַרף האָבען א הייליגען אידעאַל, וואָס זאָל איהם מאַלען זיין צו־קינפטיגען לעבען, ווען אַלע זיינע קינדער וועלען לעבען אין איי־נעם און וועלען זיך פיהלען, ווי גליעדער פון איין גוף ! קענט איהר דען, סאָציאַליסטען, אויפווייזען אזא אידעאַל ?

שווערע קשיות, הארבע טענות ! אָבער לאָמיר זיך א ביסעלע נעהנטער צוקוקען !

די סאָציאַליסטען האָבען ניט האָלד דאָס אידישע פאָלק, זאָגט איהר, און די ציוניסטען געהן אויס פון ליעבשאַפט צו איהם ! וואו איז דער בעוויז ? וואָס די ציוניסטען פילדערן שטענדיג וועגען זייער ליעבע צום אידישען פאָלק, און די סאָציאַליסטען שוויי־גען וועגען דעם ? איז דאָס אָבער א ראיה ? אונז דאַכט זיך, אז די מעשה איז אַקוראַט פערקעהרט : אז די סאָציאַליסטען, וואָס פער־שוויינען זייער ליעבע צום פאָלק, האָבען אין תוך אריין א סך העל־טער דאָס פאָלק, איידער די, וואָס שרייען אויס זייער ליעבע אין אַלע גאַסען און אין אַלע געסלעך.

שטעלט אייך פאָר, אז א פּאָר גרויסע מענשען פון די, וואָס האָבען זיך אזוי פיעל יאָהרען געהאַלטען פאַר אמת'ע דייטשען און וואָס שטורעמען איצטער וועגען זייער אידישען נאַציאָנאַל־געפיהל, — שטעלט אייך פאָר, אז אזעלכע נייגעבאַקענע אידישע פּאַטריאָ־טען וואָלטען זיך א מאָל אויפגעכאַפּט אין דער פריה און וואָלטען זיך דערוואוסט, אז זיי זענען גאָר ניט די הערּרען אזוינע און אזוי־נע, נאָר געבאָרענע דייטשען, און אז אפילו זייערע עלטער־עלטער זיידעס זענען קיין מאָל ניט געוועזען קיין אידען, אז זייער גאַנצע אי־

רישקייט האָט נאָר זיי שווער געחלום׳ט. ווי מיינט איהר, וועט דאָס זיי א סך פערדריסען, וואָס זיי זענען ניט קיין אידען?

גלויבט מיר, זיי וואָלטען פון שמחה שיער ארויסגעשפרונגען פון דער הויט! זייער גאַנצער ציוניזם שטאַמט נאָר דערפון, ווייל זיי ווילען זיין גוים, אָבער זיי קענען ניט אָדער מען לאָזט זיי ניט. און דאָס רוב געבילדעטע ציוניסטען זענען אידען על פי גוים, ווייל מען לאָזט זיי ניט זיין קיין גוים. הערט זיך נאָר צו צו זייער קלאָגען און זיפצען. טענה׳ען זיי ניט, זיי וואָלטען גערן געווען רוסען, דייטשען, פוילען, ווען ניט דער פערפלוכטער אנטיסעמיטיזם? און זיי מאַכען אזא ליאַרעם איצטער פון זייער אידישקייט!

אצינד בעטראַכט דעם פשוט׳ען אידישען ארבייטער, וואָס איהם איז גאָר קיין מאָל ניט ארויף אויפ׳ן זינען, אז ער איז ניט קיין איד, וואָס האָט אָבער קיינמאָל ניט געשטורעמט און געליאַרעמט, אז ער איז א איד. זיין „פינטעלע איד“ פעהלט איהם געוויס ניט, אָבער ער פיהלט עס ניט; ניט ווייל עס איז פער׳חלש׳ט, אדרבא, ווייל עס איז מורא׳דיג געזונד. געזונטע ציין שפירט מען ניט אין מויל, דערהערען דערהערט מען א קראַנקען צאָהן... און דער אידישער ארבייטער איז געזונד, זיין נאַציאָנאַל־געפיהל איז ביי איהם נאָרמאַל, ער פיהלט זיך געוויס נעהנטער צו אלע אידישע ארבייטער און צו דעם אָרעמען פאָלק בכלל, איידער צו די ניט־אידען, אקוראַט ווי ער האָט זיינע אייגענע קינדער ליעבער, איידער קינדער פון א פרעמדען; אקוראַט ווי זיין אייגענע מוטער איז איהם ליעבער, איידער א ווילד פרעמדע אלטע אידענע. אָבער זיין געזונטעס נאַציאָנאַל־געפיהל געהט האַנד אין האַנד מיט זעהר א געזונטען סאָציאַל־געפיהל, און דער פרעמדער ארבייטער איז איהם געוויס טייערער און נעהנטער, איידער דער אייגענער בורזשוא, ווייל די פרעמדע ארבייטער זענען זיינע ברידער, מיט וועלכע ער מוז געהן האַנד אין האַנד אין זייער ביידענס שטרייט אנקעגען דער אידישער און ניט אידישער בורזשואזיע, און אקוראַט אזוי ווי דער אידישער ארבייטער, פיהלען אלע אידישע סאָציאַליסטען, וואָס ארבייטען צווישען אידען. זיי האָבען געוויס האָלד דאָס אידישע פאָלק, ווען אפילו זיי שרייען ניט וועגען דעם. דאָס האָלד־האָבען זיין אייגען פאָלק איז א טבעית, א נאַטירליכע זאַך; מען טאָר זיי

ניט זידלען דערפאַר, אָבער קיין גרויסער דאַנק דערפאַר קומט זיי אויך ניט, זיי ליעבען דאָס פאָלק, אָבער זיי שפּירען אָפטמאָל ניט זייער ליעבע, ווי מען שפּירט ניט זיין איינען געזונט. ביי איך אָבער, מיינע העררען ציוניסטען, איז דאָס „פינטעלע איד" קראַנק, דעריבער רייסט איהר זיך אויף די ווענד...

איין זאַך איז געוויס אמת אין די אַלע טענות, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס אויסגעהערט: מיר, סאָציאַליסטען, האַלטען מוראַדיג פיעל פון „חשבון" און פון „מוח". מיר וועלען קיין מאָל ניט ארבייטען צוליעב א ציעל, וואָס שטימט ניט מיט דעם חשבון, וואָס געהט כנגד דעם שכל. אָבער דערפון איז נאָך ניט געדרונגען, אז מיר האָבען אייז־קאַלטע נשמות און האָבען בטבע פיינד אַן אידעאַל; מיר האָבען נאָר ניט האָלד אַזוינע אידעאַלען, וואָס ציטערען פאַר'ן חשבון און פאַר'ן מוח, ווי פאַר זייערע ערגסטע פיינד... אָבער אזוי זענען מיר אויך ניט מעהר ווי בשר־ודם'ס; אין אונזערע אָדערען פּולסירט אויך ווארעמעס בלוט און מיר האָבען אויך לוסט צו שעהנע און ערהאַבענע אידעאַלען, אויב זיי פיהרען אונז נאָר ניט אראָב פון וועג, אויב זיי שטערען אונז ניט אין אונזער נויטיגער און הייליגער ארבייט. אויך מיר פאַנטאַזירען וועגען דער צוקונפט פון דעם אידישען פאָלק, וואָס איז אונז געוויס אזוי טייער, ווי איך, ליעבע ציוניסטען, און אפשר נאָך מעהר!

אָבער דאָס מוזט איהר איין מאָל פאַר אַלע מאָל וויסען זיין: מיר נויטען קיינעם ניט צו גלויבען אין אונזער אידישען אידעאַל, וואָס מיר האָבען אלס אידען, ניט נאָר אַלס סאָציאַליסטען, ווייל מיר קאָנען ניט בעווייזען מיט אותיות ומופתים, אז עס וועט טאַקע אַליין אזוי ארויסקומען, ווי מיר האָפען. אָבער דאָס ווייסען מיר אויף געוויס, אז ווען אַלע אידישע ארבייטער און דאָס גאַנצע אָרעמע אונטערדריקטע פאָלק וועט צושטעהן צו איהם, קען זיין, אז אונזערע האָפנונגען זאָלען מקוים ווערען.

אלס סאָציאַליסטען, האָפען מיר אַלע אז דאָס פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער וועט פון זיך אראָבוואַרפען די הערשאַפט פון די קאַפּיטאַליסטען און די טיראַנען און מאַכען א סוף צו דער איינטיילונג אין אָרעם און רייך, פון קאַפּיטאַליסט און ארבייטער. אַלע מענשען וועלען זיין ארבייטער און וועלען לעבען בכבוד פון זייער

ארבייט, ממילא וועט אויך דאָס אידישע פאָלק פטור ווערען פון זיינע בלוט־זויגער.

דערצו נאָך האָפען מיר אלס אידען: ערשטענס, אז די אידי־שע פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס דער יונגער אידישער דור האָט אין דער לעצטער צייט בעשאַפען פאַר דאָס אידישע פאָלק, וועט אלץ וואַקסען און וואַקסען, וועט אלץ צוציהען מעהר טאַלאַנטען צו זיך און וועט זיך דערשלאָגען צו אַזאַ מדרגה, אויף וועלכער עס שטעהן די שעהנסטע אייראָפּעאישע ליטעראַטורען. מיר האָפען, אז די אי־דישע שפּראַך, וואָס איז אונז אַזוי טייער און הייליג, ווי דעם דייטש די דייטשע, דעם רוסען די רוסישע און ווי דעם אלטען אידען זיין לשון־קודש, וועט אלץ רייכער ווערען אין ווערטער און אין אויס־דריקען. זי איז נאָך איצטער אָרעם, הארט און ברעקעלדיג, ווייל די אידישע געלערנטע, די געבילדעטע, די פּאָעטען און די בעל־ליטריסטען שרייבען גאָר ניט אויף אידיש; אָבער ווי נאָר די קינסטלער פון דער שפּראַך וועלען אין דעם פלאַס פון טאַלאַנט פאַנאַנדערוואַרעמען דאָס מאַטעריאַל פון דעם אידישען לשון, אריינ־גיסען עס אין אנדערע פאָרמעס, מאַכען פון איין אלטען וואָרט דריי נייע, צוטרעפען דעם פאָלק'ס געשמאַק אין דעם, ווי ער דריקט זיך אויס, — וועט דער אידישער לשון ווערען רייך און ווייך, פליסענ־דיג, און אין איהם וועט מען קענען אויסדריקען אלץ, וואָס מען וויל.

און ווי נאָר די אידישע ליטעראַטור וועט ווערען רייך אין ביכער פון אַלערליי וויסענשאַפטען, וועט דער יונגער דור ניט דאַר־פען זוכען די ערשטע נויטיגע קענטניס ביי די פרעמדע פעלקער. זיינע מענשליכע געפיהלען און זיינע פרייע געדאַנקען וועט ער קע־נען אויסבילדען אין דער היים, אין דער אייגענער שפּראַך. דאָס וועט איהם נאָך מעהר צובינדען צו זיין פאָלק. אלץ, וואָס ער וועט אויפטאָן אין וויסענשאַפט און קונסט, וועט ער פערעפענטליכען אויף אידיש, און די אידישע קולטור, די אידישע בילדונג וועט אלץ וואַקסען אָהן אן אויפהער און וועט ווערען א מורא'דיגע קראַפט, וואָס וועט צונויפבינדען אין איינעם ניט נאָר די געבילדעטע מיט דעם פאָלק, נאָר אויך אלע אידען פון אלע לענדער.

ווייטער האָפען מיר, אז די אידישע פּראָלעטאַריער פון אלע לענדער וועלען מאַכען איין האַנד און וועלען גרינדען איין זעלבסט־

שטענדיגען אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטער־בונד, וואָס וועט אומע־טום בעשירעמען די אינטערעסען פון דעם פאָלק און וועט אומעטום העלפען די פעלקער, צווישען וועלכע די אידען לעבען, ניכער דער־שלאָגען זיך צו אונזער סאָציאַליזם און פרייהייט; און אין דער פרייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט דאָס אידישע פאָלק פיהרען זיין לעבען אַזוי, ווי עס וועט איהם בעסער געפעלען. מיר, אידען, וועלען האָבען אונזערע שוהלען און קלוגע איינגעפיהרטע חדרים, אונזערע גימנאַזיעס און רעאַל־שולען, אפילו אונזערע איי־גענע אוניווערזיטעטען. אויב דריי מיליאָנען שווייצער קענען אויס־האַלטען 10 אוניווערזיטעטען, וועלען די זיעבען ביז אַכט מיליאָן אידען, וואָס ריידען אידיש, אודאי קענען אויסהאַלטען פינף און צוואַנציג. און אויף אַזאַ אופן וועט דאָס אידישע פאָלק ווערען איינס פון די געבילדעטסטע צווישען די פעלקער.

אין דער אַלטער וועלט האָט געהערשט דער כלל: דאָס פאָלק — דאָס איז זיין מדינה. און דעריבער האָט יעדעס פאָלק געזוכט צו האָבען אַן אייגען לאַנד און אַן אייגענע מדינה. אין דער נייער וועלט אָבער וועט זיין אַ כלל: דאָס פאָלק — דאָס איז זיין קולטור, זיין בילדונג. און דעריבער קען דאָס אידישע פאָלק בלייבען פאָליטיש און רעכטליך וואווינען צו־זעעט און צושפּרייט צווישען אַלע פעלקער, און דאָך בלייבען אי־דען, וואָס וועלען לעבען מיט זייערע שכנים אין שלום און האָבען דיזעלביגע רעכטע ווי זיי, ווי צ. ב., די פראַנצויזען, וואָס לעבען צווישען די דייטשען אין דער שווייץ *).

און אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט, סיי אין ווילנא אָדער

*) דער פערגלייך איז, מיט רחמנות גערעדט, ניט גאָר קיין גליקלי־כער. די פראַנצויזען האָבען אין דער שווייץ זייער טעריטאָריע. אַ חוץ דעם האָט די פראַנצויזישע קולטור אַן אייגענע מדינה אין פראַנקרייך. — איך זאָג זיך אויך איצטער ניט אָב פון די קולטורעל־אויטאָנאָמיס־טישע אידעאַלען, וואָס איך האָב צום ערשטען מאָל פערעפענטליכט אין דעם „בונד'ס" צענטראַל־אָרגאַן. זיי זענען ניט פאַלש, נאָר צווועניג. ווי יעדער מענש שטרעבט צו פרייהייט, אַזוי שטרעבט יעדעס פאָלק צו זעלבסטשטענדיגקייט; און זעלבסטשטענדיג קעמפען מיט דער אַרומיגער נאַטור, זעלבסטשטענדיג שאַפען עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאָר־מען פון דעם לעבען קאָן מען ניט, זייענדיג צוזייט און צושפּרייט. (1908).

אין װאַרשאַו, סײ אין ניו־יאָרק, װעלען זײַן שטאָלץ אויף זײער פאָלק, שטאָלץ אויף זײַן בילדונג און זײַן קולטור, — די אײנציגע גאוה, װאָס מאַכט דעם מענשען אײדעל און דערװעקט אין איהם דעם ברען צו העכערער בילדונג, צו דעם אײנציגען רײכטום, װאָס מען קען ניט פערשליסען אין קאַסטענס, װאָס װערט נאָר געשעצט, אז מען פערטײלט עס צװישען אַנדערע.

און אַלע אַנדערע פעלקער װעלען בעקאַנט װערען מיט אונזער פאָלק און װעלען זעהן, אַז מיר זענען אויך ניט ערגער פון זײ, אז מיר זענען אויך פעהיג אויפצונעמען אין זיך די בעסטע פרוכט פון דער אײראָפּעאישער ציװיליזאַציע, איבעראַרבײטען אין א נײער פאָרם און אװעקגעבען צוריק דער װעלט דעם קרן מיט פּראָצענט, און װײטער נעמען, און װײטער געבען, און די אַלטע נבואה פון אונזער גרעסטען פּאָעט ישעיה הנביא װעט מקוים װערען: „די פעלקער װעלען לעבען אין פרידען צװישען זיך, און די גאַנצע ערד װעט װערען פול מיט װיסענשאַפט, װי דער ים איז פול מיט װאַסער“... און אויב עס איז טאַקי בעשערט, אַז אַלע פעלקער פון דער װעלט װעלען נאָך א סך א סך יאָהרען צונויפפליסען אין אײן פאָלק, װעט געװיס דאָס אידישע פאָלק אויך אויפהערען צו זײַן א בעזונדער פאָלק; אָבער ביז צו יענער צײט װעט עס לעבען װי א גלײכבערעכטיגט גליעד מיט אַלע אַנדערע.

און נאָך אַזױנע האָפנונגען און אידעאַלען דערװאַרעמען אונזער הארץ, בעת מיר טראַכטען װעגען דעם אידישען פאָלק און זײַן צוקינפטיגען לעבען צװישען אַלע פעלקער...

אמת, דערװײַלע זענען דאָס נאָך װײטע אידעאַלען, און אַז מען רײסט זיך אָב פון זײ און מען גיט א קוק אויף דעם הארטען, קאַלטען װירקליכען לעבען, נעמט אָן א שװינדעל, און שװערע ספקות גנב'ענען זיך אַרײַן אין הארצען. אָבער װי נאָר מיר מאַכען די ערשטע טריט אין דער װירקליכקײט, לעבט װידער אָב דער אידעאַל, װײַלע אַלץ, װאָס מיר װאָלטען געקענט טאָן צוליעב איהם, טוען מיר און מוזען מיר טאָן סײ װי סײ: אַזױ הײסט, אַזױ פאָדערט די הארטע און קאַלטע װירקליכקײט.

זי פאָדערט פון אונז, מיר זאָלען אויסאַרבײטען און אויסבעסערען אונזער שפּראַך, װײַלע אַז ניט װעלען מיר ניט קענען אי־

בערגעבען דעם פאָלק די הויכע און קלוגע געדאַנקען פון דעם איצ־טיגען סאָציאַליזם.

זי פאָרדערט פון אונז, מיר זאָלען אויפהויבען אויף א הויכע מדרגה אונזער פאָלקס־ליטעראַטור, ווייל די אידישע אַרבייטער דאַרפען האָבען בילדונג און אויפקלערונג, כדי צו בעפרייען זיך פון די אַלטע געדאַנקען, כדי צו קוקען מיט א קלאָרען בליק אין דער וועלט און צו דערקענען זייער לאַגע.

זי פאָרדערט פון אונז, מיר זאָלען פערשפּרייטען וואָס מעהר וויסענשאַפט צווישען דעם פאָלק, ווייל וויסענשאַפט איז דאָס בעס־טע כלי־זין, מיט וועלכען דער פּראָלעטאַריאַט שטרייט פאַר זיין בע־פרייאונג.

דאָס לעבען פאָדערט פון אונז, מיר זאָלען וואָס מעהר צו־ציהען צו אונזער בעוועגונג די געבילדעטע, פריידענקענדע און איי־דעל־פיהלענדע יונגע לייט, כדי זיי זאָלען נעמען אויף זיך די אַר־בייט, וואָס דער ארבייטער קען נאָך לעת־עתה ניט אויספיהרען.

דאָס לעבען פאָרדערט פון אונז, מיר זאָלען העלפען אין יע־דען לאַנד דעם דאָרטיגען פּראָלעטאַריאַט אין זיין שטרייט פאַר פריי־הייט און יושר, ווייל מיר אַליין, מיט אונזערע כחות, זענען צו שוואַך צו דערשלאָגען זיך צו אונזער ציעל.

די ווירקליכקייט פאָרדערט פון אונז, מיר זאָלען זיין אויפ־געבונדען מיט אַלע אידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער; ערש־טענס, ווייל מיר מוזען אויסהעלפען איינע די אנדערע מיט סאָ־ציאַליסטישער ליטעראַטור, וואָס נאָר אידען קענען שרייבען פאַר אידען. און צווייטענס, גלויבען מיר, אז עס איז ניט ווייט די צייט, ווען אַלע אידישע ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס וועלען איינזעהן, ווי נויטיג עס איז צו גרינדען איין אינטערנאַציאָנאַלען אידישען ארבייטער־סעקרעטאַריאַט; כדי דער אידישער פּראָלעטאַריער, וואָס וואַנדערט פון איין לאַנד אין דאָס אַנדערע, זאָל ניט דאַרפען אָנקומען צו די בעלי־טובות פון דער אידישער בורזשואַזיע; כדי ער זאָל אין דער אידישער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע זעהן א מאכט, וואָס זאָרגט פאַר איהם אומעטום; כדי ער זאָל ניט ארייננפאַלען אין די הענד פון די אידישע קאַפּי־טאַליסטען און פאַר די פאַר גראָשען צדקה פערקויפען די ארביי־

טער׳ס אינטערעסען און קאָנקורירען אנקעגנען זייגע אָרגאניזירטע ברידער מיט זיין וואָלוועלער ארבייטער־קראַפט.

איהר זעהט, די ווירקליכקייט, דאָס לעבען אליין לענט דעם פונדאמענט, אויף וועלכען עס קען אויפגעבוים ווערען אונזער אידעאל פאר דאָס גאנצע אידישע פאָלק.

מיר ריזיקירען מיט קיין זאך ניט צוליעב דעם אידעאל; אלץ, וואָס מיר טוען, טוען מיר צוליעב דער ווירקליכקייט; אָבער מיר וואָלטען ניט אנדערש און ניט בעסער געקענט טאָן צוליעב דעם אידעאל. מיר ריזיקירען מיט קיין זאך ניט און קענען געווינען די בעסטע לאגע פאר דעם אידישען פאָלק. די ציוניסטען אָבער ריזיקירען מיט אלץ: מיט די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די אידישע ארבייטער, וועלכע זיי האָבען פערקויפט צו דער אידישער בורזשואזיע; מיט די קולטורעלע אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק, מיט די פאָליטישע אינטערעסען פון דעם גאנצען אידישען פאָלק אין וועלכע זיי האָבען פערקויפט צו די אידישע רבנים און מגידים; גלות, אויף וועלכע זיי ווילען גאָר ניט א קוק טאָן... אלץ, וואָס דעם מענשען דארף זיין הייליג און טריי, שטעלען זיי אין קאָן, און קענען העכסטענס געווינען א נייעם מארק פאר דער אידישער עקספלואטאציע און אפשר אין גאנצען פערליערען זייער שפיעל...

קען מען נאָך זיין אין ספק, צו וועמען מען זאָל צושטעהן: צום ציוניזם אָדער צום סאָציאליזם?

---

# אוים דעם „פריינד“

אונ

# דעם „פאָלק“

1) דאָס אידישע פאָלק און די אידישע שפראך.

2) די דריי פעריאָדען אין אונזער גלות־געשיכטע.

3) קאָן דאָס אידישע פאָלק פערשווינדען?

4) דער טעריטאָריאַליזם — במזומן אָדער אויף באָרג?

# דאָס אידישע פאָלק און די אידישע שפּראַך *)

## .1

ביידע — דאָס אידישע פאָלק און די אידישע שפּראַך — האָבען כמעט דעמזעלבען מזל. קודם כל פאָדערט מען פון ביידען, זיי זאָלען בעווייזען, אַז זיי זענען א מ ת ׳ ע; אַז דאָס אידישע פאָלק איז באמת א פאָלק און אַז די אידישע שפּראַך איז באמת א שפּראַך. דאָס איז שוין דער גורל זייערער אויף דער וועלט: שטענדיג דאַרפען זיי האַלטען אָנגעגרייט א פּאַספּאָרט, אין וועל־כען עס זאָלען זיין אויסגערעכענט אַלע ס מ נ י ם; און טאָמער, חלילה, פעהלט איין סימן — איז פּסול.

„איך בין א פאָלק", זאָגט דאָס אידישע פאָלק: „און ניט אבי וואָס פאַר איינס; איך בין אייך, זאָלט איהר וויסען זיין, איין אויסדערוועהלט פאָלק, איין „אתה בחרתנו!"

„ביסט א פאָלק? אהער מיט דער כתיבה! שטימען אַלע סמנים?... א אידישע נאָז — דאָ; אידישע אויגען — דאָ; א אידישער קאָפּ, א אידיש האַרץ — דאָ; א אידישע שפּראַך... הם... דאַכט זיך, דאָ; א לאַנגע אייגענע אידישע געשיכטע, פול מיט צרות, גזרות און בלבולים, דאָ. א אידיש לאַנד... א אידיש לאַנד... האַ? וואו איז א אידיש לאַנד? פעהלט א סימן... מיט אַזא פּאַספּאָרט טאָרסטו ניט וואוינען אין דעם לייסטער פון די פעל־קער... אוים פאָלק! גע׳ה! ביסט ניט קיין פאָלק, ביסט א סכום מענשען!"

„איך בין א שפּראַך", זאָגט אידיש: „אויף מיר ריידען מיליאָ־נען מענשען מיט טייערע גמרא־קעפּ און וואַרעמע, ווייכע הערצער".

„ביסט א שפּראַך? אהער מיט דער כתיבה! שטימען אַלע סמנים? אייגענע ווערטער — דאָ; אייגענע אידישע אויסדריי־

---

*) צוערשט אָבגעדרוקט אין דעם פּעטערסבורגער „פריינד", 1904.

קען — דאָ; איינענע אידישע פאָלקסליעדער — דאָ; אידישע גלייכווערטלעך, וויצען, ממרות — דאָ; אַן אייגענע ליטעראַטור... הם! אַ קליינינקע, אָבער דאָ; צייטונגען, זשורנאַלען אין אידיש — דאָ! אַ אידישע גראַמאַטיק, אַ אידישע גראַמאַטיק... האַ? וואו איז אַ אידישע גראַמאַטיק! פעהלט אַ סימן... מיט אַזאַ פּאַס־פּאָרט טאָרסטו ניט וואוינען אין דעם לייסטער פון די שפּראַכען... אויס שפּראַך! געה! ביסט ניט קיין שפּראַך, ביסט נאָר אַ סכום ווערטער, אַ זשאַרגאָן".

אוןביידע, דאָס אידישע פאָלק און די אידישע שפּראַך, בע־האַלטען צוריק אין די קבצנ'ישע זעקלעך די פסול'ע פּאַספּאָרטען זייערע און פערלאָזען בעטריבט די לייסטערס פון די שפּראַכען און די פעלקער.

ניטאָ קיין לאַנד! ניטאָ קיין דקדוק!

„אַ שעהנעם תכלית האָבען פון אונז די געלערנטע געמאַכט!" הויבט אָן דאָס אידישע פאָלק. „דו ביסט מעהר נישט, ווי אַ סכום ווערטער; איך בין מעהר נישט, ווי אַ סכום מענשען... אויס פאָלק! אויס שפּראַך!"

„און נאָך אַ זשאַרגאָן דערצו, האָבען זיי געזאָגט. אויף ווע־מען? אויף מיר אָדער אויף דיר?" — פרעגט די אידישע שפּראַך, וואָס ווייסט ניט דעם אויסדרוק „זשאַרגאָן".

„דאַכט זיך, אויף דיר", — ענטפערט דאָס אידישע פאָלק.

„ניין, אויף דיר!" האַמפּערט זיך די אידישע שפּראַך.

„אויף אונז ביידען", מאַכט אַ פּשרה דאָס אידישע פאָלק. „ביידע זענען מיר, אפנים, אַ מין זשאַרגאָן, רחמנא לצלן! וואָס טוען מיר אָהן אַ דקדוק און אָהן אַ לאַנד?"

„סיידען די ציוניסטען וועלען קויפען ביי'ם תוגר אַ דקדוק", פאַנטאַזירט די אידישע שפּראַך.

„אָדער, לכל הפחות, אַ לאַנד", זיפצט אָב דאָס אידישע פאָלק.

„מיינסט דאָס איז גרינגער?" וויצעלט די אידישע שפּראַך.

און מיט אַ מאָל טוען זיי אַ קוק איינס אויף דאָס אַנדערע און צולאַכען זיך פריילוך, אויפ'ן קול.

„כאַפּט זיי דער וואַטענמאַכער!" זאָגט אַרויס די אידישע

שפּראַך. „דקדוק — שמיקדוק; לאַנד — שמאַנד! ס'ט' גע־הערט? גלאַט געערדט! כ'מיי' וואָ'?"

און ביידע זענען געווים זעהר גערעכט, וואָס זיי לאַכען פון די היינט־מאָדישע געלערענטע, וואָס לייקענען אין דעם אידישען פאָלק, ווייל עס האָט ניט קיין לאַנד, און אין דער אידישער שפּראַך, ווייל זי האָט ניט קיין גראַמאַטיק.

און אין דער אמת'ען! קיין גרעסערען משוגע'נעם געדאַנק האָט נאָך די וועלט ניט ארויסגעבראַכט איידער דעם, וואָס מיינט, אַז אַ בעזונדער אייגען לאַנד געהערט צו די סמנים פון אַ פאָלק. ווי וויכטיג אַן אייגען לאַנד זאָל ניט זיין פאַר דאָס לעבען פון דעם פאָלק, איז עס דאָך מעהר נישט, ווי א תנאי, אַ בעדינג, אַ מיטעל צו זיין לעבען, אָבער ניט אַ טייל פון זיין זיין אויף דער וועלט. אַ פאָלק בעשטעהט ניט פון וואַסער, ערד, בערג, טאָלען, וועלדער און פעלדער. זיי, די פעלדער און וועלדער, קענען ניט זיין אפילו דער קלענסטער חלק פון אַ פאָלק, וואָס בעשטעהט גאָר פון לעבעדיגע מענשען, מיט אַ בעזונדערען גוף און אַ בעזונדער נשמה, מיט בע־זונדערע השלמות, מעלות און חסרונות, און וואָס אין איהם קען מען מיט דעם בעסטען מיקראָסקאָפּ ניט געפינען קיין איין קערענ־דעל זאַמד און ערד, קיין איין אטאָם לאַנד.

אַ בוים דאַרף האָבען ערד, וואו ער זאָל קאָנען לאָזען זיינע וואָרצלען און פון וואַנען ער זאָל קענען ציהען זיין חיונה. אָבער איז דען די ערד אַ טייל פון דעם בוים? קען מען דען דעם בוים ניט איבערזעצען פון איין אָרט אויף אַן אַנדער אָרט? הערט ער אויף צו זיין אַ בוים, ווייל ער וואַקסט ניט מעהר אין טערקיי, נאָר אין רוסלאַנד? קען ניט אויף דעמזעלביגען אָרט וואַקסען אַ סך בוימער פון פערשיעדענע מינים?

איך וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף דער שאלה, וואָס עס וואָלט געווען בעסער פאַר דעם אידישען בוים: ער זאָל וואַקסען מיט נאָך אַנדערע מיני בוימער אין איין וואַלד, אָדער אַליין פער־נעהמען אַ שטיק פּלאַץ און קיין אַנדערע מינים צו זיך ניט אריינ־לאָזען. אוודאי בעסער פ אַ ר זיך אַ וואַלד; דאָס וועט אייך יעדער אגראָנאָם זאָגען. אָבער וועלכער מטורף וועט דערפון דרינ־גען, אַז יעדער וואַלד מוז בעשטעהן פון איין מין בוים, אַז ניט

איז ער קיין וואלד ניט, און אויב אַ מין בוים וואקסט צווישען "פּרעמדע" וועלדער, איז ער דעריבער גאָר קיין בוים ניט? פאַראַן אַ סך פעלקער אויף דער וועלט, וואָס האָבען נאָך גאָר קיין מאָל קיין אייגען לאנד ניט געהאט. אַלע וואנדער־פעלקער, וואָס וויסען נאָך ניט פון ערד־ארבייט, יעגער און שאָפּהיטער, וואָס וואנדערן ארום פון איין אָרט אויף דעם אנדערן, — זענען זיי גאָר קיין פעלקער ניט? פּרואווט דאָס אַ זאָג טאָן דעם עטנאָלאָג, דעם געלערנטען, וואָס בעשעפטיגט זיך דוקא מיט דער וויסענשאפט וועגען פעלקער, — וועט ער אייך אויסלאַכען... געווים אַ ציגיינער־שער לעבען איז ניט קיין מאכל, אָבער איך רייד ניט דערפון! רופט אונז ציניינער, רופט אונז שאָפּהיטער. „וואָס מיר זענען — זענען מיר, אָבער א י ד ע ן זענען מיר", אָבער אַ פ אָ ל ק זענען מיר, ווען אפילו מיר האָבען ניט קיין לאנד.

„איהר האָט ניט קיין לאנד, דעריבער זייט איהר ניט קיין פאָלק". וואָס־זשע דען זענען מיר?...

„מענשען!" הערען מיר איין ענטפער מיט גאוה פון אַ קליי־נעם טייל איצטיגע יונגע לייט, וואָס זיי האָט זיך פלוצלינג פאַר־וואָלט מעלה גרה זיין דעם אלטען קאָסמאָפּאָליטיזם!

אַ שעהנער תירוץ, כ'לעבען! ס'איז פונקט, ווי מען וואָלט קומען צו אַ פּראָפעסאָר אַ זאָאָלאָג מיט אן אקאָרשט געפאנגענעם זעלטענעם פויגעל און איהם בעטען, ער זאָל נאָך די סמנים זיינע דערפאָרשען, וואָס דאָס איז: אן אָדלער, אָדער אַ שפּארבער, אָדער אפשר אן אנדער מין? און דער אַלטער פּראָפעסאָר וואָלט אָנגע־טאָן זיינע שפּאַקולען, וואָלט גוט בעטראַכט דעם שנאָבעל און די פליגלען, און די פעדערן, און וואָלט דערנאָך מיט גרוים גדלות ארויסגעזאָגט זיין מיין: „דאָס איז אַ פויגעל!"

אַ חכם! אז ס'איז אַ פויגעל, — דאָס זעהט דאָך יעדערער. די שאלה איז דאָך, ו ו אָ ס פּ אַ ר אַ מ י ן פויגעל דאָס איז?

וואָס פאַר אַ מין פויגעל איז דאָס אידישע פאָלק? זענען מיר פראנצויזען? ניין! זענען מיר דייטשען? רוסען? פּוילען? ניין, ניין און ניין! מען קען אויסרעכענען אַלע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט, די וואָס זענען דאָ און אויך די וואָס זענען שוין

לאַנג ניטאָ, און אויף יעדעס פון זיי װעלען מיר מוזען ענטפערען: ניין!

און פון דעסטוועגען זענען מיר ניט קיין בעזונדער פאָלק, נאָר סתם מענשען?

נאָך דער מיינונג נאָך, קומט דאָך אויס, אַז די גאַנצע מענשהייט איז איינגעטיילט אין צוויי ניט גלייכע טיילען. דער גרעסטער טייל בעשטעהט פון פערשיעדענע פעלקער און נאָר אַ גאַנץ קליינינקער חלק פון דער מענשהייט בעשטעהט פון סתם־מענשען. די סתם־מענשען זענען אין אַלץ אָבגעשיידט פון די פעלקער־מענשען און מען רופט זיי „אידען". אידען זענען ניט קיין פאָלק, נאָר סתם־מענשען; אָבער אַזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער זענען ניט גלייך צו אידען, ווייזען די אידען אויס, כלומרשט, ווי אַ פאָלק.

צו וואָס קען מען דאָס פערגלייכען? צו אַ חלל, צו אַ לאָך פון אַ בויגעל. דאָס לאָך, דער חלל איז גאָר נישט, אָבער ער ווייזט אויס ווי אַ בעזונדער זאַך, ווייל ער איז ניט בויגעל; ריכטיגער, ווייל דער בויגעל איז ניט ער... אָדער נאָך אַ בעסערען פערגלייך. פאַראַן אַזעלכע וויץ־בילדער, וואָס מען רופט זיי אויף דייטש „וועקסיר־בילדער", — בילדער צום פייניגען. אָנגעמאָלט איז אויף אַזאַ בילד, לאָמיר אָננעהמען, אַ הויז, אַ פּלאַנקען, און אַ פּאָר גרויסע בוימער, מיט אַ סך צווייגען, און מעהר גאָר נישט. אונטען שטעהט געשריעבען: "וואו איז די קאַץ?" מען קאָן זיך גוט אָנפּייניגען, ביז מען געפינט זי, די קאַץ. ד. ה. בעצם איז קיין קאַץ ניטאָ; נאָר די צווייגען פון די בוימער זענען אַזוי אויסגעמאָלט, אַז דער לעדיגער שטח צווישען זיי זעהט אויס, ווי אַ קאַץ. אָט אַזאַ מין „וועקסיר־קאַץ" זענען די אידען, נאָך דער מיינונג נאָך פון אונזערע סתם־מענשען. בעצם זענען זיי ניט קיין פאָלק, נאָר אַזוי ווי אַלע אַנדערע מענשען זענען פעלקער, זעהט אויס דער לעדיגער שטח פון סתם־מענשען אויך ווי אַ בעזונדער פאָלק, אפשר מיט דעם איינציגען חלוק, וואָס עס קאָסט נאָר קיין ברעקעל מיה ניט, אויפ'ן שטעל ארויסצוגעפינען, וואו דער איד איז...

כ'לעבען! שוין צייט אוועקצוואַרפען די אַלטע נאַרישקייט פון די „סתם־מענשען"! אַז אַלע פויגלעך וואָלטען אין אַלץ געווען אַקוראַט ווי אָדלערס, וואָלטען ניט געווען קיין פערשיעדענע

מיגים פויגלעך און עס וואָלטען ניט געווען קיין אָדלערס. אז אלע מענשען וואָלטען אין אלץ אויסגעזעהן פונקט ווי אידען, וואָלטען ניט געווען קיין פעלקער און עס וואָלטען ניט געווען קיין אידען. אָבער כל זמן עס וועלען זיין אָדלערס און שפּאַרבערס, טויבען און גענז, וועט ניט זיין קיין סתם־פויגלעך; און כל זמן עס וועלען זיין דייטשען און פראַנצויזען, רוסען און פּוילען, וועלען ניט זיין קיין סתם־מענשען. אויף קיין פּאָלק קען מען ניט קוקען, ווי אויף א חלל פון א בויגעל, ווי אויף א לעדיגען שטח, ווי אויף א וועקסיר־קאַץ; ווארום דעמזעלביגען וויץ קען מען מאכען מיט יעדען פּאָלק, מיט דעם פראַנצויז, אזוי גוט, ווי מיט דעם דייטש אָדער דעם פּויל. אויף יעדען פון זיי קען מען זאָגען, אז ער איז ניט קיין פּאָלק, נאָר א סכום פון מענשען, נאָר ער זעהט אויס ווי כלומרשט א פּאָלק, ווייל אלע אנדערע מענשען זענען ניט אזוי, ווי ער. און כל זמן עס קענען ניט זיין סתם־מענשען, כל זמן עס וועלען זיין פעל־קער און אידען, וועלען אידען זיין א פּאָלק, ווי אלע פעלקער, און זיי וועלען בלייבען א פּאָלק, ווען אפילו זיי זאָלען קיין מאָל ניט בעקומען קיין אייגען לאַנד. סיידען זיי זאָלען שוין לגמרי פער־שווינדען פון דער וועלט! אָבער דאָס געהערט שוין ניט צו אונ־זער היינטיגען ענין. דאָס אידישע פּאָלק איז א פּאָלק, ווען אפילו אין פּאַספּאָרט פעהלט א סימן.

.2

נו, און וואָס איז מכח דער אידישער שפּראַך? איז די טענה, אז זי איז ניט קיין שפּראַך, נאָר א סכום ווערטער, אויך אזוי נאַריש, ווי די טענה, אז דאָס אידישע פּאָלק איז קיין פּאָלק ניט?

ניין! ניט אזוי נאַריש, הונדערט מאָל נאַרישער, ווייל... ווייל די אידישע שפּראַך האָט קיין איין מינוט ניט געלעבט אויף דער וועלט אָהן א גראַמאַטיק...

ווי עס קען ניט זיין א לאַנד אָהן א קלימאַט, א זאַך אָהן א טעמפּעראַטור; ווי עס קען ניט זיין קיין טאָג אָהן א בעשטימטע דאַטע, — אזוי קען ניט געמאָלט זיין, אז א סכום מענשען זאָלען

אויסדריקן זייערע געדאַנקען אין אַ סכום ווערטער, און אין זיי זאָל ניט שטעקן קיין גראַמאַטיק. דאָס איז אַ כּלל פאַר אַלע מענ־שען, און אידען קענען אין דעם פּרט ניט זיין קיין אויסנאַם, קיין יוצא מן הכּלל...

„סטייטש! סטייטש!“ הער איך פון אַלע זייטען: „אידיש און גראַמאַטיק? היתכן? דער שטובמיידעל'ס לשון האָט אַ דקדוק? האַלט אונז ניט צום נאַרען! איהר ווייסט דעם אידישען דקדוק? „איך געה ארויס אַ קוק טאָן, וואו איז ד ע ר פערדעלע, ערשט ניטאָ ד אָ ס פערדעלע! אנטלאָפען ד י פערדעלע!“ אַ שעהנע גראַמאַטיק!“

„שאַט, רבותי! ענטפער איך, אין מביאין ראיה מן הפערדעלע! דער, די, דאָס פערדעלע איז נאָך גאָר קיין בעוויז ניט. וואָס איז אַ גראַמאַטיק? אַ גראַמאַטיק איז דאָס גאַנצע סיסטעם פון כּללים, וואָס הערשען אין דעם, ו ו י דאָס פאָלק ווענדט אָן זיין „סכום־ווערטער“, בעת ער דריקט אין זיי אויס זיינע געדאַנקען. די כּללים בעשטעהען, ערשטענס, אין דעם בעשטימטען אָ ר ט, וואָס יעדעס וואָרט מוז פערנעמען אין די רייד, כּדי מען זאָל פערשטעהן, וואָס מען מיינט. דער אָרט איז ניט קיין הפקר־זאַך. ווערטער, וואָס דאַר־פען שטעהן פריהער, טאָר מען ניט שטעלען שפּעטער, און אומגע־קעהרט. דערנאָך מוז מען די ווערטער אַביסעל איבעראַנדערשען, צו־געבען זיי אַ בעזונדער געשטאַלט, כּדי מען זאָל פערשטעהן, אין וואָס פאַר אַ שייכות איין וואָרט שטעהט צו'ם אַנדערען. אָט לאָמיר נעה־מען, צום ביישפּיעל, טאַקי די רייד פון דעם פערדעלע, וואָס האָט אַרויסגערופען אייער כּעס, רבותי, און לאָמיר זעהן, שטעקט אין זיי כּללים אָדער ניט, איז דאָרטען דער „סכום ווערטער“ אַ הפקר־וועלט, אָדער זיי מ ו ז ע ן זיך בויגען אונטער דער הערשאַפט פון דעם דקדוק?

איך געה ארויס אַ קוק טאָן, וואו איז ד אָ ס פערדעלע, — ערשט ניטאָ ד ע ר פערדעלע! אנטלאָפען ד י פערדעלע!“

דער סכום ווערטער, וואָס פון איהם בעשטעהט דער דאָזיגער מאמר, איז ניט קיין גרויסער: „איך, ארויסגעהן, אַ קוק טאָן, וואו, זיין, דער פערד, ערשט, ניטאָ, דאָס פערד, אנטלויפען, די פערד“. וואָלט די אידישע שפּראַך געווען אַ „הפקר־וועלט“, וואָלט זי ניט

געמוזט דערקענען איבער זיך די אויבערהערשאַפט פון די גראַ־מאַטיקאַלישע כּללים, — וואָלט יעדער איד געקענט דעמזעלביגען געדאַנק אויסדריקען אויף אַזאַ אופן: „געהן ארויס פערד, פערד, פערד, ערשט איך גיטאַ דאָס טאָן קוק דער זיין אנטלויפען די וואו". דערזעלביגער סכום פון דיזעלביגע ווערטער, אָבער צונויפגעשטעלט ניט ווי די אידישע גראַמאַטיק פאָרדערט, האָט פערלאָרען יעדען זין. זיי זענען ווי איינצעלנע רעדלעך פון אַ פאַנאַנדערגענומענעם זייגער, וואָס ליגען איינס לעבען דאָס אַנדערע: כּדי דער זייגער זאָל געהן, דאַרפען די רעדלעך און די אַנדערע חלקים פון דעם זיי־נער צונויפגעשטעלט זיין אויף אַ בעזונדער אופן, נאָך אַ ב ע ־ ש ט י מ ט ע ן כּלל; אַז ניט — געהט ניט דער זייגער. און אפילו, אַז מיר זאָלען צונויפשטעלען די ווערטער, ווי די גראַמאַטיק האָט געבאָטען אין זייער רויער, ניט פערענדערטער געשטאַלט, וועט נאָך אויך ניט ארויסקומען דער געדאַנק, וואָס מיר ווילען איהם אויסדריקען. אין די ווערטער: „איך ארויסגעהן אַ קוק טאָן וואו זיין דער פערד, ערשט גיטאַ דאָס פערד, אנטלויפען די פערד" — וועלען מיר אפשר ט ר ע פ ע ן, וואָס מען מיינט.

פאַראַן אַזעלכע שפּראַכען, וועלכע בענוגענען זיך נאָר מיט דעם, וואָס זיי בעשטימען מעהר נישט ווי דעם אָרט, די אָרדנונג פון די רויע, אונפערענדערטע ווערטער; אָט דאָס איז זייער גאַנצע גראַ־מאַטיק. די אידישע גראַמאַטיק פאָרדערט אָבער נאָך מעהר: פאַר איהר איז ריכטיג צ ו נ ו י פ ש ט ע ל ע ן דעם „סכום ווער־טער" ווייניג. אַ פולע פון זיי דאַרף מען אויך ריכטיג פ ע ר־ע נ ד ע ר ן. אין אונזער ביישפּיעל מוז איך דאָס וואָרט „געהן" פערענדערן אין „געה" און אַוועקשטעלען איהם נאָך דעם „איך" און פאַר דעם „ארויס"; דאָס וואָרט „זיין" מוז איך פערענדערן אין דעם וואָרט „איז", „אנטלויפען" אין „אַנטלאָפען", און אַזוי ווייטער... אין איטליכער פון די דאָזיגע פערענדערונגען שטעקט אַ גראַמאַטיקאַלישער כּלל. און אַלע אַזעלכע כּללים, וואָס זענען דאַכט זיך, גאָר ניט אַזוי נויטיג און וויכטיג, היט די אידישע שפּראַך שטריינג אָב. וואו האָט איהר געהערט, אַז דאָס פאָלק זאָל אנשטאָט „איך אנטלויף, דו אנטלויפסט, ער אנטלויפט", זאָגען: איך א נ ט ל ו י פ ס ט, דו א נ ט ל ו י פ ט, ער א נ ט ל ו י ף"?

דער שכל איז גאָר ניט מחייב, אַז מען זאָל דוקא זאָגן : „דו אנט־לויפסט, ער אנטלויפט“, און ניט פערקעהרט : „ער אנטלויפסט, דו אנטלויפט“. אָבער דער גראַמאַטיקאַלישער כּלל, וואָס שטעקט אין דער אידישער שפּראַך, פאָרדערט אזוי, און יעדערער, וואָס וואָלט וועלען רעדען אַנדערס, וואָלט מאַכען אַ גראַמאַטיקאַלישען גרייז, און מען וואָלט איהם גאָר ניט פערשטעהן... דאַרף איך נאָך דער־מאָנען אָן די פיעל אנדערע כּללים, וואָס מיר קענען אויפדעקען אויף יעדען שריט און טריט אין אונזער שפּראַך ? ווער עמיצען אַרויף אויפ'ן זינען אנשטאָט „עמיצען“ צו זאָגען „עמיצער“ ? פון דעם וואָרט „ד אָ ק ט אָ ר“ אין דער איינצאָהל, מאַכט אונזער פאָלק דאָס וואָרט ד אָ ק ט ו י ר י ם אין דער מעהרצאָהל. אָבער פון דעם וואָרט „טאָכטער“ מאַכט עס דאָס וואָרט „טעכטער“. און קיינעם וועט ניט אַרויף אויפ'ן זינען צו בויגען די ווערטער ניט נאָך זייער כּלל, זאָגען „טאָכטוירים“ אנשטאָט „טעכטער“, אָדער אנשטאָט „דאָקטוירים“ — „דעקטער“. פאַר וואָס האָט די אידישע שפּראַך צוויי פערשיעדענע כּללים, ווי צו „בויגען“ אזעלכע צוויי כמעט אין גאנצען גלייכע ווערטער, ווי „דאָקטאָר“ און „טאָכטער“ ? גערט און פרעגט ביי דער שפּראַך, אָבער כּללים זענען דאָס. גראַ־מאַטיק איז דאָס.

אַ, איז דאָך די קשיא : און „דער, די, דאָס פערדעלע ?“

איז, ערשטענס, ד י פערדעלע טאַקי אַ גראַמאַטיקאַלישער גרייז, און איך האָב קיין מאָל אין מיין לעבען ניט געהערט אידען זאָלען זאָגען „די פערדעלע“, און אויב זיי זאָגען, איז אויך ניט קיין „חטא“ . . .

מיר, אידישע געבילדעטע, קענען די גראַמאַטיקען פון די אייראָפּעאישע לשונות און אזוי ווי מיר געפינען דאָרטען, אַז יעדעס סובסטאַנטיוו איז דוקא אָדער מענליך (דער, סיעי, לע) אָדער ווייב־ליך (די, סיא, לאַ), אָדער ווי אין דייטש און רוסיש זאַכליך (דאָס, סיע), מיינען מיר, אַז דאָס איז אַ כּלל גדול ונורא פאַר אַלע שפּראַכען. דאָס איז אָבער אַ טעות. פאַראַן שפּראַכען, וואָס זייער דקדוק איז שוין לאַנג אויסגעאַרבייט, און זיי זענען אין דעם פּרט ניט אזוי מקפּיד. אין לשון קודש, צ. ב., א ו י ב א י ך ה אָ ב נ י ט ק י י ן ט ע ו ת (איך בין, לא עליכם, ניט קיין שטאַרקער העב־

רעער), מעג מען אויף אַלע ווערטער, וואָס בעדייטען ניט קיין לעַ־בעדיגע זאכען, אַנווענדען די ווייבליכע אָדער די מענליכע פאָרם, ווי מען וויל. („כל שאין בו רוח חיים, זכרהו ונקבהו", האָט, דאכט זיך, דער אבן־עזרא געזאָגט). אין א י ד י ש איז מען אביסעל שטרייננער. אַלע זאָגען ד י ליעבע און ניט ד ע ר ליעבע אָדער ד אָ ס ליעבע, ד י נשמה און ניט ד ע ר נשמה. אָבער מען מעג זאָגען ד אָ ס חיות און ד ע ר חיות, ד י נאָז און ד ע ר נאָז, ד אָ ס פאָלק און ד ע ר פאָלק, ווי מען וויל. ווערטער, וואָס בעדייטען זאכען, וואָס זיי זענען פון דער נאטור אויס זכרים אָדער פון נאטור אויס נקבות, וועט די אידישע שפראך חלילה קיין מאָל ניט פערגעסען זייער דאמען־רעכט אָדער זייער הערען־רעכט. אָבער ווען מען זאָל מען „ווייבלען" און ווען זאָל מען „מאנסבילן" אויב די נאטור שווייגט? און ווען „ווייבעלט" און „מאנסבילט" די שפראך גאר אָהן א כלל, ווי מען וויל? ד אָ ס זענען פראגען פון דער אידישער גראַ־מאטיק, — פראגען, וואָס מען דארף נאך ערשט שטודירען.

מאכט ניט קיין ליארעם, רבותי, וואָס די אידישע גראמאטיק איז ניט אין אַלע פרטים אזוי מקפיד, ווי די אייראָפּעאישע גראַ־מאטיקען. ניש'קשה! געגוג כללים אין דער אידישער שפראך. הלואי וואָלטען מיר זיי שוין אַלע וויסען. איצטער זענען מיר נאך גאנץ ווייט דערפון. ביי אונזערע בעסטע שרייבער געפינען מיר גאנץ אָפט גראמאטיקאלישע גרייזען, און לעת עתה איז נאך קיי־נער ניט פערוואָרענט פון זיי. אָט, למשל, לייענען מיר אין א מודעה פון אונזער בלאט „דעם פריינד", וועגען אַלע שריפטען פון ש. פרוג, וואָס וועלען ערשיינען „אין צוויי ב ע נ ד ע ר". אז איך האָב איבערגעלייענט די מודעה, האָב איך מיך שיער פאר'ן קאָפּ ניט גע־כאפט... פרוג וועט ערשיינען פאר'ן פובליקום אין „בענדער"! מיט וועלכע בענדער וויל איהם דער ארויסגעבער ארומהענגען? מיט רויטע? בלאָע? גרינע? זיידענע? לייוועגטענע? פאַ־פירענע? און ווי וועט מען דאָס מאכען מיט די בענדער? וועַ־לען זיי זיין פריי צוגענעהט, כדי זיי זאָלען קענען פלאטערן ווי פאָה־נעס אין דער לופטען, אָדער זיי וועלען ארומוויקלען פרוג'ען, ווי מען וויקעלט א קינד אין ווינדעלעך? דער מחבר פון דער מודעה

האָט אפנים פאַרגעסען, אָדער קיין מאָל ניט געוואוסט, אז דאָס אידישע וואָרט „באַנד“ האָט צוויי טייטשען, און יעדער טייטש האָט זיין מעהרצאָהל. ד י אָדער ד אָ ס באַנד הייסט א לאַנגער, ברייטליכער פאַס, א ש ט י י נ ג ע: די אָדער דאָס זיידענע, סאַמעטענע באַנד; אין דער מעהרצאָהל — זיידענע, סאַמעטענע ב ע נ ד ע ר. אָבער באַנד איז אויך דער טייטש: א י י נ ב ו נ ד. אונזער לשון מאַנסבילט דאָס וואָרט: ד ע ר ערשטער באַנד, ד ע ר צווייטער באַנד, און די מעהרצאָהל פון דעם וואָרט איז ניט בענדער, נאָר: ב ע נ ד, ווי פון האַנד — הענד און פון וואַנד — ווענד. און כדי דער מחבר זאָל בעסער געדענקען דעם דאָזיגען גראַמאַטיקאַלישען כלל, שרייב איך דאָ צוליעב זיין כבוד א קליינעם שיר:

איהר רעדט דאָך ניט צו טויבע „וועגדער“,
אפילו ווען מען הערט אייך, ווי די וואַנד.
און ווען אפילו „לענדער“, „רענדער“,
בעקומט מען פון די ווערטער: „לאַנד“ און „ראַנד“,
ווערט דאָך ניט לשון רבים „בענדער“
פון יעדען „באַנד“.
אויך נעהמען מיר ניט פרוג׳ען אין די „הענדער“:
מיר נעהמען איהם מיט ליעבשאַפט אין די ה ע נ ד.
דעריבער, וויקעלט איהם אונז ניט אין „בענדער“,
נאָר בינדט די שריפטען איין אין ב ע נ ד.

יאָהרען וועלען נאָך פערגעהן, ביז די אידישע פילאָלאָגיע, וואָס ליגט גאָר אין די ווינדעלעך, וועט אויספאָרשען אונזער שפּראַך און דערגעהן אלע גראַמאַטיקאַלישע כללים, וואָס הערשען אין איהר.

יעדעס לאַנד האָט א קלימאַט און דאָס לאַנד איז ניט שולדיג, אויב איהרע געלערנטע קלימאַטאָלאָגען האָבען נאָך ניט גוט אויסגעפאָרשט, אין וואָס ער בעשטעהט; יעדער טאָג האָט א ד א ט ע און ד׳ ניסן איז ניט שולדיג, אויב איינער ווייס ניט, וואָס פאַר א דאַטע יענער טאָג האָט; יעדע שפּראַך האָט א גראַמאַטיק, און אידיש איז ניט שולדיג, וואָס מיר זענען עם־הארצים אין איהר. שולדיג זענען מיר אליין, אָבער נאַריש און סתם עם־הארצים זענען

די, וואָס מיינען, אַז אידיש האָט ניט קיין גראַמאַטיק. איהר קענט האַלטען פון דעם אידיש וואָס איהר ווילט, אַפילו אַז זי איז אַ ש ל ע כ ט ע שפּראַך, אָדער אַז זי וועט באַלד גאָר פערשווינדען; איהר קענט האַלטען פון דעם אידישען פאָלק וואָס איהר ווילט, אַפילו אַז דאָס איז אַ שלעכט פאָלק, אָדער אַז עס וועט באַלד גאָר אין גאַנצען פערשווינדען — וועגען דעם ריידען מיר היינט ניט, — אָבער איינס מוזט איהר מודה זיין: די אידישע שפּראַך איז אַן אמתע ש׳פּראַך, ווי דאָס אידישע פאָלק איז באמת אַ פאָלק.

.3

און נאָך אין אַ פּונקט איז דער מזל פון דעם אידישען פאָלק כמעט דערזעלביגער, ווי דער מזל פון דעם אידישען לשון. ביידע זענען זיי מורא׳דיג אָרעם.

דאָס איז שוין ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך פון שונאים אָדער נאַרישע קעפּ. דאָס איז אַ ביטערער אמת. דאָס פאָלק איז אָרעם אין געלד און לעבענס־מיטעל, די שפּראַך איז אָרעם אין אויסדריקס־מיטעל.

וויל דער אידישער קבצן פערפיהרען זיך אויף אַן איינגענע, עפּעס פיינערע בעל־הבית׳ישקייט, מוז ער אָנקומען צו פרעמדע לייט, מוז ער ערגעץ „איבערכאַפּען“ אַ גמילת חסד אָדער אַ הלואה׳לע מיט פּראָצענט און פּראָצענט דעפּראָצענט. וויל אַ אי־דישער מחבר שרייבען אַ העכערען, עפּעס פיינערען אַרטיקעל אין דער אידישער שפּראַך, מוז ער אויך אָנקומען ניט צו פרעמדע לייט, נאָר צו פרעמדע לשונות. היות אָבער ווי קיין גמילת חסדים און קיין הלואות מיט שטר — ע י ס ק אָ ס געהט דאָ ניט אָן, מוז ער טאָן, וואָס אַ טייל פּוילע מענשען טוען, בעת די אוינען קריכען פון קאָפּ אַרויס און אַליין אַרבייטען וויל מען ניט, אָדער מ׳קען ניט, און צו לייען איז ניטאָ וואו: זיי לקח׳ענען, ד. ה. זיי גנב׳ענען.

אַ גוטער גנב, ווי נאָר ער בעקומט דעם פרעמדען חפץ אין זיינע הענד, זעהט ער אויפ׳ן שטעל איבערמאַכען עס אַזוי, אַז קיי־נער זאָל איהם ניט דערקענען. דאָס רוב אידישע מחברים זענען גרויסע, אָבער שלעכטע גנבים. זיי שעמען זיך ניט אַרומצוגעהן

מיט די געלקח'טע פּרעמדע חפצים אין מיטען העלען טאָג. ווי אַפּט לייענט מען אין אונזער יונגער ליטעראַטור אַזאַ מין שטיקעל אידישען מאמר: „די ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטעל איז גורם געווען, אַז די געזעלשאַפט איז צושפּאָלטען געוואָרען אין פייגדליכע קלאַסען, וואָס פיהרען אַ לייד־רענשאַפטליכען קלאַסען־קאַמפּף"; אָדער: „מחמת די פּיעלע אָביסקעס און אָבלאַוועס פון די זשאַנדאַרמסקע אין איינעם מיט דער פּאָליציי, האָט מען ניט געקענט גוט אָרגאַניזירען די סאַמאָ־אָבאָראָנע"...

אַ נס כ'לעבען, וואָס אויף שפּראַך־מיטעל איז קיין „מיין און דיין" ניטאָ. אַז ניט — וואָלטען דייטש, רוסיש און לשון קודש אָנגעפאַלען אויף דאָס אָרעמע אידיש, און יעדער לשון וואָלט אָן רחמנות אויסגעצופּט פון איהם אַל'די פרעמדע ווערטער, וואָס די אידישע גנבים—מחברים, מיין איך!—האָבען צונויפגעשלעפּט פון אַלע עקען און געגענדען, — צונויפגעשלעפּט פון הוילער פויל־קייט אָדער הוילער שלים'מזל'דיגקייט, ווייל זיי ווילען ניט אָדער קענען ניט א ל י י ן אַרבייטען, אַליין אויסטאָקען דעם נויטיגען און שעהנעם אידישען אויסדרוק, כדי אין דער אידישער שפּראַך זאָלען ניט זיין מעהר פּרעמדע ווערטער, איידער אין אַלע אַנדערע שפּראַכען.

פון וואַנען עס נעהמט זיך די אָרעמקייט פון דעם אידישען פאָלק, — דאָס האָט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע שוין לאַנג אויס־דערוויזען אויף קלאָר. פון וואַנען עס שטאַמט אָבער די אָרעמקייט פון דער אידישער שפּראַך איז עד היום נאָך אַ גרויסע רעטעניש. איז דאָס אידישע פאָלק אָרעם אין געדאַנקען? ניין! געוויס ניט! אין וואָס־אין וואָס, אָבער אין דעם פּרט ליידט ער חלילה ניט קיין מאַנגעל. געדאַנקען — וועלכע איהר ווילט! פון די פּשוט'ע און גרעבסטע, ווי די כאַליאַוועס פון אַ בעל־עגלה, ביז צו די איידעלסטע און פיינסטע, ווי דער דופט פון אַ רויז. און נאָך מעהר: די גראָבע און פּשוט'ע געדאַנקען זענען אויסגעמישט אין איינעם מיט די איידעלסטע און טיעפסטע כמעט אין יעדען ענין, וואָס וועגען איהם טראַכט דאָס פאָלק. נעהמט, צום ביישפּיעל, דעם אידישען גן עדן. אין דעמזועלביגען גן עדן, וואו מען דער־

לאַנגט אַ גרויסע חתיכה שור הבר און צו פערטרינקען אַ גרויסען כוס יין המשומר, זיצען צדיקים מיט זייערע קרוינען אויף די קעפּ און שעפּען נחת פון דעם שיין פון דער שכינה (צדיקים יושבין ועטרותיהן בראשיהן ונהנין מזיו השכינה). דאַרף מען אַ בעסערע כאַליאַווע מיט רויזענדופט? אָדער די גאַנצע אידישע חסידות, וואו הימעל און ערד זענען אַזוי צונויפגעמישט, אַז פון דעם הי־מעל איז געוואָרען קויט און די בלאָטיגע ערד שלאָגט אָב מיט אַ בלאַליכען הימעלשיין, — וואָס איז דאָס, אַז ניט „כאַליאַווע מיט רויזענדופט?“ אונזערע אַלטע משכילים האָבען אין חסידות גע־זעהן נאָר די כאַליאַווע; די איצטיגע, ווי צ. ב. פּרץ, האָבען אריינ־געשטעקט זייערע נעז אין די כאַליאַווע און קענען ניט אָברייסען זייערע נעז פון דעם רויזען־דופט, וואָס זי גיט אַרויס.

נאָך אַ מאָל: ניין! אין געדאַנקען איז אונזער פאָלק ניט אָרעם: עס האָט וואָס אויסצודריקען אין ווערטער. און פון דעסט־וועגען איז זיין שפּראַך, זיין פאָלקס־שפּראַך, אַזוי אָרעם און אַזוי שטאַמעלדיג! פון וואַנען קען דאָס זיין?

אַ טייל מענשען מיינען, אַז אידיש איז גאָר ניט די שפּראַך פון דעם אידישען פאָלק, אַז די שפּראַך פון דעם אידישען פאָלק איז העברעאיש, לשון־קודש. און העברעאיש איז טאַקי רייך אין אויסדריקען, ווי דאָס פאָלק איז רייך אין געדאַנקען.

אַ שטיקעל אמת ליגט אין דעם געדאַנק, אָבער ניט דער גאַנ־צער אמת. ס׳איז ריכטיג, אַז לשון קודש איז אַ רייכע שפּראַך און אַז נאָר אידען קענען דעם הייליגען און שעהנעם לשון, כדי אויס־צודריקען אין איהם אַלץ וואָס זיי ווילען. אָבער קען מען דען זאָ־גען, אַז לשון־קודש איז די שפּראַך פון דעם אידישען פאָלק? בשום אופן ניט! וואָלט דאָס געוועזען אַזוי, וואָלט מען געדאַרפט זאָגען, אַז אַ פאָלקס־שפּראַך איז אַזאַ לשון, וואָס דאָס פאָלק רעדט איהם נ י ט און פערשטעהט איהם נ י ט. לשון קודש איז אַ שפּראַך פון אונזער אינטעליגענץ, בעסער געזאָגט: פון אַ טייל פון אונזער אינטעליגענץ; און אויך דאָס ניט צום ריידען, נאָר צום ש ר י י ב ע ן, אקוראַט ווי לאַטיין איז אַ מאָל געוועזען די ש ר י פ ט - ש פּ ר אַ ך פון אַלע געבילדעטע אין מיטעלאַלטער. וואָס עס זאָל שפּעטער ניט ווערען פון דעם לשון־קודש, לעת־עתה

קען קיינעם ניט ארויף אויפ'ן זינען צו האַלטען לשון־קודש פאַר די אידישע פאָלקס־שפראך. און דאָך האָט לשון־קודש, די שריפט־שפראך פון א קליינעם טייל פון דעם אידישען פאָלק, אנגעטאָן א גרויסען שאדען דעם א י ד י ש, דער מוטער־שפראך פון דעם גאנצען אידישען פאָלק. א שריפט־שפראך איז ווי א בלומען־גאָרטען. מען דארף זי שטענדיג היטען, מען דארף שטענדיג ארומגעהן נאָך איהר, אויסראָטען פרעמדע און ווילדע פלאנצען, וואָס וואקסען אין איהר אָן פון די קערענדלעך, וואָס דער ארומיגער ווינט פערטראָגט, איינזייען און אויסבעסערען די בלומען און פלאנצען, וואָס געפינען חן אין אונזערע אויגען. וואָלט א י ד י ש פון לאנג אָן געווען א שריפט־שפראך, די איינציגע שריפט־שפראך פון אונזער פאָלק, וואָלט עס שוין לאנג געקענט שטאָלצירען מיט דער רייכקייט פון זיינע שענע בלומען, אפשר ניט ווייניגער, ווי לשון־קודש. די אידישע אינטעליגענץ טראָגט זיך ארום מיט דעם לשון־קודש, ווי מיט א בן־יחיד, צירט איהם, און וואשט איהם, און קעמט איהם, און לאָזט אויף איהם קיין שפרינקעלע ניט זיצען, בעת די פאָלקס־שפראך איז ביי איהר, ווי א צוגעוואָרפענער ממזר, וואָס וויים ניט פון קיין עלטערן, וואָס האָט קיין מאָל ניט געפיהלט אויף זיין געזיכט דעם צארטליכען גלעט אָדער די הייסע רחמנות־טרער פון אן אייגענער מוטער, וואָס יעדער מענש בענוצט זיך שטענדיג מיט זיין הילף און איז איהם שטענדיג מבזה אין הארצען. דאָס אליין דערקלערט זעהר פיעל, פאַר וואָס אונזער אידיש איז אזוי פערלאָזען און אזוי אָרעם. די העברעאיש־אידישע אינטעליגענץ האָט זיך געהאַט איהר וועלטעל מיט איהרע געדאַנקען, און כל זמן זי האָט ניט געוואָלט וויסען פון דעם אידישען פאָלק, האָט זי געקאָנט ארומצוימען איהר וועלטעל מיט דעם אלטען סעמיטישען לשון, מאכען פון איהם א פרעכטיגען בלומען־גאָרטען, און דאָס אידיש לאָזען ליגען אין א זייט, ווי א ווילד אומבעאַקערט פעלד. און אויף דעם ווילדען אומבעאַקערטען פעלד האָבען מעהר נישט געוואקסען, ווי ווילדע פלאנצען און דערנער, און דערפאַר איז עס אָרעם. אָבער דאָס איז נאָך ניט דער גאנצען תירוץ אויף אונזער שאלה. פאַר דער העברעאיש־אידישער אינטעליגענץ איז אידיש א ממזר. אָבער האָט דען דאָס גאנצע פאָלק געקוקט אויף זיין אייגע־

נע שפראַך מיט דיזעלביגע אויגען, ווי די העברעאישע אינטעלי־
גענץ? בשום אופן נים! אַקוראַט ווי די אַלטע העברעער האָ־
בען מיט כלי זין אין די הענד אָבגענומען ביי די כנענים און פלשתים
זייער לאַנד, האָבען דאָס פּ ר ע מ ד ע לאַנד בעגאָסען מיט דעם אייגע־
נעם בלוט און שוויים, אריינגעטאָן אין איהר אידישע ארבייט און
האָבען עס אַ נאָמען געגעבען „ארץ ישראל", דאָס לאַנד פון ישראל,
— אזוי האָבען די אידען אין די דייטשע לענדער אָנגענומען אַ
פרעמדע שפראַך, איינעם פון די דייטשע לשונות, האָבען זי איבער־
געגאָסען אין אַ נייע פאָרם, אריינגעטאָן אין איהר אידישען שכל,
אידישען וויץ און אידישען געפיהל און האָבען די שפראַך אַ נאָמען
געגעבען „א י ד י ש". און אַקוראַט ווי דאָס פרעמדע לאַנד פון
דעם אמורי, גרגשי, חיווי און יבוסי איז געוואָרען דאָס אייגענע לאַנד
פון דעם אידישען פאָלק, זיין פאָטערלאַנד, אזוי איז די פרעמדע
שפראַך פון די דייטשע פעלקער, וואָס די אידען האָבען אָנגענומען,
געוואָרען זייער א י י ג ע נ ע ר לשון, זייער מוטער־שפראַך. קיין
מאָל האָט דאָס אידישע פאָלק ניט געקוקט אויף א י ד י ש, ווי
אויף אַ ממזר, ווי אויף אַ פרעמדע שפראַך. דאָס פאָלק מאַכט אַ
גרויסען אונטערשיעד צווישען „טייטש" און א י ד י ש. טייטש
איז אַ גוי'עשע שפראַך, אידיש איז אידיש. אפילו „עברי־טייטש",
ד. ה. דאָסזעלביגע אידיש פון דעם 16־טען און 17־טען יאָהר־
הונדערט וואָס האָט זיך נאָך ניט אין גאַנצען אָפּגעריסען פון דעם
„טייטש", — די שפראַך, וואָס אין איהר זיינען געדרוקט די „צאינה
וראינה'ס", די „קב־הישר'ס" און די אַנדערע פרומע ספרים פאַר
ווייבער און עם־הארצים, — די איבערגאַנגס־שפראַך פון דייטש צו
אידיש, — אפילו דעם „עברי־טייטש", זאָג איך, בעטראַכט דאָס
פאָלק ניט פאַר ז י י ן שפראַך: עס איז ניט א י ד י ש. עברי־
טייטש שמעקט שוין אַ ביסעל מיט ש ו ל, מיט פ ר ו מ ק י י ט,
מיט אָבגעריסענקייט פון דעם געוועהנליכען אַלטעגליכען לעבען.
אין איהם שטעקט שוין אַ ביסעל „ונתנה תוקף", אַ ביסעל „אַץ קוצץ
בן קוצץ", — ד. ה. אַ ביסעל שערבלעך פון אַ פ ר ע מ ד ע ר,
ניט פערשטאַנענער וועלט. גאַר פרעמד און ניט פערשטאַנען איז
דוקא דער ל ש ו ן ־ ק ו ד ש, די שפראַך פון דעם „ונתנה תוקף",
וואָס דאָס אידישע פאָלק, איך מיין די גאַנצע אידישע ווייבער־

וועלט און דער גאַנצער המון, געברויכט זי ניט, ווי א ש פּ ר א ך, ד. ה. ניט ווי א מיטל אויסצודריקען געדאַנקען אין ווערטער, נאָר ווי אַן אָ ב ש פּ ר ע ך, ד. ה. ווי א האַלב־כשוף'דיגען מיטל בכדי מיט ניט פערשטאַנענע, משונה'דיג־פרעמדע ווערטער אריינ־צוקריכען אין דער פאַנטאַסטישער וועלט פון מלאכים, שדים און גאָט און דאָרטען עפּעס פּועל זיין צו גוטען פאַר זיך אָדער פאַר כל ישראל. וואָלט איצטער מיט איין מאָל פערשוואונדען געוואָ־רען פון פאָלק די פאַנטאַסטישע מלאכים־שדים־וועלט, וואָלט פון דעם אידישען פאָלק מיט איין מאָל פארשוואונדען געוואָרען דער גאַנצער לשון־קודש, דער לשון פון עין־הרע־אָבשפּרעכען, דאַווי־נען און בענטשען.

די אידישע שפּראַך איז ניט לשון־קודש, נאָר א י ד י ש. און דער, וואָס לאַכט פון אידיש, לאַכט פון דעם אידישען פאָלק; און דער, וואָס קען ניט קיין וואָרט אידיש, איז טאַקי, במחילה, א האַלבער „גוי". אזוי קוקט אויף דעם ענין דאָס גאַנצע אידישע ניט געלערנטע פאָלק. נאָר אויב עס איז יאָ אזוי, איז דאָך צוריק די אייגענע קשיא: היינט פאַר וואָס איז אונזער מוטער־שפּראַך אזוי אָרעם? האָט אונזער אידישער המון ו ו ע נ י ג ע ר ג ע־ד א נ ק ע ן עהדער דער ג ו י ' ע ש ע ר המון, עהדער דער גראָ־בער פּויער „סטיאָפּקע" און „כאָמקע", וואָס האָבען אויסגעארבייט אזוינע רייכע און שענע שפּראַכען?

נאָך א מאָל: ס'איז א רעטעניש! און נאָך א פולע צייט וועט פערגעהן, נאָך א פולע חקירות וועט מען דאַרפען אָנווענדען, ביז מען וועט דערגעהן אויף קלאָר, פון וואַנען עס שטאַמט די אָרעמקייט פון אונזער שפּראַך. און דעריבער, פערשטעהט זיך, קען איך ניט האָבען די העזה נעהמען אויף זיך פאַרענטפערען דאָס רעטעניש אין מיין היינטיגען ארטיקעל. אָבער א פּאָר פון די געדאַנקען, וואָס קומען מיר איצטער אַרויף אויפ'ן זינען, בשעת איך קלער וועגען דעם, וויל איך דאָ ארויסזאָגען: אפשר ליגט אין זיי נאָך א שטי־קעל תירוץ אויף אונזער שאלה, נאָך א פּאָר ציגעל און שטיינער צום אויפבויען פון דעם גאַנצען תירוץ?

## .4

מיר דאכט, אז די אָרעמקייט פון אונזער שפּראַך קומט אַרויס אַ ביסעל אויך דערפון, וואָס אונזער פאָלק איז אַ קלוג פאָלק און אַ פּראַקטיש פאָלק... אַך! יעדע מעלה האָט איהר חסרון! צו קלוג און צו פּראַקטיש טויג אויך ניט. וואָס הייסט פּראַקטיש? ערשטענס, אין אַלץ זוכען אַ צ י ע ל, אַ פּ ו ע ל י ו צ א, קיין זאַך ניט טאָן אומזיסט, צוליעב דער זאַך אַליין, צוליעב דעם טאָן אַליין. און צווייטענס, הייסט פּראַקטיש — דערגרייכען דאָס ציעל מיט וואָס ווייניגער כחות, מיט די גרינגסטע מיטעל. וואָס איז אַ שפּראַך? פאַר קינדער איז דאָס אַ שפּיעלצייג. אין די ערשטע חדשים ש פּ י ע ל ט זיך דאָס קינד מיט די שפּראַך־טענער, וואָס עס גיט אַרויס, וואָס קוועלען אין איהם אָן ווי וואַסער אין אַ קוואַל און וואָס רייסען זיך פון איהם אַרויס ווי וואַסער פון אַ פאָנטאַן. פאַר דאָס קינד איז די שפּראַך אין דער ערשטער צייט ניט קיין מיטעל צום ציעל. פאַר אידעאַליסטען אין דער ק ו ל ט ו ר־פ י ל אָ ס אָ פ י ע איז די שפּראַך גאָט'ס אַ בעשעפעניש, וואָס האָט איהר אייגענעם לעבען, איהר אייגענעם וואַקסען און פרוכפּערן זיך, ווי די בוימער און די בלומען; אַ בעשעפּעניש, וואָס האָט איהר ציעל אין זיך אַליין, אַ חוץ דעם, וואָס זי דיענט נאָך פאַר אַ מיטעל צו עפּעס אַנדערש. פאַר פּ אָ ע ט ע ן איז די שפּראַך אויך ניט בלויז אַ מיטעל צום ציעל. דער פּאָעט שפּיעלט, ווי אַ קינד, מיט זיין שפּראַך, ווען אפילו זיין ש פּ י ע ל ע ן שטעהט שוין אויף אַ העכערע מדרגה און האָט אין זיך אַ פונק פון יענעם היכען און הייליגען שפּיעלען אָהן אַ שום ציעל, מיט וועלכען דער ליעבער גאָט האָט בעשאַפען די גאַנצע וועלט...

קינדער, אידעאַליסטען, פּאָעטען... וואָס פאַר אונפּראַקטישע בריאות! פאַר דעם דערוואַקסענעם פּ ר אַ ק ט י ש ע ן מענשען איז די שפּראַך אַ מ י ט ע ל און מעהר נישט ווי אַ מ י ט ע ל. מען דאַרף אַזוי אויסדריקען זיינע געדאַנקען, אַז דער אַנדערער זאָל פערשטעהן, וואָס מען מיינט. און וואָס ווייניגער כחות מען ווענדט אויף דערויף אָן, מיט וואָס ווייניגער ווערטער מיר דערגרייכען אונזער ציעל, אַלץ בעסער, אַלץ פּראַקטישער איז די שפּראַך.

פּראַקטישע מענשען קענען מאַכען פון איין חפץ אַ געצייג פאַר פערשיעדענע זאַכען. מיט דער שטייסעל, צ. ב., קען מען אריינשלאָגען טשוועקעס אין וואַנד; קעהרט מען זי איבער מיט דעם דעק אַרויף, קען מען אויף איהר אַרויפקלעפּען אַ ליכט, ווערט זי אַ לייכטער. אין געניטע, פּראַקטישע הענד קען פון דער שטייסעל ווערען אַ כל־בו־געצייג. און אַזעלכע כל־בו־געצייגען זענען אַ פולע אין דער אידישער שפּראַך. וויפיעל פערשיעדענע געדאַנקען קען מען, למשל, אויסדריקען מיט די ווערטער: „זאָג דער דאָס, זי זאָל אויסדאָסען די דאָס!" דאָס קען הייסען: „זאָג דער שטוב־מיידעל, זי זאָל אויסקעהרען די שטוב", אָדער: „זאָג דער גויה זי זאָל אויסמעלקען די בהמה", אָדער: „זאָג דער מחותנת'טע זי זאָל אויסשנייצען די נאָז", און נאָך טויזענדער ענינים קען מען מ י י נ ע ן, בעת מען זאָגט די דאָזיגע כל־בו־ווערטער. דער הויפּט איז דאָך מען זאָל פערשטעהן, וואָס מען מיינט, און אויף דערויף איז דאָס אידישע פאָלק אַ קלוג פאָלק, אַ־„די־לחכימא־ברמיזא־פאָלק", אַ פאָלק וואָס פערשטעהט אויפ'ן וואונק. דעריבער דאַרף דאָס פאָלק אויך ניט קיין גאַנצע ווערטער. מיט אַ קעפּעל אָדער אַן עקעל פון אַ וואָרט פערשטעהט ער שוין, וואָס מען מיינט. דעריבער האָט ער טאַקי אין זיין שפּראַך אַ גוזמא ווערטער, צוהאַקטע אויף שטיקלעך: „עט!" „כ'מיי", „כ'מיי וואַ'!" און דאָסגלייכען. און טאַמער פעהלט אויס ווען עס איז אין גאַנצען אַ וואָרט, איז אויך ניט קיין גרויסער אומגליק. גיט מען זיך אַן עצה און מען גיט אַ מאַך מיט די פינגער, אַ דרעה מיט'ן נאָז, אַ פּינטעל מיט'ן אויג, אַ קנייטש מיט'ן אַקסעל. אברים, נאָט צו דאַנקען, זענען דאָ און זיי אַלע, ניט צו פערזינדיגען, דרעהען זיך ווי אויף שרייפלעך. — ווענינ מיטעל אויסצודריקען זיין מיין? כל עצמותי תאמרנה, אַלע ביינער רעדען. וואָס דאַרף מען נאָך דערצו לאַנגע רייד? פאַר דעם פּראַקטישען מענשען איז, כ'לעבען, גאָר אַ הוילע צולאָזענקייט אויסגעבען אויף אַ רעיון אַ סך ווערטער, אויב מען קען וועלוועלער אָפּשניידען מיט אַ העלפט פון זיי, און דערצו נאָך ה אַ ל ב ע.

פּראַקטיש זיין הייסט קאַרגען. אין דער פאָלקס־שפּראַך אָבער הייסט זיין אַ קמצן — זיין אַ קבצן. וואָס איז די פּעולה, וואָס די שפּראַך קען אויסדריקען אַלץ, וואָס זי וויל, אין גאַנצע און

שעהנע ווערטער, אז דער איד לאָזט זי ניט דערצו, אז ער דאַרף ניט איהרע קונצען. און אזוי בלייבען איהרע עשירות אומבע־נוצט, ווי די טייערע חפצים און בגדים, וועלכע ליגען פערשלאָסען אין אַלמערם פון א קמצן, וואָס ווייס שוין אליין ניט מעהר פון זיין רייכקייט, און אז ער דאַרף עפּעס א חפץ, כאַפּט ער אין גאַס די ערשטע ע ר ג ס ט ע וואָלוועלע שטרונט. און אפילו די חפצים, מיט וועלכע ער בעדיענט זיך טאָג־טעגליך, ווייס ער אויך ניט, ווי זיי אויסצונוצען, ווי מען דאַרף. דער איד האָט, צ. ב., אין זיין לשון א גאַנץ שעהנעם וואָרט: „בקשה“. „איך האָב צו דיר א בקשה“ — דאָס קען מען הערען יעדע מינוט. און דאָך וועט דער איד קיין מאָל ניט זאָגען צום אדוואָקאַט, ער זאָל איהם אָנשרייבען א „בקשה“, — דוקא א „פּראָשעניע“ אָדער, ווען שוין נאָר אי־דישלעך, א „פּאַפּיער“. פון וואַנען קומט דאָס? דאָס קומט פון דערזעלביגער פּראַקטישקייט, פון דעם, וואָס דער איד קוקט אויף זיין שפּראַך און אויף אַלץ אין דער וועלט, נאָר ווי אויף מיטעל. איהם אינטערעסירט ניט, אז זיין אויסדרוק זאָל זיין אי שעהן, אי אידעשלעך, אי קלאָר, אי פּינקטליך. וואָלט ער געטראַכט וועגען דעם, וואָלט ער געווים בעמערקט, אז „פּראָשעניע“ און „בקשה“ האָבען פּונקט דעמזעלבינען טייטש; אז אומעטום, וואו ער זאָגט „פּראָשעניע“, קען ער זאָגען „בקשה“.

„ס'א נפקא מינה! פּראָשעניע, בקשה! פאַר וועמען דאַרף איך זיך דאָ אויס'חנ'ען?“

אָט דאָס איז דער אומגליק פון דער אידישער שפּראַך, וואָס פון אויס'חנ'ען האַלט דער איד קנאַפּ וואָס. „שקר החן והבל היופי!“ „ליגען איז דער חן און נאַריש די שעהנקייט!“ דאָס איז אַן אַלטער אידישער כלל, וואָס שטאַמט פון זיינע חסרונ'דיגע מעלות — פון זיין קלוגקייט און פון זיין פּראַקטישקייט. דער איד זוכט שוין פון לאַנג אָן דעם הוילען, קאַלטען ניכטערען, ניצ־ליכען א מ ת. דעריבער שעצט ער העכער פאַר אַלץ דעם ש כ ל, דאָס נעצייג, מיט וועלכען מען ארבייט אוים דעם אמת, און דעם שכל אויך נאָר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער איז נאָר א גע־צייג. חקרה'נען און חכמה'ען זיך גלאַט אין דער וועלט אריין, — דאָס האָט ער פיינט. חקירה דאַרף ברייננען צו אמת. אָבער

אויף ד ע ר וועלט האָט ער דעם אמת ניט געפונען; אין ד ע ר וועלט האָט ער נאָר געזעהן טויזענדער און טויזענדער שעהנע הבלי הבלים. און אזוי ווי שעהנקייט קען מען ניט פ ע ר ש ט ע ה ן, ווארום פערשטעהן קען מען נאָר שכל, און אין שעהנקייט האָט ער ניט געזעהן קיין שכל, האָט ער ד י וועלט ניט פערשטאַנען. און אזוי ווי שעהנקייט איז ניט גענוג, האָט ער געמוזט קריכען לעבעדיגערהייט אויפ׳ן הימעל. דערפאַר איז די וועלט געוואָרען נאָר אַ „פירהויז“, נאָך ערגער — אַ בלאָטיגע שטענגעל צו דעם הימלישען פּאַלאַץ. אָט אויפ׳ן הימעל — דאָרטען איז דער „עולם ה אַ מ ת“. יעדער איד וויים, אַז צווישען די שטערען פון הימעל זענען דאָ דריי אותיות: אַן „א“, אַ „מ“ און אַ „ת“, די אותיות פון אַ מ ת, פון דעם הייליגען וואָרט, מיט וועלכען גאָט האָט בעשאַפען די וועלט. אמת איז אויך דער שטעמפּעל פון גאָט אליין (חותמו של הקב״ה אמת). אמת — ניט שעהנקייט, דאָס איז די העכסטע זאַך, וואָס דער איד שעצט. ער פערגעסט אָדער ער וויים ניט, אַז דער אמת איז נאָר אַ שליש, אַ דריטעל פון דער העכסטער זאַך; אַז דער צווייטער שליש איז י ו ש ר, און דער דריטער שליש איז ש ע ה נ ־ ק י י ט. אין ד ע ם דריטעל גלויבט ער ניט, וועגען איהם זאָרגט ער ניט. דעריבער אַרט איהם ניט, ווי ע ר זעהט אוים און וואָס פאַר אַן אויסזעהן זיין שפּראַך האָט בעקומען.

### .5

אַ חוץ דעם, האָבען נאָך אין אַ סך פּונקטען דאָס אידישע פאָלק און די אידישע שפּראַך אַ. שותפות׳שען מזל. אויסרעכענען און דערקלערען זיי אלע, בעווייזען ווי אזוי זייער ביידענס מזל מוז זיך פאַרענדערן צו גוטען — אויף דערויף דאַרף מען אָנשרייבען אַ גאַנצעס בוך. איך וויל דאָ דערמאָנען נאָר נאָך איין פּונקט: דוקא די שפּיצען פון אונזער אידישער אינטעליגענץ, די אויבערסטע פון די כריין, קענען זיי ביידע ניט ליידען: ניט דאָס אידיש פאָלק און ניט די אידישע שפּראַך. מילא אַנקענען דעם איז שוין גאָר קיין רפוא ניטאָ. „נאַסילו מיל ניע בודיעש“. אָבער דאָס וואונדערט מיך. עס זענען פאַראַן אַ פולע אינטעליגענטען,

וואָס האָבען זעהר האָלד דאָס אידישע פאָלק און קענען פאָרט ניט אָנזעהן די אידישע שפּראַך. דאָס פערשטעה איך שוין ניט. האָבען זיי באמת האָלט דאָס אידישע פאָלק, אָט אזוי ווי עס איז, מיט זיין אָרעמקייט און זיין פער'חושכ'טען אויסזעהן; האָבען זיי טאַקי האָלד דעם אידענס נשמה, — ווי קענען זיי פיינד האָבען די אידישע שפּראַך, וואָס אין איהר לעבט דעם אידענס נשמה, וואָס שפּיגעלט אין זיך אָב אַלע מעלות און חסרונות פון דעם אידישען פאָלק?

אָבער אַז זיי זאָגען, מוז מען זיי גלויבען. אין געפיהלס־זאַכען איז קיין חכמות ניטאָ. געפיהלען האָבען ניט קיין שכל, — דאָס איז אַן אַלטער כלל. און ווידער די אייגענע מעשה: „נאָסילו מיל ניע בודיעש". אַלץ, וואָס מען קען אויף דערויף ענטפערן, איז: „אייך געפעלט זי ניט, די אידישע שפּראַך, און מיר געפעלט זי יע. און ניט נאָר מיר. טויזענטער און מיליאָ־נען אידען גלויבען, אַז שעהנער פאַר אידיש איז אויף דער וועלט ניטאָ. און איך בין זיכער, אַז טויזענדער און מיליאָנען אידען וועלען מיט מיר איינשטימען, ווען איך וועל זאָגען:

טייערער פאַר אַלע געשטאַלטען
איז מיר מיין מאַמע'ס פּנים;
ליעבער פון אַלע לשונות
איז מיר מיין מוטער־שפּראַך!

---

# די דריי פעריאָדען אין אונזער גלות־געשיכטע *)

### .1

... מיט באַלד צוויי טויזענד יאָהר צוריק, בעת דאָס אידישע פאָלק איז אוועק אין גלות, האָט די אידישע אינטעליגענץ פון יענער צייט געפונען אין דער רעליגיאָן א מיטעל, ווי צו דערהאַלטען די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק אין פרעמדע לענדער צווישען פרעמדע פעלקער.

געטריבען פון דעם געוואַלדיגען אינסטינקט צו זיין א פאָלק אויף דער וועלט און פון דעם קלאָרען, טיעפען און, ווי איך רעכען, ריכטיגען געדאַנקען, אז דאָס זיין אויף דער וועלט פון דעם אידישען פאָלק האָט א גרויסען ווערט פאַר דער גאַנצער מענשהייט, האָט די אידישע אינטעליגענץ — די תנאים, אמוראים און גאונים — אין א משך פון הונדערטער יאָהרען אויסגעפלאָכטען א שטאָלענע נעץ פון רעליגיעזע דינים און מנהגים, וואָס האָט ארומגענומען דאָס לעבען פון דעם אידישען פאָלק פון אלע זייטען, האָט אָבגעשיידט דעם אידען פון אלע אנדערע פעלקער און האָט ניט דערלאָזען, דאָס אידישע פאָלק זאָל צוגעהן צווישען זיי, ווי א קערענדעל זאַלץ אין א ים וואַסער.

דאָס אידישע פאָלק האָט געוואָלט דערהאַלטען זיך, כדי צו דערלעבען בעסערע צייטען, ווען עס וועט קענען לעבען פריי אויף זיין אייגענעם לאַנד, אויסבויען א לעבען, פון וועלכען אלע פעלקער זאָלען זיך קענען אראָבנעהמען א מוסטער.

ווער זאָל איהם בריינגען צוריק אין זיין אייגען לאַנד? משיח! דורך וועלכע מיטלען? ניט דורך פייער, שווערד און מענשלי־

*) אויס דער אַרטיקעל־סעריע: „די אויפגאַבען פון דער אידישער אינטעליגענץ אין אַמעריקע", „פאָלק", 1906.

כען כח, אפילו ניט דורך דיפּלאָמאַטישע אָבמאַכונגען... ניין, „לא בכח ולא בחיל“, נאָר דורך נסים און נפלאות. מען זעהט פון דעם גלויבען אין משיח און נסים, אז ביי דעם פאָלק, וואָס האָט ווי א העלד געפיהרט א שטרייט אנקעגען רוים, זענען שוין אויסגע־גאַנגען זיינע פיזישע כחות און אַז ער האָט זיך געמוזט אָנכאַפּען אָן דעם גלויבען אין א ניט מענשליכע קראַפט. דער גלויבען אין משיח און וואונדער איז דעריבער געוואָרען די נשמה פון דער אי־דישער רעליגיאָן, דער גייסטיגער אינוועניגסטער פייער, וואָס האָט זי בעלויכטען און דערוואַרעמט. פלעגען זיך אַריינרייסען אין לעבען פון דער אידישער אינטעליגענץ שאַרפע, קאַלטע ווינ־טען פון פילאָזאָפישע חקירות, וואָס האָבען געלייקענט די מעגליכ־קייט פון משיח און וואונדער, פלעגט דער פלאַם־פייער ווערען שוואַכער, די נשמה פון דער אידישער רעליגיאָן פלעגט האַלטען ביים אויסגעהן און מיט איהר — דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע לע־בען פון דעם אידישען פאָלק. אין יענע צייטען פלעגען פון די טיעפענישען פון דער אידישער פאָלקס־האָפנונג, פון דער אייביג־גליהענדער „תקוה“ ארויסרייסען זיך נייע פייער־זיילען פון דער אידישער פילאָזאָפיע, וואָס פלעגען פערטרייבען דעם ספק פון די מוחות און דעם פראָסט פון די הערצער, און פלעגען ווידער אויפ־לעבען די נשמה פון דער גאַנצער אידישקייט, דעם גלויבען אין משיח און אין וואונדער. אַזעלכע פייער־זיילען זענען געווען סעדיה גאון, יהודה הלוי, די גאַנצע קבלה און די חסידות.

מיט יעדען דור פלעגט דאָס אידישע פאָלק אַלץ ענגער צונויפ־ציהען ארום זיך דאָס שטאָלענע נעץ פון דינים און מנהגים אזוי, אז מיט דער צייט האָט דאָס נעץ זיך אין גאַנצען איינגעגעסען אין זיין לייב, און עס האָט אויסגעוויזען, אז דאָס אַלטע ווערטעל איז מקוים געוואָרען: „ישראל ואוריתא חד הוא“ — אידען און אי־דישע רעליגיאָן זענען איין זאַך; ווער עס לייקענט אָב די אידישע רעליגיאָן, דער לייקענט אין דעם אידישען פאָלק.

אָט דאָס איז דער קורצער אינהאַלט פון דער טיעפער און רייכער ערשטער פעריאָדע פון אונזער געשיכטע אין גלות, וואָס האָט געדויערט ביז דעם סוף פון דעם 18־טען יאָהר הונדערט, ביז צו מענדעלסאָהן און זיינע תלמידים.

## .2

עס איז אין דער אידישער ליטעראַטור עטליכע מאָל דער־קלערט געוואָרען, ווי אַזוי עס האָט דעם אידישען סוחר׳ישען קלאַס פון דעם סוף פון דעם 18־טען און דעם אָנהויב פון דעם 19־טען יאָהרהונדערט זיך גרייליך געלוינט אָבזאָגען זיך פון דעם געדאַנ־קען, אַז אידען זענען אַ פאָלק און האַלטען זיך מיט אַלע כחות פאַר דער אידעע, וועלכע משה מענדעלסאָהן און זיינע תלמידים האָבען אַריינגעבראַכט אין לעבען, אַז אידען זענען מעהר נישט ווי אַ רעליגיאָן.

די אויפקלערונג פון דעם 18־טען יאָהרהונדערט האָט פער־לאַנגט גלייכע רעכט פאַר אַלע בירגער פון איין פאָלק, אָבער ניט גלייכע רעכט פאַר אַלע פעלקער פון איין מדינה. דער איצטיגער נאַציאָנאַלער געדאַנקען איז איהר בכלל געווען פרעמד; פאָלק און מדינה זענען געווען צונויפגעגאָסען אין איין השגה. אין וועלכער מדינה דו וואוינסט, צו יענעם פאָלק געהערסטו! גלייכע רעכט האָבען די קינדער פון איין פאָלק, די בירגער פון איין מדינה, אַלע איינס וואָס פאַר אַן אמונה זיי זאָלען ניט האָבען: די פּראָטעס־טאַנטישע, די קאַטוילישע, אפילו די אידישע.

מען קען ניט לייקענען, אַז אָט דער אויפגעקלערטער געדאַנק פון דער אייראָפּעאישער בורזשואַזיע איז געווען בנוגע צו די אי־דען, אַן עדעלער און טיעף רעוואָלוציאָנערער: אידען, דער פער־מיאוס׳טער אויסוואורף פון דער מענשהייט, — בירגער פון איין לאַנד, קינדער פון איין פאָלק מיט דעם דייטש, מיט דעם פראַנצויז, מיט דעם איטאַליענער!! פון דעם געדאַנקען אַליין האָט געקענט שיכור ווערען די יונגע אויפגעקלערטע אידישע אינטעליגענץ. נאָך די רדיפות, הריגות און בזיונות, וועלכע מען איז אויסגעשטאַנען אין דעם מיטעלאַלטער און אין דער צייט, ביז „די זון פון השכלה האָט דורכגעשפּאָלטען די געדיכטע וואָלקענס פון דער פינסטער־ניס", האָט זיך דעם יונגען אידישען דור געמוזט אויסווייזען, אַז די אויפקלערונג איז דער משיח, די גלייכע רעכט מיט אַלעמען — די אויסלייזונג פון גלות, און די פערברידערונג מיט די פעלקער — דער אמת׳ער ירושלים.

קינדער פון איין פאָלק, בירגער פון איין לאַנד מיט דעם דייטש, דעם פראַנצויז, דעם איטאַליענער! און וואוינען מעגסטו אומעטום, און האַנדלען מעגסטו מיט וואָס דו ווילסט, און גלויבען מעגסטו אפילו אין דעם טייוועל! אָבער דער ערשטער תנאי דערצו איז: דו זאָלסט זיך אָבזאָגען פון דיין פאָלק און פון דיין לאַנד, דו זאָלסט בפועל ממש ווערען א דייטש, א פראַנצויז, אַן איטאַליענער, דו זאָלסט זיך אסימילירען מיט זיי.

די גרויסע איבערקערעניש אין דעם געדאַנקען פון דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט ארויסגערופען דעם ציוניטען, וויכטיגען פעריאָד אין אונזער געשיכטע אין גלות, דעם אסימילאציאָנס־פעריאָד, קען אָבער ניט דערקלערט ווערען אליין דורך די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון דעם אידישען סוחר און דורך די בענקעניש נאָך א מענשליכען לעבען פון דער אידישער אינטעליגענץ. „מאָגען" און „הארץ" זענען ניט גענוג אויף צו פערענטפערען די שאלות פון דער מענשליכער געשיכטע בכלל, און נאָך וועניגער טויגען זיי אין גאַנצען צו דערקלערען די טיעף־ערנסטע געשיכטע פון אונזער פאָלק. „שכל" און „נאַציאָנאַלער געפיהל" זענען די צוויי אַנדערע, די שטאַרקערע פאַקטאָרען פון דעם היסטאָרישען לעבען.

ווי וויכטיג עס איז ניט געווען פאַר דעם סוחר — גלייך מיט אַלע אַנדערע סוחרים — צו וואוינען אומעטום און צו האַנדלען מיט וואָס ער וויל; ווי טיעף און היים עס איז ניט געווען דער פערלאַנג פון דעם אידישען אינטעליגענט אויפהערען צו לעבען דאָס לעבען פון א ברודיגען הונט, וועלכען מען בריהט אָב פון יעדען טויער, פון יעדען פערטעל, און אָנהויבען צו פיהלען זיך ווי א מענש, ווי אַן איינער קינד אין דעם לאַנד, — „מאָגען" און „הארץ" אליין וואָלטען ניט געקענט ארויסברייננגען דעם ראַדיקאַלען איבערדרעה אין די געדאַנקען און האָפנונגען פון דעם אידישען פאָלק: „מאָגען" און „הארץ" האָבען שוין לאַנג גע'טענה'ט צו דעם אידישען פאָלק אין גלות, אז זיין לעבען איז אַן אייביגע פלאָג; אָבער דער איד האָט געלאַכט פון דעם מאָגען און גובר געווען דאָס הארץ.

כל זמן דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל האָט נאָך געקענט האָבען דעם שכל אויף זיין זייט; כל זמן דער שכל האָט מיט פילאָזאָפישע

פּשט׳לעך נאָך געקענט בעווייזען, אז משיח און וואונדער זענען ניט קיין קראַנקע דמיונות, אויסגעשפּונען פון א צורודערטער פאַנטאַזיע, נאָר אמת׳ע כוחות, וואָס ליגען פערבאָרגען אין דעם ווילען פון דעם בעשעפער, האָט די אידישע אינטעליגענץ געקענט גלויבען, אז ער, דער בעשעפער, וועט ווען עס איז אויסלייזען מיט א מאָל, כדי אויפ׳ס ניי אויפצובליהען צו א נייעם לעבען, זיין הייליג פאָלק, וואָס האָט אזוי פיעל געליטען אין זיין נאָמען, מיט אזוי פיעל קרבנות געבליבען טריי צו איהם.

ערשט ווען דער מענשליכער געדאנק האָט צום סוף פון דעם 18־טען יאָהרהונדערט מיט אן אייזערנער קראַפט אויסגעשמידט די אידעע פון דער א י י ב י ג ק י י ט פ ו ן ד י נ א ט ו ר־ ג ע ז ע צ ע ן, ערשט יעמאָלט ווען דער שכל האָט שוין ניט גע־ קענט מעהר פערענטפערען די האָפנונגען פון דעם אידישען פאָלק, האָט דאָס אידישע נאַציאָנאַלע געפיהל, וואָס האָט אויפגעבויט אלע זיינע פלענער אויף דעם אונמעגליכען פונדאמענט פון משיח און וואונדער, נעקראָגען א קלאַפּ, וואָס האָט איהם אין גאנצען פער־ טומעלט, און „מאָגען" און „הארץ" האָבען גובר געוועז איבער איהם...

נענוג צו זיין א בן־מלך אין דער פאַנטאַזיע, א ברודיגער הונט אין דעם לעבען! ציוויליזאציע איז דער שם המפורש, וואָס וועט פוןביידען מ א כ ע ן א מ ע נ ש ע ן, ניט קיין בן־מלך און ניט קיין הונט, א מענשען, גלייך מיט אלעמען, מיט דעם דייטש און דעם פראַנצויז! לאָמיר דעריבער אָנווענדען אלע כוחות, כדי אריינצוברענגען די ציוויליזאציע און בילדונג אין די פערוואָר־ פענסטע ווינקעלעך פון אונזער לעבען, לאָמיר אויסרייניגען זיי און אויסשאָבען פון זיי אלץ, וואָס איז אָנגעוואקסען אין דעם ערשטען פעריאָד פון אונזער לעבען אין גלות... לאָמיר זיך אסימילי־ רען מיט די פעלקער....

דער ערשטער פעריאָד, דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער, איז געוועזען אויפגעבויט אויף דעם פונדאמענט פון „ישראל ואוריתא חד הוא", דאָס אידישע פאָלק און די אידישע תורה איז איין זאַך. דער צווייטער, דער אסימילאַטאָרישער פעריאָד, האָט געמאַכט א תל פון דער „אוריתא" און האָט ממילא געמוזט מאַכען א תל פון דעם

„ישראל“, וואָס איז היסטאָריש געווען געצוואונגען צו פערבינדען זיין גורל מיט דעם גורל פון אַזאַ מעטאפיזישען געדאַנק, וועלכער האָט געמוזט פריהער אָדער שפּעטער דערוואָרגען ווערן פון דער וויסענשאַפט.

### 3.

דער וואָס קוקט מיט אָפענע אויגען אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, יענעם איז ניט שווער איינצוזעהן, אַז דער אסימי־לאַציאָנער פעריאָד איז שוין, דאַנקען גאָט, אריבער. אין רוסלאַנד האָבען די אסימילאַטאָרען אויפגעהערט צו שפּיעלען אַ וועלכע עס איז ראָליע אין דעם עפענטליכען אידישען לעבען. זייער קול ווערט איצטער פערהילכט דורך אַנדערע, נייע, יונגע שטימען, אין וועל־בע עס הערט זיך דער שטורעמדיגער אויסגעשריי פון דעם אויפ־געוועקטען אידישען נאַציאָנאַלען געפיהל. עס איז ניטאָ איצטער קיין איין איינציגע אידישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וואָס זאָל אָפען ארויסטרעטען מיט דעם אידעאַל פון צונויפגיסען דאָס אידישע פאָלק מיט אַלע אַנדערע פעלקער; עס איז ניטאָ קיין איין איינ־ציגע אידישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וואָס זאָל ניט האָבען אויפ־געשריבען אויף איהר פאָהן די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק. ווי די פּאַרטייען זאָלען ניט אויסטייטשען אָט די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, אויף וועלכען אופן זיי זאָלען ניט אויס־פּשט'לען דעם „פאַרוואָס“, וועלכער צווינגט זיי צו זיין נאַציאָנאַל, — אַלע האָבען זיי נאָר איין ציעל אין זינען, און טראַכטען ווענען נאָר איין זאַך: ווידער אריינצונעהמען אין די אייגענע הענד דעם גורל פון דער אידישער געשיכטע און נאָך אויף אַ לאַנגער־לאַנגער צייט זיין די בעלי־בתים פון אַ זעלבסטשטענדיגען אידישען לעבען. די ערשטע חובבי־ציון, מיט ליליענבלום'ען און פינסקער'ן, האָבען געמאַכט דעם אָנהויב*), האָבען קלאָר און שארף ארויסגעזאָגט דעם פּרינציפּ פון אונזער איצטיגען פעריאָד — דעם פּרינציפּ פון „זעלבסט־עמאַנסיפּאַציע“, פון דער ווידערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלק, און דאָס לעבען האָט געצוואונגען אַלע אַנדערע פּאַרטייען פריהער אָדער שפּעטער ארויפצוגעהן אויף דעם וועג, אויף וועלכען זיי האָבען זיך געשטעלט.

אויף וויפיעל דער אַסימילאַציאָנער געדאַנקען האָט איצטער פערלאָרען יעטוועדען קרעדיט אין דער אידישער געזעלשאַפט אין רוסלאַנד, קען מען זעהן פון אַ קליינעם, אָבער זעהר קלאָר רעדענדען פאַקט. מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָב איך אָבגעדרוקט אין „פאָלק" און אין „פריינד" אַ קליינע שטודיע וועגען דער שאלה, אויב דאָס אידישע פאָלק קען ווען עס איז פערשווינדען, אין וועלכער איך האָב, פערשטעהט זיך, מיך בעמיהט צו בעווייזען, אַז דאָס אידישע פאָלק קען ניט איינגעשלונגען ווערען פון די ארומיגע פעלקער. דער רוסיש־אידישער זשורנאַל „וואָסכאָד", דער אַמאָליגער הויפּט רעדעל־פיהרער פון די אַסימילאַטאָרען, האָט געבראַכט עטליכע שטיקלעך פון דעם ארטיקעל און האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון ארויסצואווייזען זיין פערוואונדערונג, וואָס איך געפין נאָך איצטער פאַר נויטיג צו שרייבען אַנקעגען דער אַסימילאַציע! אזוי טיעף בעגראָבען אין דר'ערד ליגט איצטער דער אידעאַל, וואָס האָט מעהר ניט, ווי מיט אַ פּאָר צעהנדליגע יאָהרען צוריק געוועלטיגט איבער די מוחות פון דער אידישער אינטעליגענץ און געפיהרט די גרענדע אין דעם עפענטליכען אידישען לעבען.

דער אַסימילאַציאָנער פּעריאָד איז נאָך צו נאָהענט צו אונז, און דער נייער דריטער פעריאָד, די ווידעראויפלעבונגס־צייט, איז נאָך צו יונג, דער היסטאָריקער זאָל שוין איצטער קענען אויסרעכענען אַלע סבות, וואָס האָבען אויף טויט פערוואונדעט דעם ערשטען אידעאַל און אריינגעשפּריצט אזוי פיעל לעבען אין דעם צווייטען. ווי איטליכע היסטאָרישע פּאסירונג, האָט אויך דער איבערבייט אין די געדאַנקען פון דער אידישער אינטעליגענץ געהאַט אַ גאַנצען הויפען סבות, וואָס זענען געוועהן ארומגענומען דורך איין איינציגען אייזערנעם רייף. אין דעם פאַל איז דער אייזערנער רייף, נאָך מיין מיינונג, געוועהן די אָבמינטערונג פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען געפיהל, וואָס איז שטענדיג געוועהן דער אָנפיהרער פון דער אידישער געשיכטע, וואָס איז קיין מאָל ניט אויסגעשטאָרבען אין איהר און וואָס איז מעהר ניט ווי געלעגען אַ פער'חלש'טער אין דער גאַנצער צייט פון דעם אַסימילאַציאָנעם שווינדעל.

*) פערגלייך דעם ארטיקעל: „דער בעג־ין פון דער אידישער ווידער־אויפלעבונג".

עס איז מיט דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, מיט דעם חשק צו פיהרען אן אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען ביי א גאַנצען פאָלק, ווי מיט דעם לעבענס־געפיהל, דעם חשק צו לעבען ביי איין איינ־צעלנעם מענשען. עס טרעפט צייטען, — ניט קומען זאָלען זיי! — ווען די לעבענס־ענערגיע ווערט אזוי אָבגעשוואכט און פער'חלש'ט, אז דאָס לעבען ווערט נמאס ומאוס, די הענד הויבען זיך ניט עפּעס צו טהאָן, און דער קאַלטער שכל בעגיסט מיט גרינע גאַל איטליכען לעבענס־צוועק, ווי הויך ער זאָל ניט זיין, ווי נויטיג ער זאָל ניט זיין, וויפיעל הנאה ער זאָל ניט ברענגען אין אַנדערע צייטען. אַן אייז־קאַלטער „צוליעב וואָס — צוליעב ווען?" שטעלט זיך אוועק צווישען דעם מענשען און זיין טאָן, מאכט פערגליווערען יעדען טראָפּען לוסט, לעשט אויס אַלע פייערען און פערטרייבט דעם מענשען, א צונויפגעהויקערטען, אין א קאַלטען פינסטערען וויג־קעל, פון וועלכען ער קוקט מיט א פערפראַרענעם בליק אויף דעם גאַנצען פערקאַכטען טומעל פון די אין דעם לעבען פערטאָנענע מענשען.

יאָגען זיך נאָך רייכקייט? צוליעב וואָס — צוליעב ווען? כדי אָנצושטאָפּען דעם בויך און אָנגרייטען דעליקאַטעסען פאַר די ווערים?

אויסבילדען דעם מוח און אויספיינערען די געפיהלען דורך וויסענשאַפט און קונסט? צוליעב וואָס — צוליעב ווען? אקו־ראַט ווי די ווערים וואָלטען מאכען א חלוק צווישען דעם רמב"ם'ס מאַרך מיט יהודא הלוי'ס נערוועט און דעם מאַרך און נערוועט פון אַן אידיאָט!

רעוואָלוציע? סאָציאַליזם? צוליעב וואָס — צוליעב ווען? כדי אַלע זאָלען אין גיכען דערזעהן פאַר זייערע אויגען דעם טויט־טען ענטפער אויף די אַלע לעבענס־שאלות, די וויסטקייט און די נאַרישקייט פון דעם אויסגעפּוצטען הבל הבלים, וואָס מיר, מענ־שעלעך, רופען אָן „לעבען"...

אָבער קוים כאַפּט דאָס לעבען אזא קהלת'על פאַר'ן קאָלנער, גיט איהם א ריס פון זיין ווינקעל און גיט איהם א שליידער אין לעבען, — אפשר דער איינענער הונגער, אפשר דאָס שוואכע וויי־נען פון א פערלאָזענעם יתום אין וויעג, וועמענס לעבענסליכט עס

האַלט ביים פּערלעשען, — און דער גאַנצער פּעסימיזם פּליהט פאַ־נאַנדער, ווי אַ וויסטער חלום. די לעבענס־ענערגיע הויבט אָן ווידער צו שפּילען, און דערזעלביגער מענש, וועלכער האָט פערלאָרען דעם „צוליעב וואָס“ אין רייכקייט, וויסענשאַפט און פּראָגרעס, געפינט אַ תירוץ מספּיק פאַר זיין חשק... צו קעהרען דעם שנעע פון די גאַסען אָדער גראָבענס צו גראָבען, כדי צו דערהאַלטען זיין אייגען לעבען אָדער דאָס לעבען פון דעם עופ'עלע, וואָס האָט איהם פערנומען פאַר'ן הארצען. די לעבענס־ענערגיע שפּיעלט זיך אַלץ מעהר פאַ־נאַנדער, און ער כאַפּט שוין אויף אַ טענצעל אין דעם לעבענס־קאַראהאָד.

דאָסזעלביגע איז אויך מיט דעם ווידעראויפלעבען פון דער נאַ־ציאָנאַלער ענערגיע. דאָס אייגענע אידישע לעבען, אריינגעקוועטשט אין דעם איינגען אייזערנעם שטייגעל פון „ישראל ואוריתא חד הוא“, אין דעם דומפּפען ווינקעל פון דער אידישער רעליגיאָן, איז נמאס ומאוס געוואָרען פאַר דער אידישער אינטעליגענץ. דער חשק צו אַן אייגענעם לעבען איז פערשוואונדען, און אויף אַלע פּלענער ווידעראָבצולעבען דאָס אידישע פאָלק, האָט זי געמוזט קוקען מיט דעמזעלבען פערגליווערענדיגען, אייז־קאַלטען „צוליעב וואָס — צו־ליעב ווען?“, מיט וועלכען דער מענש מיט אָבגעשוואַכטער לע־בענס־ענערגיע קוקט אויף די „משונה ווילדע משונעת“ פון דעם גאַנצען זיין אויף דער וועלט.

אַן אייגען לאַנד? צוליעב וואָס — צוליעב ווען? אפשר האָבען זיך אייך קרבנות מיט כהנים פערוועלט? אַן אייגענע קולטור? נאָך ווייטער שמיעדען די קייט, וואָס האַלט אונז צו־געשמידט צו אונזערע פינסטערע געטאָס? אַ בעסערע ערציהונג פאַר אידישע קינדער? וואָס מיר אידיש? ווען מיר אידיש? אָבער קוים האָט די געשיכטע מיט איהרע אייזערנע ריטער געגו־מען שטראָפען די אינטעליגענץ פאַר איהר אַנטלויפען פון דעם אידישען פאָלק, קוים האָט דער טיאָמקערער טייל פון איהר דער־שפּירט דעם ערשטען פייערדיגען שמיץ פון די פּאָגראָמען, ווי דער גאַנצער נאַציאָנאַלער פּעסימיזם איז ביי איהם צופלויגען געוואָרען ווי רויך...

און די געשיכטע האָט ניט אויפגעהערט צו שמייסען, ביז די

גאנצע רוסיש־אידישע אינטעליגענץ האָט זיך געכאַפּט פאַר'ן קאָפּ און איז ארויסגעלאָפען, א צוטומעלטע, פון איהר קאַלטען, פינס־טערען אסימילאציאָנס־ווינקעל.

וואו זענען אהינגעקומען די טויזענדער ארגומענטען און ראיות, אז דאָס אידישע פאָלק איז שוין לאנג פערשוואונדען, מוז פער־שווינדען, זאָל פערשווינדען? אין וועלכע ביכער האָט מען אָב־געפרעגט די אנטראָפּאָלאָגיע, עטנאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע און שווינדאָלאָגיע (געשיכטס־פילאָזאָפיע בלע"ז), וואָס האָבען מיט אייזערנע געזעצען פון דער וויסענשאפט בעוויזען די ריכטיגקייט פון דעם אסימילאציאָנעם אידעאל? וואָס ביכער! דאָס אידישע נאַ־ציאָנאל־געפיהל האָט זיך א צאַפּעל געטאָן, די אידישע לעבענס־ענערגיע האָט זיך פאַנאנדערגעברענט, און אונזערע טעאָרעטיקער לויפען, פערסאַפּעטע, נאָך דעם לעבען און האָבען קיין צייט ניט צו בעווייזען די נויטיגקייט און קלוגקייט פון דעם, וואָס דאָס לעבען טוט. און אז איינער קומט צולויפען מיט א שמחה: ער האָט געבראכט ארגומענטען, וואָס דערלאַנגען, ווי ער מיינט, מיט א גובערנאַטאָר אין זייט דער גאנצער אסימילאציאָנער טעאָריע, בע־ווייזענדיג, אז דאָס אידישע פאָלק קען ניט פערשווינדען, קוקט מען שוין אויף איהם מיט א גוט־מוטיגען שמייכעל:

— „ט'זיך אויסגעשלאָפען! נו־נו, ווייז אהער, לאָז זיך וואל־גערען, אפשר וועט צוניץ קומען"... דאָס לעבען האָט שוין אי־בערגעשריטען דעם אסימילאציאָנס־פעריאָד אין רוסלאנד. די ווי־דעראויפלעבונגס־צייט בליהט שוין כמעט אומעטום, וואו אידען וואוינען, און איהרע ערשטע בלומען זעהט מען שוין דאָ, און דאָר־טען אפילו אין אמעריקא...

---

## קאָן דאָס אידישע פאָלק פערשווינדען? *)

איינער א וויצלינג האָט אמאָל געזאָגט, אז די בעסטע סגולה צו קאָפּ־וועהטאָג איז — קעפּפען, אראָבנעהמען דעם קאָפּ.

און אין דער אמת'ן: מיט אלע ראיות פון דער לאָגיק און מיט אותות ומופתים פון דער נאַטור־וויסענשאַפט קען מען בע־ווייזען קלאָר ווי דער טאָג, אז ווי נאָר דער קאָפּ ווערט אָבגעשיידט פון דעם גוף, אזוי מוזען אין א קורצער צייט פערשווינדען — ניט וואָס קאָפּ־וועהטאָג, אפילו אלע אנדערע איינגעוואָרצעלטע און פערעלטערטע קרענק.

קעפּפען איז די ראַדיקאַלסטע סגולה, און ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס א סך פון אונזערע „ראַדיקאַלע" יונגע־לייט ווי־לען אָנווענדען אָט דאָס מיטעל אויף געגען אלע ליידען און חלאת'ן, וואָס פּלאָגען אונזער פאָלק אין א משך פון באלד צוויי טויזענד יאָהר. לאָז דאָס אידישע פאָלק צונויפגיסען זיך מיט אלע פעל־קער, לאָז עס איינגאַנצען פערשווינדען, און אינאיינעם מיט איהם וועלען אין א קורצער צייט פערשווינדען אי דער האַרצוועהטאָג, וואָס מיר האָבען וועגען זיין לאַגע, אי דער קאָפּ־וועהטאָג, וואָס מיר האָבען געקראָגען פון דעם שטענדיגען טראַכטען, ווי אזוי פּטור צו ווערען פון איהר. אוים אידען — אוים אידישע צרות!

עס פערשטעהט זיך, אז קיינער וואָלט ניט געהאַט די העזה פאָרצושלאָגען אזא שאַרף מיטעל, אויב מען וואָלט ניִשט געלעבט אין דעם זיסען גלויבען, אז עס קען אויסגעפיהרט ווערען, ווען ניט באלד, אין אונזערע טעג, איז אין דער וויַיטערער צוקונפט, וואָס מיר קאָנען האָפּען מיט'ן אויג.

און ניט נאָר אונזערע פייערדיגע הסידים פון דער „צונויפגי־סונגס„־טעאָריע, אפילו א סך פון זייערע פערביטערטע געגנער, די אידישע נאַציאָנאַליסטען, גלויבען באמונה שלמה, אז דאָס לעבען

*) „פאָלק" און „פריינד", 1906.

פון דעם אידישען פאָלק אין גלות העננט אויף א האָהר, אז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק שטעהט אין סכנות נפשות, און אויב עס זאָל אונז חלילה נישט איינגעבען זיך, אָט דוקא שוין, אויפ׳ן שטעל ארויסרייסען עס פון גלות, — מעגען מיר זיך זעצען שבעה נאָך אונזער נאַציאָן.

איך וויל אין מיין היינטיגען ארטיקעל ניט אריינלאָזען זיך אין א חקירה, אויב עס וואָלט געווען א יושר, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל לגמרי פערשווינדען, אָדער עס וואָלט געווען בעסער, סיי פאר אונז, אידען, סיי פאר דער גאַנצער מענשהייט, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך פערשאַפען די מעגליכקייט צו לעבען א נאָרמאַלעם פאָלקס־לעבען, מיט אַלע מענשען צוגלייך. היינטיגס מאָל אינטע־רעסירט מיך נאָר איין פונקט, וועלכען עס האָבען בשותפות די „צוקונפטגיסער" און די בחפזון׳דיגע נאַציאָנאַליסטען, — זייער שותפות׳שער גלויבען, אז דאָס לעבען פון דעם אידישען פאָלק האַלט זיך אויף א האָהר.

נעווים קען מען ניט לייקענען, אז דאָס לעבען פון יעדעם איינצעלנעם אידען אין גלות שטעהט אין סכנות נפשות, ניט נאָר איצט אין רוסלאַנד, נאָר כמעט אומעטום אין אַלע לענדער, וואו אידען וואוינען אין מאַסען, צוזייהט און צושפּרייט צווישען פרעמדע פעלקער. קיינמאָל קען מען ניט זיין זיכער, אז עס וועלען נישט, כמעט ווי פון העלער הויט, אויפהויבען זיך בייזע ווינטען, וואָס וועלען דאָ אָדער דאָרטען פונאַנדערבלאָזען די אייביגע שנאה צו אונזער פאָלק צו א גהינם׳שען פייער פון שחיטות און הריגות, אין וועלכע א צאָהל אידען וועלען פאַלען פאר א קרבן מעהר נישט ווי דערפאר, וואָס זיי האָבען געטאָן די גרויסע נאַרישקייט זיך אויס־צוקלייבען אידישע עלטערען. אָבער אַזעלכע הריגות, ווי גרוים עס זאָל ניט זיין די צאָהל פון זייערע קרבנות, קענען קיינמאָל נישט אויסראָטען אונזער פאָלק. מיט׳ן שווערד קען מען אונז נישט ביי־קומען. צום גליק אָדער צום אומגליק זענען מיר צוזייהט און צו־שפּרייט אין פערשיעדענע לענדער, און עס איז זיך זעהר שווער פאַרצושטעלען, אז אַלע פעלקער זאָלען ווען עס איז מאַכען יד אחת, אויסצופיהרען די טייוועלשע פאַנטאַזיע פון דעם אַלטען המן: „להשמיד, להרוג ולאבד את כל היהודים ביום אחד". דער גלות,

ברוך הוא, שפּיעלט מיט אונז שטענדיג זיין „קאמער־קאמער־הויז. געה ווידער אַרויס“... מען פערטרייבט אונז פון איין ווינקעל — ערשט, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען! — עס איז שוין דאָ אַן אַנדער ווינקעל, וואוהין מיר קענען אַנטלויפען. שלאָגט מען אונז אין רוסלאַנד, לויפען מיר אין די פערייניגטע שטאַאַטען פון אַמע־ריקאַ, און ביז אין אַמעריקאַ וועלען אַריבער די „האָניג־וואָכען“ פון דער אידישער עמיגראַציע און דער אַנטיסעמיטיזם וועט קומען צו זיך און וועט זיך צונויפקלויבען מיט די כוחות, וועט דאָס געדויערען ניט ווייניגער, איידער די צייט, וואָס אונזערע האָניג־וואָכען האָבען געדויערט אין פּוילען, און צו יענער צייט וועלען מיר קענען צוריק אַריבערלויפען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון רוסלאַנד, אָדער קיין יאַפּאַן, אָדער אין איינע פון די שוואַרצע רעפּובליקען פון אַפ־ריקאַ. ארץ־ישראל וועלען מיר, פערשטעהט זיך, אויסמיידען מיט אַלע כוחות, ווייל דער גאַנצער קונץ פון אונזער „קאַמער־קאַמער־הויז“־שפּיעל איז — מען זאָל זיך חלילה ג י ש ט אַריינכאַפּען אין דעם ווינקעל...

אָהן ליצנות גערעדט, איז אונזער צוזייאונג צווישען די פער־שיעדענע פעלקער געווים געווען איינס פון די היסטאָרישע מיטלען, דורך וועלכע אונזער פאָלק איז פערהיט געוואָרען פון די ארבע מיתות בית־דין, וואָס זענען געלעגען — און ליגען נאָך אפשר עד היום — אָנגעגרייט פאַר אונז אין אַלע לענדער, ביי אַלע פעלקער.

אָבער בעת מען רעדט וועגען פערשווינדען פון דעם אידישען פאָלק און בפרט ווען מען הערט דעם „צונויפגיסער“ ריידענדיג וועגען דעם, מיינט מען דערביי ניט דעם געוואַלטזאַמען טויט דורך פרעמדע אכזריות, נאָר דעם נאַטירליכען טויט דורך פרעמדע איידעלקייט און אייגענעם וואוילטאָג. עס וועט זיין אַ צייט, — און זי נעהענטערט זיך צו אונז מיט ריעזען־שריט, — ווען די בייזע ווינטען וועלען אויפהערען, די זון פון מענשען־ליעבע וועט בע־שיינען די וועלט, און דער אידישער וואַנדערער, וואָס האָט זיך אין דעם שלעכטען וועטער שטאַרקער איינגעוויקעלט אין זיין נאַציאָנאַ־לען מאַנטעל, וועט אַ דערוואַרימטער, מיט שמחה אַראָבוואַרפען איהם פון די אַקסלען, צוברעכען דעם וואַנדער־שטעקען, צעוואַר־פען זיך אין דער לענג און אין דער ברייט און צושמאָלצען ווערען

פאר תענוג, ווי עס ווערט צושמאָלצען אויפ'ן הויף א פערוואָלגערט, מיט שמוץ בעדעקט שטיקעל אייז, ווען דער הויף ווערט ריין גע־מאַכט און די פרעהליכע זומער־שטראַהלען רינגלען עס ארום און קושען איהם אויס די קאַלטקייט פון זיין האַרצען.

אייגענטליך, איז אָט דער געדאַנק מעהר נישט ווי דער איגנס־טער זוהן פון דעם אַלטען געדאנק, וואָס כמעט אַלע געשיכטס־שריי־בער פון דעם אידישען פאָלק האָבען געוואָלט בעווייזען דורך די פאַקטען פון דער געשיכטע, און וואָס זאָגט מיט גרויס גדלות, אַז זינט עס איז געפאַלען די אידישע מלוכה, איז מיט איהר אויך אָבגעשטאָרבען דאָס אידישע פאָלק, און אַז דאָס אידישע פאָלק איז די גאַנצע צייט ארומגעגאַנגען ווי א טויטער אין כף הקלע דערפאַר, ווייל די ערד האָט עס ניט געגומען,ד . ה. ווייל די איינוואוינער פון דער ערד האָבען עס שטענדיג ארומגעטריבען פון איין אָרט צו דעם צווייטען. דער איד האָט זיך דערהאַלטען דורך זיין אָבגע־זונדערטקייט פון אַלע אַנדערע פעלקער, און די אָבגעזונדערטקייט זיינע איז געוואַקסען דאָרטען און יעמאָלט, וואו און ווען מען האָט עס רודף געווען, און פלעגט ווערען שוואַכער אָדער כמעט אינגאַנ־צען פערשווינדען דאָרטען און יעמאָלט, וואו און ווען דאָס ארומיגע לעבען איז געווען פריינדליך צו איהם.

נאָך אין דעם יאָהר 1887 בין איך אין א רוסישער ארבייט: („געדאַנקען איבער דעם געשיכטליכען גורל פון'ם יודענטום") ארויסגעטרעטען אנטקעגען אָט דעם כלל, וואס איז ארויסגעשטעלט געוואָרען פון די אַסימילאַציאָנע געשיכטס־שרייבער און איז אריבער־גענומען געוואָרען כמעט פון אַלע פאָרשער פון דער אידישער גע־שיכטע. איך האָב מיט היסטאָרישע פאַקטען מיך געמיהט צו בעווייזען, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט זיך דערהאַלטען אין גלות ניט דערפאַר, ווייל די געשיכטע האָט עס שטענדיג געהאַלטען אויפ'ן אייז אין א צושטאַנד פון אייביגער פערפראָרענקייט. דאָס אי־דישע פאָלק האָט זיך ניט נאָר ערהאַלטען אין גלות, נאָר אויך גע־לעבט און זיך ענטוויקעלט, און האָט ארויסגעבראַכט גרויסע דענ־קער, מענשען פון ווייסענשאַפט און פּאָעטען, ווייל עס האָט געהאָט גענוג נאַציאָנאַלע לעבענס־ענערגיע אין זיך, אויסצואַרבייטען אַן אייגענע אינווייניגסטע וואַרימקייט, וואס זאָל עס בעשיצען פון דער

אייז־קאַלטער אַטמאָספערע, אין וועלכער איהם איז אויסגעקומען צו לעבען. און אומעטום, וואו די אַטמאָספערע פלעגט ווערען פריינדליכער און ווארימער צו איהם, פלעגט אַלץ שטאַרקער ווערן זיין אייגענע נאַציאָנאַלע שאַפונגס־קראַפט, מיט אַלץ מעהר התמדה פלעגט עס אויסבויען אַט דעם קינסטליכען בנין פון קבלה, למדנות און שולחן־ערוך, וואָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו פיהרען זיין אוננאַטירליכען און נישט־נאָרמאַלען לעבען פון אַ נאַציאָן אָהן אַ לאַנד און וואָס וועט קענען איננאַנצען אַראָבגעטראָגען ווערען ערשט דעמאָלט, ווען עס וועט ווידער קענען לעבען אַ נאָרמאַלעס, נאַציאָנאַלעס לעבען ווי אַלע פעלקער.

די גרעניצען פון מיין היינטיגער אַרבייט דערלאָזען מיר ניט, נאָכאַמאָל אויפצונעהמען דעם קריעג אַנטקעגען דעם נאַר־וואָס דערמאָהנטען „כלל גדול“ פון דער אידישער געשיכטע. לאָמיר לאָזען די געשיכטע אָן אַ זייט און גוט צוקוקען זיך צו דעם, וואָס קומט פאָר פאַר אונזערע אויגען אין אונזער אייגענער צייט.

אין קיין לאַנד, וואו אידען וואוינען, איז נאָך דאָס אידישע פאָלק ניט פערשוואונדען און אויב עס איז דאָ אַ לאַנד, וואו פון דעם אידישען פאָלק האָט, לויט אַלע טעאָריען פון דער אַסימילאַציע, נישט בעדאַרפט בלייבען אַ שריד ופליט, איז דאָס געוויס האָלאַנד. האָלאַנד האָט פריינדליך געעפענט איהרע אָרעמס פאַר די אידען נאָך מיט אַ פאָר הונדערט יאָהר צוריק, און זיי האָבען דאָרטען קיין איינמאָל נישט קיין איין איינציגע „גזירה“ ניט געהאַט אויסצושטעהן. דער האָלענדישער קעניגליכער הויף — קעניגליכע הויפען זענען כמעט אומעטום דער אָרט, פון וועלכע עס ווערען אַרויסגעלאָזען די בייזע אַנטיסעמיטישע שטורם־ווינטען, — דער האָלענדישער קעניגליכער הויף האָט אויסגעאַרבייט אַ טראַדיציע פון אידען־ליעבע, וואָס האַלט אָן ביז אויף אונזערע טעג. אַלע יאָהר מאַכט דער קעניג אָדער די קעניגין אַן אָפיציעלען וויזיט אין די אידישע שוהל פון אַמסטערדאַם, כדי יאָהר אויס, יאָהר איין צו פערזיכערען די אידען, אַז די פריינדשאַפטליכע געפיהלען צו זיי זענען ניט אויסגעלאָשען אין די הערצער פון די הערשענדע פון דעם הויז אָראַניען. בעת אין רוסלאַנד האָבען זיך פונאַנדערגעברענט די ערשטע מהומות געגען אידען, אין דער צייט פון אַלעק־

סאַנדער דעם דריטען, איז ווילהעלם דער דריטער פון האָלאַנד עקסטרא געקומען מנחם־אָבל זיין דאָס אידישע פאָלק און עפענט־ליך ערקלערען, אז „ווילהעם דער דריטער איז ניט אַלעקסאַנדער דער דריטער". די אידען זענען אויך שוין פון לאַנג אָן אויסגע־גליכען געוואָרען אין אַלע זייערע רעכט מיט די האָלענדער; דער איד האָט שוין פון לאַנג אָן אָנגענומען די האָלענדישע שפּראַך און האָט ניט קיין אייגענעם זשאַרגאָן, — און אידען וואוינען דאָר־טען אין זעהר אַ קליינער צאָהל, — קורץ, האָלאַנד איז דער אי־דישער גן־עדן, ווי עס קען זיך נאָר אויסמאָלען די היציגסטע פאַנ־טאַזיע פון אַ „צוגויפגיסער".

האָבען זיך דאָרטען די אידען צונויפגעגאָסען?

פּאָהרט אַריבער קיין האָלאַנד מעהר נישט ווי אויף אַ פּאָר טעג, שפּאַצירט זיך דורך דאָס געטאָ פון אַמסטערדאַם, דורך דאָס געטאָ פון ראָטערדאַם, און עס וועט אייך קאַלט ווערען אין די אָדערען. סטייטש: מעהר נישט ווי הונדערט טויזענד אידען אין גאַנץ האָלאַנד, וואָס ריידען אַ שענעם האָלענדיש — און זיי לעבען גאָרניט צוזייהם. ניט פונאַנדערגעוואָרפען איבער'ן גאַנצען לאַנד, נאָר צונויפגעהויקערט אין צוויי גרויסע געטאָס! און נאָך וואָס פאַר אַ לעבען! בערדיטשעוו און העסטער סטריט אין ניו־יאָרק זענען אַ גאָלד לגבי די איינגקייט, דעם שמוץ, דער אָב־געשלאָסענקייט און פערלאָזענקייט, וואָס הערשט אין דער רייכסטער, געבילדעטסטער און אַסימילירטעסטער אידישער גע־מיינדע פון אַמסטערדאַם...

מילא, וועגען די גרויסע גליקען, מיט וועלכע די אַסימילאַציע האָט אונז בעשערט אומעטום און בפרט אין האָלאַנד, וועלען מיר ווען עס איז ריידען באריכות. איצט איז אונז וויכטיג צו בעווייזען, אז די אַסימילאַציע, די אויסערליכע אויסגלייכונג מיט דעם האָ־לענדער און די בעסטע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג, וועלכע עס קען נור געבען אויף דער וועלט, האָט ניט געפיהרט צו „צונויפ־גיסונג", צו אויסמישונג מיט דער איבעריגער בעפעלקערונג. צווי־שען אידען און ניט אידען שטעהט אלץ נאָך אַ וואַנד, וואָס שיידט זיי אָב איינע פון די אַנדערע, אַקוראַט אַזוי גוט ווי אין אַלע אַנ־דערע לענדער, וואו די גלייכבערעכטיגונג איז נאָך ניט אינגאַנצען

דורכגעפיהרט געוואָרען און וואו די אַסימילאַציע איז נאָך ניט דער־גאַנגען אַזוי ווייט.

און ווי אין דער אמת'ן ווילט איהר, אַז עס זאָל פערשווינדען די וואַנד צווישען אידען און אַנדערע פעלקער ? דורך וועלכע כחות, האָפט איהר, וועט די שייד־וואַנד צוריסען ווערען ?

דאָס איינציגע מיטעל, אידען זאָלען פערשווינדען איז — יעדער איד זאָל נעה־מען אַ גויש ווייב, יעדע אידישע טאָכטער זאָל חתונה האָבען פאַר אַ ניט־אידען. קאָנט איהר דאָס ניט אויספיהרען, קוים דערלאָזט איהר, אָדער איהר מוזט דערלאָזען, אידען זאָלען זיך מתחתן זיין צווישען זיך, וועלען אייך ניט העלפען אַלע סגולות פון דער אַסימילאַציע ; די אידישע ראַסע וועט בלייבען און מיט איהר וועט אויך בלייבען דער גרויסער ראַ־סען־אונטערשיעד צווישען דעם איד און דעם ניט־איד, די אייביגע וואַנד, וואָס טיילט איהם אָב פון די אַנדערע פעלקער און וואָס לאָזט איהם ניט פערשווינדען.

איך געדענק איצט ניט, אויף וועלכע פון די מיטעלמעער־אינז־לען עס לעבען אַ פּאָר טויזענד אידישע משפחות, וואָס האָבען נאָך אין דער צייט פון דער אינקוויזיציע אָנגענומען דעם קאַטוילישען גלויבען. אין אַלץ זענען זיי געוואָרען גלייך צו זייערע אַרומיגע שכנים : אין דער שפּראַך, אין דער אמונה און די מנהגים. און פונדעסטוועגען זענען זיי ניט פערשוואונדען, פונדעסטוועגען זענען זיי געבליבען פערשיעדען פון זייער אַרומיגע שכנים, ווי עס זענען פערשיעדען צום ביישפּיעל דער אירלענדער פון דעם ענגלענדער, אַנט־קעגען וועלכען ער קעמפּפט איצט פאַר פּאָליטישע אויטאָנאָמיע. די אידישע קריסטען זענען געבליבען נאָך זייער ראַסע נאָך אידען, ווייל זיי האָבען זיך נישט מתחתן געווען מיט די ניט־אידען, ווייל אַ פעלקער־צונויפגיסונג איז נאָר מעגליך אויף דעם יסוד פון ראַסען־פערמישונג, אויף דעם יסוד פון אויסגעמישטען חתונה־האָבען, און אויף וויפיעל איך קאָן נאָר האַפּען מיט'ן אויג די איצטיגע לאַגע און די ווייטע צוקונפט, זעה איך אין ערגיץ נישט קיין איינציגע קראַפט, וואָס זאָל קאָנען אויף אַ נאַטירליכען אופן פיהרען דערצו — אידען זאָלען זיך נעהמען מיט

אַלע בלים פאַר פערמישטע חתונות, כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל פטור צו ווערען פון זייער זיין אויף דער וועלט. איך זעה, אדרבה, אַ גאַנצע מחנה פון „אייזערנע קרעפטען", וואָס דערלאָזען איהם ניט דערצו, וואָס פער'משפט'ן איהם אויף אייביג (ד. ה. אויף אַ לאַנגע און לאַנגע צייט פון יאָהר־הונדערטען) צו בלייבען דאָס, וואָס ער איז, — אַ איד, — אויב דאָס געפעלט אייך אָדער נישט.

איינע פון די שטאַרקסטע קרעפטען, וואָס האַלטען אויף דעם אידען אויך אין דער איצטיגער צייט און לאָזען איהם ניט צונויפ־מישען זיך מיט די פרעמדע, איז דאָס לעבען אין די גהעטאָס. דאָס איז ניט נאָר אַ א י ד י ש ע „מדה מגונה", ווי אַ סך אידישע אַנטיסעמיטען מיינען, וואָס די אידען זעהען אומעטום צו וואוינען צווישען אייגענע ברידער. יעדעס אַנדער פאָלק, וואָס שיקט אַרויס גרויסע מאַסען אין עמיגראַציע, האָט דיזעלביגע טבע. אין דער פרעמד פיהלט מען זיך פרעמד; דו בענקסט נאָך דער היים און דו זוכסט אויף אַ היימישען מענש, וואָס פערשטעהט דיין שפּראַך, דיין לאַגע, דיין עלענד. מען וויל וואוינען אין שכנות, כדי מען זאָל זיך קאָנען עפטערס זעהן, עפטערס דרוכריידען זיך וועגען נייעס פון דער היים, אַריינגעהן אין אַ שענקעל טאַקע צו אַן אייגענעם גוטען ברודער און דערקוויקען זיך מיט אַ ביסעל היימישער משקה. דער אויסגעטראַכטער „האָמאָ קאָסמאָפּאָליטיקוס" (קאָסמאָפּאָליטישער מענש), וועמען עס איז גוט אומעטום, וועמען יעדע שפּראַך קלינגט מיט דערזעלביגער זיסקייט אין די אויערן, און יעדעס לאַנד און יעדער מענש האָבען דעמזעלביגען חן אין די אויגען, — אַזאַ בריאה משונה איז זעהר זעלטען אין לעבען און קומט נאָר פאָר אָדער צווי־שען אַרומרייזענדע קאָמיסיאָנערען, אָדער צווישען פער'חלומ'טע ראַדיקאַלע בטלנים, וואָס האָבען ניט קיין ח ו ש ה ט ב ע, קיין געפיהל פאַר דאָס ווירקליכע לעבען, מיט זיינע מיליאָנען פערשיע־דענע פאַרבען, געפיהלען, שטימונגען, שאַטירונגען, פון וועלכע דעם מענשען'ס נשמה ווערט געשפּייזט און פון וועלכע זי קלויבט אויס אינסטינקטיוו די, וואָס פּאַסען איהר בעסער איידער אַלע. אַ לע־בעדיגער מענש האָט אַ געפיהל, וואָס איז איהם ניט אַלע מאָל קלאָר, צו זיין היים, צו זיין שפּראַך, צו זיין פאָלק, צו זיינע קינדער, זיינע עלטערן, זיינע קרובים, — דעריבער זוכט ער אינסטינקטיוו צו לע־

בען אזוי, אז זיינע געפיהלען זאָלען ניט שטארק ליידען, אז איהם זאָל זיך „היימישער פיהלען".

אין ניו יאָרק, צום ביישפּיעל, זענען דאָ ניט נאָר אידישע געהע־טאָס, נאָר אויך „געהעטאָס" פון אנדערע נאציאָנען: פראַנצויזען, דייטשען, איטאליענער, חינעזער א. ז. וו., וואָס זענען אויסגעוואַק־סען אויף דעם נאַטירליכסטען אופן אין דער וועלט, אויף דעם כלל גדול פון דער מענשליכער פּסיכאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע, וועלכען איהר וועט קיינמאָל נישט קאָנען אויסראָטען, — דעם גרונד־געזעץ, וואָס זאָגט, אז יעדער מענש זוכט צו לעבען צווישען זיינס־גלייכען.

און א חוץ דער אלגעמיין־מענשליכער טבע, וואָס דיקטירט יע־דעם פאָלק צו בויען געהעטאָס אין דער־פרעמד, זענען דאָ ביי דעם אידישען פאָלק נאָך אנדערע מעלות אָדער חסרונות, — ווי איהר ווילט, אזוי קוקט אויף זיי, — וואָס דערלאָזען ניט, אז עס זאָל צור־מאָהלען ווערען אויף מעהל, עס זאָל אינגאנצען פּולווערייזירט און פערטיילט ווערען אין גלייכע חלקים אויף דעם גאנצען שטח פון דעם לאנד, אין וועלכען עס וואוינט. ע ר ש ט ע נ ס, זיין רעליגיאָן. איהר מעגט זיין אונצופריעדען מיט יעדער רעליגיאָן בכלל און מיט דער אידישער בפרט, אָבער מודה זיין מוזט איהר, אז זי איז נאָך עד היום א גרויסע מאכט, וואָס שפּיעלט נאָך אפשר די גרעסטע ראָליע אין דעם לעבען פון די מאסען. 500 יאָהר קאמפּף אָהן אנ'אויפהער אנטקעגען דעם קאטויליציזם, צום ביישפּיעל, האָט געוויס אָבגע־שוואכט זיין שטארקע פּאָליציי־קראפט איבער דאָס לעבען פון די קאטוילישע פעלקער, עס האָט אָבער איהם ניט אויסגעריסען מיט די וואָרצלען און האָט ניט געקאָנט ניט דערלאָזען, אז ער זאָל זיך צופּאסען צו דער נייער וועלט מיט איהרע נייע פאָדערונגען און אז ער זאָל אויסוואקסען אין א נייער פאָרם, מיט נייע לעבענס־ענערגיע דוקא אין דעם געבילדעטסטען ניינצעהנטען יאהרהונדערט. אויב די רעליגיאָן וועט וועט עס איז פערשווינדען, וועט דאָס זיין לאנג־לאנג נאָך דעם, ווי די סאָציאלע איבערקעהרעניש אין דעם לעבען פון די פעלקער וועט געבען יעדען מענשען די מעגליכקייט אָנצוזעטיגען זיך מיט דער וויסענשאפט און דעם פרייען געדאנק. און מיט דעם פערשווינדען פון דער אידישער רעליגיאָן אין גלות איז נאָך א האר־בערע שאלה, איידער מיט דעם פערשווינדען פון יעדער אנדער רע־

ליגיאָן ביי יעדעם אנדערן פאָלק דערפאַר, ווייל די אידישע רעליגיאָן איז געוואָרען צו איינעם פון די וויכטיגסטע מיטלען, מיט וועלכען דאָס אידישע פאָלק קעמפפט אין גלות פאַר זיין נאַציאָנאַלען קיום, כמעט מיט דערזעלביגער וואונדערבארער עקשנות, מיט וועלכער יעדע לעבעדיגע בריאה קעמפפט, לויט דאַרווין, פאַר די דערהאלטונג פון איהר מין.

ווי די מעשה איז, די אידישע רעליגיאָן איז דאָ און זי נויטיגט דעם אידען צו לעבען אין אַ גהעטאָ, וואו ער זאָל קאָנען האָבען אין נאָהנטער שכנות זיין כשר'ע פלייש־קראָם, זיין כשר'ע עסענוואַרג־קראָם, זיין בעקער, זיין רב, זיין מקוה, זיין חברה קדישא, זיין חברה גמילות־חסדים, און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

און דערנאָך, דער אנטיסעמיטיזם. וואוינען צווישען פרעמדע איז פאַר דעם אידען ניט נאָר "ניט־היימיש", — עס איז נאָר פשוט א סכנות־נפשות אין דעם גראָבסטען פשט פון דעם וואָרט. ער פיהלט, אז אומעטום לויערן אויף איהם פיינד, אז אומעטום און צו יעדער צייט קאָן ער פאַלען פאַר א קרבן פון דער אנטיסעמיטישער רציחה, וואָס קאָן פּלוצלונג פונאנדערגעקאָכט ווערען ביי דעם ערשטען בעסטען „שכן".

בלייבען אָבער די אידישע מאַסען וואוינען אין די גהעטאָס און לאָזט זיי דער אנטיסעמיטיזם ניט צו אריינצודרינגען אין דאָס פאַמיליען־לעבען פון דער ניט־אידישער בעפעלקערונג — און דאָס מהוט ער אפילו ביי די געבילדעסטע קריסטען אנטקעגען די געבילדעסטע אידען, — מוז, ווען מען קוקט ניט אויף קליינע אויסנאַהמען, דער איד זיך מתחתן זיין מיט דעם אידען, מוזען אידישע חתנים זיך טרעפען על פי רוב נור מיט אידישע כלות און די האָפנונג, אז יעדע חנה זאָל חתונה האָבען מיט איהר איוואַנען און יעדער משה זאָל געפינען זיין זיווג אין זיין מאַשען, צוגעהט, ווי א לייכטער טוי...

בלייבט אָבער דער זיווג פון משה'ן מיט חנה'ן און פון מאַשען מיט איוואַנען, קאָנען מיר קיינמאָל ניט פטור ווערען פון דער אידישער ראַסע, און מיט איהר אויך פון דעם אידישען פאָלק.

העכסטענס, וואָס עס קאָן זיך איינגעבען דער ציוויליזאַציע און דער פרייהייט, איז צו אַסימילירען דאָס אידישע פאָלק, דאָס הייסט אויסצופארבען די אידען מיט די פארבען פון די

ארומיגע פעלקער. אויף ווי ווייט עס קאָן געהן אזא אסימילאציע, און וועלכע גליקען מיר וועלען דערביי כאפען, ארום דעם וועלען מיר ריידען אן אנדערס מאָל. דערווייל איז נויטיג שטענדיג צו האָבען אין זינען, אז די גרויסע מתנה וואָס די אסימילאציע האָט אונז געוואָלט ברייינגען — די אויסהיילונג פון אונזער קאָפּ־וועהטאָג דורך אראָבשלאָגען דעם קאָפּ, אז די גרויסע מתנה, די „צונויפגיסונג" האָט זי אונז ניט געבראַכט און קאָן אונז ניט ברייינ־גען, ווייל זי קאָן ניט אָבשאפען די קרעפטען, וואָס צווינגען דאָס אידישע פאָלק צו לעבען צווישען זיך און זיך צו מתחתן זיין צווישען זיך, און ווען איך הער, ווי יונגע־לייט שרייען צו אונז, אז די אייזערנע צייט, וואָס פאָהרט אויף אנ'אייזערנעם רייטוואָגען, לויט אייזערנע געזעצען, מוז מיט איהרע אייזערנע הענד צומאָהלען אונז אויף שטויב און רויך, און ווען זיי פרעגען אונז: מיט וועלכע קרעפטען ווילט איהר פערהיטען דאָס אידישע פאָלק פון פערשווינ־דען? בעטען מיר זיי אראָבצושטייגען אויף א ווייַלע פון דעם שפּיץ פון זייער אייזערנעם אייפעל־טורם, וואו זיי ברייינגען צו זייערע טעג אין איינשטודירען דעם גאנג פון די היסטאָרישע שטע־רען און מזלות, און א ביסעלע נעהענטער צוקוקען זיך צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דעם ווירקליכען לעבען פון דעם אידישען פאָלק, און מטריח זיין זיך אונז צו בעווייזען, מיט וועלכע "אייזערנע" קרעפטען האָפען זיי צו מאכען פערשווינדען א פאָלק, וואָס האָט אָבגעלעבט 2,000 יאָהר אין גלות און אויסגעארבייט טויזענדערליי אופנים, ווי צו דערהאַלטען זיין אייגענעם נאציאָנאַלען קיום.

ניין! ניט וועגען פערשווינדען אָדער ניט־פערשווינדען פון דעם אידישען פאָלק דארפען מיר ריידען און מתוכח זיין זיך, — קיין קראפט אין דער וועלט קאָן אויף א לאנגע און א לאנגע קייט פון דורות ניט מאכען פערשווינדען דאָס אידישע פאָלק, — נור וועגען דעם דארפען מיר זיך גוט מישב זיין און בעקלערען, ווי דאָס אידישע פאָלק זאָל ווייטער לעבען: זאָל עס נאָך ווייטער אומגעהן כף־הקלע ווי ביז אהער, אָדער עס זאָל ענדליך ארויף אויף א גלייכען ריכטיגען וועג, וואָס זאָל עס פיהרען צו א געזונדען לעבען מיט מענשען גלייך, צו לאַנד און פרייהייט...

# טעריטאָריאַליזם במזומן אָדער אויף באָרג

1.

„דער טעריטאָריאַליזם איז א וואוילע זאַך. זיין צרה איז נאָר, וואָס ער קאָן קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט ווערען אין לעבען; ס'איז אפשר א שעהנער, נאָר פאַנטאַסטישער חלום, וואָס רייסט אָב דעם מענשען פון דער ווירקליכקייט און פערשלעפּט איהם אין עולם התהו; דעריבער ברייננט ער מעהר שאָדען, איידער נוצען, דעריבער מוז מען קעמפּפען אנטקעגען איהם".

אזוי העד איך אָפט רעדען א טייל פון אונזערע געגנער, און שטענדיג, ווען איך הער דאָס, דערמאָנט זיך מיר א מעשה'לע, וואָס מיר האָט אַ עלטערער קלוגער איד אמאָל דערצעהלט.

דער עלטערער איד האָט געהערט צו דעם מין אויפגעקלער־טע מענשען, וואָס זענען שוין אריין „ראשו ורובו" אין די הייג־טיגע וועלט, מיט די איצטיגע געדאַנקען און אידעאַלען, אָבער וואָס זענען נאָך מיט די פיס געשטאַנען אין דער אַלטער אידיש־קייט. איך בין זיכער, אז ער איז אין זיינע געדאַנקען געווען כמעט אַנ'אַטעאיסט, אָבער איך בין אויך זיכער, אז ער האָט געהאַט דעם גרעסטען תענוג, ווען איהם פלעגט זיך איינגעבען אריינצוכאַפּען א רעכטען „תקון חצות" אָדער אָבריכטען א פיינעם „יום כפור קטן", אָבער גאָר וואָס א פיינער הייסט.

וועגען סאָציאַליזם האָב איך מיט איהם גערעדט, וועגען דעם סאָציאַליזם, וואָס האָט איהם גופא א רייב געטהאָן די זייטען, אָבנעהמענדיג ביי איהם א זוהן פון דריטען קורס מעדיצין און פערשליידערענדיג איהם ערגעץ, ווער ווייסט וואו, אין „וואָס־טאָטשנע".

ווי היינט זעה איך פאר מיר זיין צונויפגעהויקערטע פיגור

---

*) „פאָלק" און „פריינד", 1906.

אויף דער ערד, פאַר דער אָנגעפּייערטער „הרובע", מיט די הענד אַרומגענומען די קניה. איך זעה זיין ערנסט געזיכט, זיין שפּיציג־גראָה בערדיל „אַ־לאַ־מעפיסטאָ".

נאָך אַ לאַנגען, לאַנגען שמועס, מכח דעם, צי דער סאָציאַליזם קאָן ווען עס איז מקוים ווערען, האָט ער מיר דערצעהלט אַ מעשה'לע:

„... אַז דער רבונו־של־עולם האָט בעשאַפען אונזער וועלטיל, האָט ער איבערגעגעבען די גאַנצע פיהרונג דעם יצר־טוב און דעם יצר־הרע און אַליין איז ער אַרויף אויף דעם זיבעטען הימעל, וואוהין עס זענען צו איהם דערגאַנגען די זיסע „אל מלך עליון'ס", וואָס די צופרידענע און גלויביגע ערד פלעגט איהם שיקען אַרויף.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז אָבער דער ליעבהאַרציגער, זיסער נגון אָבגעשוואַכט און כמעט אינגאַנצען פערשטומט געוואָרען. אויפגעהאַפּט האָט זיך דער בעשעפער פון דער שטילקייט און מיט פערוואונדערונג זיך צוגעהערט צו דער ערד: וואָס איז מיט איהר אַזוינס געשעהען? אַנדערע ליעדער קלינגען אין דער לופט, פון וועלכע ער פערשטעהט ניט אַ וואָרט. מען דאַרף אַ קוק טהאָן, וואָס דאָרט קומט פאָר... אפשר דאַרפען די מענשעלעך ווידער אַ קאַלטע וואַנע, ווי אין דעם דור המבול.

און ער לאָזט זיך כביכול אַראָב אויף אונזער זינדיגע ערד. צו וועמען געהט מען צוערשט? געוויס, צו דעם יצר־טוב. טאָג אויס, טאָג איין איז דער רבונו־של־עולם אומגעגאַנגען, זוכענדיג דעם יצר־טוב'ס וואוינונג, און ער האָט זיך ביי קיינעם ניט נעקאָט דערפרעגען, קיינער האָט זיין נאָמען ניט געהערט.

„און דער יצר־הרע, ווייסט איהר, וואו ער וואוינט?" פרעגט דער רבונו־של־עולם.

„מיר ווייסען, מיר ווייסען! אין פאַריז, אין פאַריז!" העַרען זיך פריידיגע שטימען פון אַלע זייטען: „קומט, מיר פאָהרען טאַקע אַהין, נאָך פרישע עבירות".

אין אַ גרויסען פּאַלאַץ האָט ער געוואוינט, ווי אַ גראַף, דער יצר־הרע, און ער האָט פיין אויפגענומען זיין האַר און בעפעהלער. גאַנצענע טעג איז ער מיט איהם אומגעגאַנגען איבער זיינע פאַבריקען און וואַרשטאַטען, וואו עס ווערען אויסגעאַרבייט אַלע סאָר־

טען עבירות, איינע זיסער פאַר די אַנדערע, איינע פערדערבליכער פאַר די נשמה, איידער די אַנדערע.

אין גרויסע ביכער, ווי גמרא׳ס, זיינען געווען פערשריבען די נעמען פון דעם יצר־הרע׳ס קונדען, און ביי א סך פון די נעמען איז געשטאַנען דער טיטול: „הגאון המופלג, אדמו״ר״.

„און ווי געהט דאָס דעם יצר־טוב? מאַכט ער עפּעס גוטע געשעפטען? הערסטו פון איהם עפּעס?״

„דעם אמת זאָגענדיג, רבונו־של־עולם, האָב איך שוין לאַנג פון איהם ניט געהערט. א געפעהרליכער קאָנקורענט האָט ער שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין, נאָר ער מוז האָבען ערגעץ־וואו א געוועלבעל, ווייל אז ניט, וואָלט ער שוין געשריבען דיר, אז עס איז שוין דאָ דער דור שכולו חייב, און דו מוזט האַלטען וואָרט מיט משיח׳ן״.

דערמאָנט זיך אָן משיח׳ן, איז דעם רבונו־של־עולם כביכול א ביסעל טרויעריג געוואָרען אויפ׳ן הארצען, ווי איינעם, וואָס מען דערמאָנט אָנ׳אַלטען חוב, וועלכען ער קאָן ניט בעצאָהלען.

„משיח׳ן... דאָס וועט מען נאָך דאַרפען א ביסעל אָבלעגען... סיידען די „חובבי־ציון״ וועלען איבערשרייבען אויף זיך דעם חוב. דערווייל לאָמיר אַקאָרשט אריבערפאָהרען צו איהם״.

מיט גרויס מיה האָט מען פון א נאַר־וואָס געוואָרענעם אפּיקורס ארויסגעפונען, וואו דער יצר־טוב וואוינט. אין א קליינעם פער־וואָרפענעם אידישען שטעדטעל, אין אַנ־אַלטער איינגעפאַלענער חורבה, נעבען א הינקעדיגען טישעל איז ער געזעסען און האָט פון א דינינקען רייסטער׳ל געמעקט די קונדען, וואָס זענען פאַר דעם טאָג אַריבער צו זיין קאָנקורענט.

אָט ביי דער אַרבייט האָבען זיי איהם געפונען, דער רבונו־של־עולם און דער יצר־הרע.

דערזעהענדיג דעם רבונו־של־עולם, איז דער יצר־טוב ארויפ־געפאַלען אויף זיין ברוסט און האָט זיך פונאַנדערגעוויינט ווי א קליין קינד.

„נעהם מיך צו, נעהם מיך צו פון דאַנען! איך בין ניט פאַר דער זינדיגער ערד״, האָט ער זיך געבעטען ביי גאָט. און דער רבונו־של־עולם האָט מיט גרויס ליעבשאַפט און רחמנות גע־

גלעט דעם בלאָנדען קאָפּ פון זיין געליעבטען מלאך, און אפילו דער יצר־הרע האָט אין פערלעגענהייט אַרויפגערוקט דעם צילינדער אויפ'ן שטערן, האָט אַרויסגעשלעפּט פון פראַק אַ פּאַרפיומירט נאָז־טיכעל און גענומען מיט די הענד אין ראָזעווע הענטשקעס אויסרייבען דעם גילדענעם פּענס־נע.

„ניין, מיין געליעבטער! אוועקגעהן פון פּלאַץ טאָר מען נים, דאָרטען וואו מען איז, דאַרף מען קעמפּפען... קעמפּפען ביז צו־לעצט“, האָט דער רבונו־של־עולם געזאָגט צום יצר־טוב. „אָבער ווי אזוי קומט דאָס, אַז דיינע עסקים געהען אזוי שלעכט?“

„וואָס איז דער חידוש?“ מישט זיך אריין אין געשפּרעך דער יצר־הרע: „צו פיהרען אַן עסק דאַרף מען האָבען קענטעניש און וויסענשאַפט. איך בין אַ געבילדעטער, האָב אויסגעשטודירט אַלע אוניווערזיטעטען, דערפאַר ווייס איך צו נעהמען דעם עולם! ער אָבער ווייסט מעהר נישט, ווי די ד' אמות פון פרומקייט“...

„ניט אין דערינען ליעגט מיין צרה, וואָס איך בין ניט גע־בילדעט,“ האָט געענטפערט דערויף דער יצר־טוב: „די צרה איז, וואָס דו, אַלמעכטיגער, האָסט אונז געלאָזען קעמפּפען נים מיט גלייכע כלי־זין. דעם יצר־הרע האָסטו געגעבען די מעגליכקייט צו צאָהלען מיט מזומן: פאַר יעדע עבירה, וואָס דער מענש טהוט, בעקומט ער אויפ'ן שטעל דאָס געצאָהלט, די הנאה. איך אָבער מוז שטענדיג האַנדלען אויף קרעדיט: „ווער איצט אויסגעריסען, זאָג זיך אָב פון אַלע תענוגים, ועסטו דעמאָלט, שפּעטער, אין אַ סך צייט אַרום, האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן“. דעריבער איז מיין בקשה צו דיר, אַלמעכטיגער גאָט: אויב דו קאָנסט נים אוועק־נעהמען מיך פון דאַנען, מאַך לכל־הפחות, איך זאָל קאָנען קאָנקו־רירען מיט דעם יצר־הרע אין דעם פּרט פון מזומן. מאַך, אַז אַלע מצוות זאָלען דאָ אויף דער וועלט זיין פערבונדען נאָך מיט שטאַר־קערע תענוגים, איידער עבירות. מאַך, אַז אָבזאָגען אַ קאַפּיטעל תהילים אָדער אָבפאַסטען אַ תענית, זאָל ברענגען ניט קיין קלע־נערע הנאה, איידער — איך וויל ניט אַרויסריידען פון מיין מויל“...

„מזומן... מזומן...“ האָט געענטפערט דער רבונו־של־עולם: „קיין מזומן איז שוין אפילו אויפ'ן הימעל ניטאָ. נאָר איך קאָן

איך אָט וואָס טהאָן, כדי אויסצוגלייכען אייער לאַגע: איך וועל מאַכען, אַז דער יצר־הרע זאָל אויך אָנהויבען האַנדלען אויף באָרג".

און דאָ האָט דער רבונו־של־עולם אויסגעטראַכט דעם סאָ־ציאַליזם: דערווייל ווער אויסגעריסען, קעמפף אויף שריט און טריט און רייס זיך איין מיט דער גאַנצער וועלט. דערווייל האָב אַנטקעגען זיך אַי די מלוכה מיט איהרע קייטען און תפיסות, אַי די אמונה מיט איהרע קללות און חרמות, אַי דעם געלד־מענש מיט זיין הונגער־בייטש; דאַר, קוואַר, שמאַכט אין קעלט און נויט. דערפאַר אָבער שפּעטער... דעמאָלט... באחרית הימים, אַז פון דיר וועט שוין קיין זכר ניט בלייבען..."

---

אזוי האָט ער מיר דערצעהלט, דער אַלטער אידישער אפּיקורס, ביי וועמען די אַלטע אידישקייט און די היינט־וועלטיגע געדאַנקען האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין הומאָריסטיש־פּעסימיסטישען בליק אויפ'ן לעבען, פול מיט טרויער און פערגעבען.

2.

צו יענער צייט, אין וועלכער מיין פריינד האָט מיר דער־צעהלט די מעשה'לע מיט דעם יצר־הרע און דעם יצר־טוב, האָט אין דער סאָציאַליסטישער וועלט כמעט נאָך אומעטום געהערשט דער געדאַנק, אַז ביז צו דער מזל'דיגער שעה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע קאָן מען בשום אופן ניט און אין קיין פּונקט ניט פערבעסערען די לאַגע פון דעם אָרימען, אויסגעזויגטען טייל פון דער מענשהייט. „וואָס ערגער, איז בעסער" איז געוועזען דער כלל, אין וועלכען כמעט קיין סאָציאַליסט איז ניט געוועזען אין ספק.

פריהער מוז די גאַנצע אַרבייטענדע מענשהייט, אָדער דער גרעסטער טייל פון איהר, אויפהערען צו זיין דער אייגענער בעל־הבית אין זיין עקאָנאָמישען לעבען, ער מוז ווערען אַ פערדונגע־נער ביי דעם קאַפּיטאַליסט. דערנאָך מוז זיין מעמד זינקען פון טאָג צו טאָג, ער מוז ווערען אַלץ מעהר אויסגעהונגערט און אָב־געלאָזען און ערשט דעמאָלט, אַז ער וועט שוין גאָר נישט האָבען צו פערלירען, סיידען זיינע קייטען, אַז ער וועט זיך שוין אינגאַנצען

מיאַש זיין צו פּערדיענען זיין שטיקעל ברויט אין דער איצטיגער געזעלשאַפט, — ערשט דעמאָלט וועט ער זיך אַ הויב טהאָן, אַ קלאַפּ טהאָן און אויפרייסען די מויערנע וואַנד, וואָס טיילט איהם אָב פון דעם גן־עדן.

איך בין שוין צו יענער צייט געווען אַן אַפּיקורוס, און האָב ניט געגלויבט אין דעם מאַרקסיסטישען „וואָס ערגער איז בעסער", ווי ער איז געווען אויסגעמאָלט אין דעם „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי" און אין דעם ערשטען באַנד פון דעם „קאַפּיטאַל". מיר האָט זיך געדוכט — און דוכט זיך נאָך עד־היום — אַז דער הונגעריגער מאָגען קאָן ניט זיין דער איינציגער מאַכער, אפילו ניט דער הויפּט־מאַכער פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע. מען דאַרף ניט נאָר האָבען אַן אַפּעטיט צום עסען, נאָר אויך האָבען אַנ'אַפּעטיט צו אַ העכערען מענשלי־כען לעבען, אַ ברען צו פרייהייט און בילדונג, צו שעהנקייט און גערעכטיגקייט, אַ ברען, וואָס קאָן פאַר די גרויסע מאַסען בעפרידיגט ווערען נאָר דעמאָלט, ווען מען וועט אַוועקשטעלען דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען אויף אַ סאָציאַליסטישען יסוד. כדי אָבער ביי די גרויסע מאַסען זאָל זיך קאָנען פונאַנדערברענען דער נאַטירליכער חשק פון יעדען מענשען צו פרייהייט, בילדונג, שעהנ־קייט און גערעכטיגקייט, מוז פריהער פאַר אַלץ פערבעסערט ווערן דער עקאָנאָמישער צושטאַנד, עס דאַרפען אין זיי אויפגעוועקט ווערען נייע בעדערפנישען צו אַ גוטען בוך, אַ שעהן בילד, אַ פרייען טאָג, פערבראַכט אין דער פרייער נאַטור; עס מוז פריהער פאַר אַלץ דער מענש זיך אויסגלייכען אין דעם אַרבייטער, אויפהויבען זיין קאָפּ, פערלאַנגען וואָס איהם קומט, נעהמען פון דעם לעבען אין יעדער מינוט אַלץ, וואָס ער קאָן, און פערלאַנגען מעהר און נעהמען ווייטער און נאָך מעהר פערלאַנגען, ביז זיין בענקעניש נאָך אַ פרייען מענשליכען לעבען זאָל ווערען אַזוי שטאַרק, אַז זי זאָל אַנדערש ניט קאָנען בעפרידיגט ווערען, סיידען אין אַ סאָציאַ־ליסטישער געזעלשאַפט.

קוקט מען אָבער אַזוי אויף דעם סאָציאַליזם און אויף די קרעפטען, וואָס װעלען עס אויספיהרען אין לעבען, איז די אַרבייט צוליעב איהם קיין איין מינוט ניט אויף באָרג: אין יעדער רגע

צאָהלט מען במזומן. די פערבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע איז דאָך אודאי א „מזומן“, וואָס מען קאָן איהם אפילו ארויס־ווייזען אין צאָהלען פון די פערגרעסערטע שכירות, וועלכע די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט האָבען בעקומען, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבען די סאָציאַליסטישע בעוועגונג; אין די צאָהלען פון די שעה׳ן, וואָס זיי דארפען וועניגער ארבייטען, כדי צו קאָנען לעבען; אין די גרויסע מאסען פון די פראָדוקטען און לעבענס־גיטער, וואָס פאַלען ארויס אויף דעם חלק פון דעם ארבייטער וואו עס איז דאָ א שטארקע סאָציאַליסטישע בעוועגונג פון די ארבייטער־מאסען; אין די אַלע פערבעסערונגען, וואָס די הערשענדע קלאסען האָבען געמוזט איינפיהרען אין דער געזעלשאפט, כדי ווי עס איז איינצושטילען דעם אַלץ מעהר וואקסענדען הונגער פון די מאסען נאָך א נייעם לעבען. דאָס זיינען אַלץ מזומנים, וועלכע דער סאָציאַליזם האָט אָנגעהויבען צו צאָהלען, ווי נאָר ער איז געוואָרען א שטאַרקע בעוועגונג, ווי נאָר צו זיין אידעאל האָבען גענומען צושטעהן די גרויסע מאסען.

דער סאָציאַליזם איז א סאָציאַלער אידעאל, וואָס וויל אינ־גאנצען און אויף אייביג אויסהיילען די סאָציאַלע ליידען פון דער מענשהייט. דער טעריטאָריאַליזם איז א נאציאָנאַלער אידעאל, וואָס וויל אויסהיילען אינגאנצען און אויף אייביג די נאציאָנאַלע ליידען פון דעם אידישען פאָלק. ווי יעדער אידעאל, לעבט ער אויך, בארג נאָר אזוי לאַנג, ווי ער קאָן ניט בעפרוכטען די ארבייט פאר דעם היינטיגען טאָג, קאָן זי ניט דורכוואָרימען און דורכלייכ־טען מיט זיינע אייגענע שטראהלען.

אויך דער טעריטאָריאַלזם האָט, ווי דער סאָציאַליזם, דורכ־געמאכט אן „אויף־בארג־פעריאָדע“, וואָס איז צום אונגליק נאָך ניט אינגאנצען פערשוואונדען. ווי די אַלטע מארקסיסטען האָבען גע׳טענה׳ט, אז ביז צו דעם סאָציאַליזם קאָן די סאָציאַלע לאַגע פון דעם ארבייטער אין קיין פאַל ניט פערבעסערט ווערען, און אז די איינציגע ארבייט, וואָס מען קאָן טהאָן, איז פראָפּאגאנדירען און אָרגאַניזירען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אזוי האָבען גע׳טענה׳ט און טענה׳ן נאָך א סך אידישע טעריטאָריאַליסטען, אז די נאציאָ־נאַלע לאַגע פון דעם אידישען פאָלק קאָן אין קיין פאַל ניט און

בשום אופן ניט פערבעסערט ווערען, ביז די אידען וועלען ניט האָ־
בען אַן אייגענע היים, און די גאַנצע נאַציאָנאַלע ארבייט, וואָס
מען קאָן טהאָן אין די גלות־לענדער, איז מעהר נישט — די פּראָ־
פּאַגאַנדאַ און די אָרגאַניזאַציע פון דעם „יציאת מצרים“. דאָס
איז דער ריינסטער „טעריטאָריאַליזם אויף באָרג“, ווי דער סאָ־
ציאַליזם אויף באָרג, וואָס האָט געהערשט אין די מוחות פון אַלע
סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער.

אָבער ווי נאָר דער אידעאַל פון דעם נאַציאָנאַלען אויפּטנײ־
געבאָרען ווערען אין אַן אייגענעם לאַנד האָט גענומען שפּילען אַ
ראָליע אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק, ווי נאָר ער איז
אַריין אין די הערצער פון די מאַסען, אַזוי זענען אויסגעוואַקסען נייע
בעדערפענישען צו אַ געזונדען נאַציאָנאַלען לעבען אין גלות גופא —
אויף וויפיעל מען קאָן — און דער טעריטאָריאַליזם האָט גענומען
צאָהלען מיט מזומן: ער האָט אויפגעלעבט די פער'חלש'טע נאַ־
ציאָנאַלע כחות פון אַ טייל אידישער אינטעליגענץ און האָט דעם
טייל ווידער געבראַכט צו דעם פאָלק, ער האָט גענומען אויפוועקען
דעם מענשען אין דעם אידען און דעם אידען אין דעם מענשען —
דעם אידען, וואָס איז געווען אַזוי פערהויקערט און צוטראָטען, אַז
אַ פולע האָבען געמיינט, אַז ער איז שוין עליו השלום, — ער האָט
בעשאַפען אַ ליטעראַטור, וואָס וועקט נייע נאַציאָנאַלע בעדערפ־
נישען, פרישט אָב די נאַציאָנאַלע שאַפונגס־קראַפט פון דעם אי־
דישען פאָלק און זאַמעלט אָן נייע לעבעדיגע כחות פאַר אַ נאָר־
מאַלען נאַציאָנאַלען לעבען אין אַן אייגענער היים. דער טערי־
טאָריאַליזם, ד. ה. דער לאַגישער אויספיהר פון דעם אידישען נאַ־
ציאָנאַלען געדאַנק, האָט געבראַכט דערצו, אַז דער איד זאָל שטאָל־
צער אויפהויבען דעם קאָפּ, האָט געשטאַרקט און שטאַרקט פון
טאָג צו טאָג אַלץ מעהר דעם ווילען פון דעם פאָלק צו אַ זעלבסט־
שטענדיגען פרייען לעבען, און שאַרפט פון טאָג צו טאָג אַלץ מעהר
דעם ווילען פון דעם פאָלק צו אַ זעלבסטשטענדיגען פרייען לעבען,
און מעהר נאַציאָנאַלע רייכקייטען אין דער ליטעראַטור
און אין דער קונסט. ער האָט שוין כמעט צונויפגעבראַכט
אינאיינעם די אידען פון דער גאַנצער וועלט און אוועק־
געשטעלט פאַר זיי די אויפגאַבע, שטענדיג צו האָבען

אין זינען די אינטערעסען פון זייער אַלעמעס פאָלק. און ער געהט שוין אַרוים מיט פאָדערונגען פון נאַציאָנאַלער און וואו מעגליך טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די אידען אין די גלות־לענדער גופא. און נאָך אַ סך, אַ סך „מזומנים" האָט אין זיך דער טערי־טאָריאַליזם, וועלכע ער קאָן געבען דעם אידישען פאָלק היינט, אויפ'ן שטעל, דאָרטען וואו אידען וואוינען, ניט וואַרטענדיג ביז דער מזל'דיגער שעה פון דעם „קבוץ־גליות", ניט וואַרטענדיג אפילו, ביז עס וועט פערענטפערט ווערען די האַרבע פראַגע פון דעם „ווען און וואו": די אָרגאַניזאַציע פון דער אידישער ערציהונג, די עקאָנאָמישע רעוואָלוציע אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק דורך ערד־אַרבייט, די צונויפבינדונג פון דער אידישער אינ־טעליגענץ מיט דעם אידישען פאָלק, — דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס וועלען בלייבען שטיקער „מזומנים", אפילו ווען דאָס טעריטאָריאַליסטישע אידעאַל זאָל קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט ווערען.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז עס זענען פאַראַהן אַ סך מענשען, וואָס פערשטעהען ניט, צו וואָס דאַרף מען אָט צו די מזומנים פון דער איצטיגער צייט אין גלות דעם טעריטאָריאַליסטישען ענד־ציעל, וואָס מוז נאָך, ווי יעדער ענד־ציעל, דערווייל בלייבען „אויף באָרג".

זיי טענה'ן ווי די ריינע טרייד־יוניאָניסטען אין דער סאָציאַ־ליסטישער אַרבייט. „אויף וואָסער פייער דאַרף מען דעם סאָ־ציאַליסטישען ענד־ציעל", פרעגט זיך דער טרייד־יוניאָניסט, ביי וועמען דאָס וואָרט מזומן הייסט — פון האַנד אין מויל אַריין. דער טרייד־יוניאָניסט פערשטעהט ניט, אַז דער סאָציאַליזם איז דער לאָגישער אויספיהר פון זיין אייגענער אַרבייט, אַז ווי שטאַרק ער זאָל ניט פערבעסערען זיין מעמד אין דער איצטיגער צייט, וועט ער קאָנען אינגאַנצען פערענטפערען די סאָציאַלע פראַגע ערשט דורך די סאָציאַלע רעוואָלוציע, און אַז מען מוז האָבען דעם דאָ־זיגען געדאַנק אין זינען, כדי אַנדערש און טיעפער צו פיהרען די טרייד־יוניאָניסטישע אַרבייט גופא.

דער ניט־טעריטאָריאַליסטישער נאַציאָנאַליסט, ווי, למשל, פון די נאַציאָנאַל־געזאָנענע עלעמענטען פון דעם „בונד", פערשטעהט אויך ניט, אַז דער טעריטאָריאַליזם איז דער לאָגישער אויספיהר

פון זיין אייגענער ארבייט, אז ווי שטארק עס זאָל ניט פערבעסערט ווערען דער נאַציאָנאַלער מעמד פון דעם אידישען פאָלק אין גלות, קאָן די אידישע נאַציאָנאַלע פראַגע אינגאַנצען פערענטפערט ווערען ערשט דעמאָלט, ווען מיר וועלען האָבען אַן אייגענעם היים פאַר דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, און אַז מען מוז האָבען דעם דאָזיגען אידעאַל אין זינען, כדי אַנדערש און טיעפער צו פיהרען די נאַציאָנאַלע ארבייט אין גלות גופא.

דער אַלטער סאָציאַליזם און דער אַלטער טעריטאָריאַליזם האָבען געלעבט און געוואָלט לעבען מעהר נישט ווי „אויף באָרג", דורך דעם ריינעם „גלויבען" אין דער צוקונפט. דער טריידיוניאָ־ניזם און דער נאַציאָנאַלער „בונדיזם" פאַלען אריין אין דעם אומ־געקעהרטען פעהלער: אוים גלויבען אין דער צוקונפט! וואָס ניט מזומן על יד, איז ניט ווערטה קיין גראָשען.

דער נייער סאָציאַליזם און דער נייער טעריטאָריאַליזם ווייסען, אַז אידעאַלען פאַר די צוקונפט זענען דאָ, כדי צו בעפרוכטען מיט זיי די ארבייט פאַר דעם היינטיגען טאָג, און וואָס מעהר „מזומן" זיי צאָהלען אונז היינט, אַלץ נעהנטער מאַכען זיי די צייט פאַר זייער אריינטרעטען אין לעבען, און אַז וואָס מעהר מיר גלויבען אין זיי, וואָס מעהר מיר ארבייטען פאַר זייער אריינטרעטען אין לעבען אין דער צוקונפט, אַלץ מעהר „מזומן" קאָנען זיי אונז געבען היינט.

---

## אויס דער „פאָלקס-שטימע“.

1) דער בעגינען פון דער אידישער ווידערױפלעבונג.

2) דאָס פראָלעטאַריאַט און זיין סאָציאַל־פּאָליטישער שטאַנד־פּונקט.

(זעה אויך דעם „בריעף פון א אידישען סאָציאַליסט“ אויבען, ז. 7)

# דער בעגינען פון דער אידישער ווידער־אויפלעבונג*)

א סך מענשען מיינען, אז דאָס ווידעראויפלעבען פון די אידישע נאַציאָנאַלע כחות אין רוסלאַנד שטאַמט גאָר אין גאַנצען פון דעם ציוניזם, וואָס האָט זיך ארויסגעריסען, ווי א טרייסט און א האָפנונג פאַר דעם אידישען פאָלק, ווי נאָר די פּאָגראָמען פון די אכציגער יאָהרען האָבען איהם פאַנאַנדערגעוועקט פון דעם היסטאָרישען שלאָף. אין דער אמת'ען איז די מעשה געוועזען ניט גאָר אין גאַנצען אזוי. מען קען זאָגען, אז דער דופק פון דעם אידישען פאָלק האָט קיין איין הרף־עין ניט אויפגעהערט צו שלאָגען אפילו אין דעם גאַנצען משך פון דער אידישער „אסימילאַציע". מעהר נישט צייטענווייז פלעגט ער ווערען אזוי אָבגעשוואַכט, אז נאָר מיט גרויס מיה האָט מען געקענט ארויסהערען זיין קלאַפּען. צייטענווייז אָבער פלעגט ער, נאָך איידער דער ציוניזם האָט קלאָר ארויסגעזאָגט דאָס גרויסע וואָרט פון דער אידישער ווידערבעלעבונג, אָנהויבען ארבייטען מיט א פרישער קראַפט און טרייבען פרישע, וואַרעמע לעבענס־בלוט אין די אָדערן פון דעם פאָלק.

צו אזא צייט אין דער געשיכטע פון אונזער לעבען אין רוסלאַנד געהערט דער סוף פון די זיבעציגער יאָהרען, די תקופה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען נאָך דעם רוסיש־טערקישען קריעג און האָט זיך איבערגעריסען דורך די פּאָגראָמען. אין יענער צייט, און ניט נאָר ערשט שפּעטער, האָט דער אידישער געדאַנק גענומען זיך אָברייסען פון דער אסימילאַציאָנס־טעאָריע, וואָס האָט געהערשט אין די זעכציגער און אין דעם אָנהויב פון די זיבענציגער יאָהרען. דער אָבריים איז געווען ניט אזוי ניכר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אָבגעשפּיעלט ניט פון אויבען אויף, ניט אין די פראַגען מכח נאַציאָנאַליזם און אסימילאַציע, נאָר א סך טיעפער, אין די ענטפערס אויף

*) „פאָלקס־שטימע" נומער 12 (1907), מיט דער אויפשריפט: „מכח ערד־אַרבייט".

יענע פראַגען, וואָס זענען צונויפגעוואַקסען מיט די וואָרצלען פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען, אין די פראַגען מכח דעם מקור חיונה פון דעם אידען אין גלות.

די צייט פון דער אַסימילאַציע האָט געהאַט איהר קלאָרען, לאָגיש ריינעם ענטפער אויף דער אידישער „שאלת החיים“. ביידע פליגלען פון דער אַסימילאַציאָנער אינטעליגענץ — דער רעכטער און דער לינקער, דער בורזשואַזער אין דער סאָציאַליסטישער, — האָבען געהאַט איין תירוץ אויף דער שאלה, פון וואָס לעבט אַ איד. דאָס אידישע פאָלק איז אַ הענדלער־פאָלק, און זיין לעבענס־קוואַל איז האַנדעל און אינדוסטריע. דער בורזשואַזער פליגעל האָט אויף דעם פונדאַמענט געבויט זיין גאַנצע האָפנונג אויף דער ליכטיגער גדולה, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר די אידען אין רוסלאַנד. א ר ־ ש א נ ס ק י, דער טעאָרעטישער העלד און דער פיהרער פון דער אידישער בורזשואַזער אַסימילאַציע, האָט נישט אויפגעהערט צו טענה'ן, אַז די ענטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדעל איז דער הויפט־נערוו פון דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער בעל־הבית'שקייט, און אַז די אידען, ווי אַ ה א נ ד ע ל ס ־ ק ל א ס, וועלען ברייננגען דעם לאַנד אַ סך נוצען. ער האָט זיך געפרעהט, וואָס די רעגירונג האָט לויט דעם געזעץ פון דעם יאָהר 1866 אויפגעהערט צו שטיצען די אידישע ערד־אַרבייטער־קאָלאָניעס, וועלכע האָבען זיך געקענט פערוועלען נאָר דעם אַלטען, פאַרקאַפּיטאַליסטישען רוסלאַנד. ער האָט אויפגעוויזען, ווי אַזוי דער ר ו ס י פ י צ י ר ט ע ר איד וואָלט געקאָנט דורך זיין האַנדעל אַריינדרינגען אומעטום אין די ניט־רוסישע פראָווינצען פון לאַנד און פאַנאַנדערשפּרייטען די שליטה פון דער רוסישער קולטור. דער אידעאַל פון „אָברוסעניע יעווריעוו“ (אידען זאָלען ווערען רוסען) איז ביי איהם געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט דעם אידעאַל, אַז אין רוסלאַנד זאָל דורך די אידישע כחות אויסוואַקסען אַ שטאַרקע בורזשואַזיע.*)

*) זעה זיין בוך: „יעווריעי וו ראָסיאי“ (זעמליעדיעל'טשעסקיי טרוד או יעווריעיעוו),די זייטלעך 111 און 118-132. פערגלייך אויך מיינע „מיסלי אָב איסטאָרישעסקיך סוד'באַך יעווריעסטוואַ“, ז. 115-116.

דער לינקער פליגעל פון דער אידישער אסימילאציאנער אינ־טעליגענץ, דער סאציאליסטישער, האט אויך געגלויבט אין דעם זעלביגען „אני־מאמין" פון ארשאנסקי, אז אידען זענען, אין תוך, אריין, גאר ניט קיין פאלק, נאר א בעשטימטער האנדעלס־קלאס, און פון דעם געדאנקען האבען דאס רוב אידישע סאציאליסטען געזויגען זייער אבלייקענען דאס אידישע פאלק און זייער האס צו איהם, אויף וויפיעל זיי האבען איבערהויפט געטראכט וועגען זיין לעבען און זיין גורל אין רוסלאנד. דער אנטיסעמיטיזם, וואס האט זיך ארויסגעריסען ביי א סך אידישע „נאראדאוואלצעס", בשעת זיי האבען מיט אזא שמחה בעגעגענט „דעם ערש־טען אנפאל פון דעם הארף אויף די שטאדטישע בורזשואזיע" (די פאגראמען), — דער אנטיסעמיטיזם איז אין תוך אריין געווען ניט קיין אנטיסעמיטיזם, נאר דער לאגישער שפיץ פון ארשאנסקי'ס „אידענליעבע", וואס האט מיט אזא ווארימקייט איינגעשמועסט דעם עולם: אידען זענען ניט קיין אידען, נאר רוסישע סוחרים.

וואס פאר א מין פראגראם האט אזא קוק אויף דאס אידישע פאלק געקאנט ארויסברייננגען ?

א פראגראם פון מעהר נישט ווי צוויי פונקטען: ערשטענס, דערשלאגען זיך צו גלייכע בירגערליכע רעכט פאר אידען, און צוויי־טענס, זעהן וואס גיכער, אידען זאלען ווערען רוסען. קיין אנדערע דאגות האט אזא פראגראם ניט צוגעלאזען; אנדערע דאגות זענען שוין ניט דעם א י ד ע נ ס דאגה, וועגען זיי זארגט אדער דארף זאר־גען דער רוסישער כלל.

צו דעם סוף פון די זיעבענציגער יאהרען האט גענומען אויס־דוכטען, אז דער פראגראם פון די בורזשואזנע אסימילאטארען איז גאר נאהענט מקוים צו ווערען. די ליבעראלע שטראהלען פון לא־רים־מעליקאוו'ס מיניסטעריום האבען גענומען ביסלעכווייז פא־נאנדערוואַרעמען די אייז־בערג פון דער רוסישער געזעצגעבונג בנוגע צו אידען. מען האט געקאנט מיינען, אז נאך א פאר יאהר, און די אידישע אינטעליגענץ, וואס איז נאך געבליבען אין דער היים אויס־צוקעהרען און ארויסצוּוואַרפען די לעצטע שיריים פון אידישקייט, וועט מיט א ריינעם הארצען קענען אבזאגען איהר „ברוך שפטרני!" און אין איינעם מיט דעם פאלק אריינשפרינגען אין דעם גרויסען

ים פון דעם רוסישען פאָלקס־לעבען, אָדער וועניגסטענס זיכער זיין, אז דעם פאָלק וועט שוין ניט בלייבען קיין אנדער ברירה און אין איהם וועט זיך ניט דערוועקען קיין אנדער ווילען, סיידען צו שפּרינגען אין דעם דאָזיגען ים.

בעטראַכט מען אָבער טיעפער די אידישע פובליציסטיק פון יענער צייט, זעהען מיר, אז זי איז גאנץ ווייט פון דעם „ברוך שפּטרני“־געדאנקען, וועלכען מען האָט געקאָנט ערוואַרטען פון איהר. וואָס שטאַרקער עס ווערען די האָפנונגען, אז די רעכטליכע לאַגע פון דעם אידישען פאָלק וועט זיך באַלד איבערבייטען צום גוטען, אַלץ שטאַרקער רייסט זיך, ניט ווילענדיג, אַרויס דער געדאַנקען, אז די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איז נאָך גאַנץ ווייט פון סוף, און אז די אינטעליגענץ האָט אין דער היים א שלל אַרבייט, וואָס האָט א ברעקעל ניט צו טהאָן מיט דער פריהערדיגער אַרבייט — דערנעהנטערן דעם „סיום־געשיכטע“. אַנשטאָט דער פרייד, וואָס דער גרעסטער און דער בעסטער טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ האָט זיך שוין איינגאַנצען צונויפגעגאָסען מיט דעם גרויסען רוסישען שטראָם, הערען זיך קלאָגען אויף דער גייסטיגער אַרעמקייט פון דער אידישער גאַס, אויף דעם „אינדיפערענטיזם“ פון דער אידישער אינטעליגענץ צו דעם גורל פון איהר אייגענעם פאָלק. אַנשטאָט דעם אַלטען גלויבען, אז די „מיסיע“ פון די אידען אין רוסלאַנד איז די פערשפּרייטונג פון מסחר און אינדוסטריע, וואַרפט זיך אונז אין די אויגען א האַסטיגע נערוועזע צוטראַגענקייט, ווי אַזוי וואָס גיכער צו מאַכען דאָס אידישע פאָלק פאַר א פאָלק פון בעלי־מלאָכות און ע ר ד ־ אַ ר ב י י ט ע ר.

דאָס זענען צוויי געדאַנקען, וואָס זענען לחלוטין פרעמד דער גאַנצער אַסימילאַציאָנער פּסיכאָלאָגיע. וואָלט די אידישע אינטעליגענץ יעמאָלט צייט געהאַט אויסצושפּינען די געדאַנקען ביז צו זייער לאָגישען סוף, וואָלט זי ממילא געקומען אויף אָהן פּראָגראַמען צו דעם איצטיגען נאַציאָנאַלען קלאָרען זינען. די וואָלקענס פון דער „אַסימילאַציע“ וואָלטען געוואָרען פּאַנאַדערגעריסען און פאַנאַנדערגעטריבען דורך די פאָדערונג, אז די אידישע אינטעליגענץ זאָל נישט אַנטלויפען פון איהר פאָלק, און דורך די פאָדערונג, אז דאָס פאָלק זאָל אויפהערען צו קוקען אויף זיך, ווי אויף א קלאַס פון סוחרים און

קרעמער. ווי באלד מיר רעכענען, ס'איז נויטיג, די אידישע אינ־טעליגענץ זאָל זיין שטענדיג צוגעבונדען צו דעם פאָלק און פערטהאָן אין זיין לאגע, איז ממילא קודם כל נויטיג אויסצוראמען פון דעם לעבען יענע סבות, וואָס רייסען אָב די אינטעליגענץ פון דעם פאָלק, אויסצורייסען מיט די וואָרצלען דעם גאנצען געוועקס פון דער אסי־מילאציע, וואָס מען האָט מיט אזא חשק און מיט אזוי פיעל ענ־ערגיע געפלאנצט צווישען די געבילדעטערע קלאסען. ווי באלד מיר זעהען איין, אז אין דער ראַליע פון צווישענהענדלער און מעקלער ביי פרעמדע האָבען מיר ניט צו זוכען די גרויסע גליקען פאר אונ־זער פאָלק, ווי באלד מיר זעהען מיט כל הכחות, דאָס פאָלק זאָל שלאָגען אייגענע וואָרצלען אין דער קרקע און זויגען זיין חיונה ניט פון דער האנד פון פרעמדע מענשען, נאָר פון דער נאטור'ס האנד, „דער פועלער, אָפּענער און ברייטער", מוזען מיר סוף כל סוף איינ־זעהן, אז עס איז נויטיג אוועקשטעלען דאָס פאָלק אויף זיינע איי־גענע פיס, מאכען איהם עקאָנאָמיש פריי פון די ארומיגע פעלקער, שאפען א פונדאמענט פון א ריין אידישען עקאָנאָמישער בעל־הבית'ישקייט, און עס מוז פריהער אָדער שפּעטער אויסוואקסען, אויב ניט אין גאנצען א פרייער און זעלבסטשטענדיגער נאציאָנא־לער לעבען (ווייל צו א פרייען, זעלבסטשטענדיגען נאציאָנאלען לע־בען איז ניט גענוג, וואָס מען האָט אייגענע ע ר ד ; מען דארף האָ־בען אָן איינען ל א נ ד), איז דאָך לכל הפחות דער ו ו י ל ע ן צו אזא פרייען לעבען, דער ו ו י ל ע ן צו'אָן אייגענעם לאנד.

אויף אזא אופן האָבען די סוף־זיבעציגער יאָהרען, אין דער פסיכאָלאָגיע פון די, וואָס זענען מיט'ן הארצען געבליבען טריי דעם אידישען פאָלק, געטראָגען פערבאָרגענהייט אין זיך די זריעה פון דעם ציוניזם, נאָך איידער די פּאָגראָמען האָבען איהם ארויסגערו־פען אין לעבען. די וואָרצלען פון דער אסימילאציע האָבען שוין יעמאָלט אָנגעהויבען צו פוילען, ווען אפילו איהר בוים איז נאָך געשטאנען אין דער גאנצער פראכט פון זיינע גרינע און שעהנע בלעטער.

ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס דער ערשטער שטורעם פון די פּאָגראָמען האָט אומגעוואָרפען דעם שטאָלצען בוים ביי אלע די, וואָס זענען געשטאנען נאָהענט צו דעם פאָלק, און וואָס

אויף זיין אָרט איז אויפ'ן שטעל אויפגענאַנגען די זריעה, וועלכע די פריהערדיגע צייט האָט שוין געטראָגען אין זיך. דער ציוניזם, אָדער ווי מען האָט עס יעמאָלט גערופען, דאָס פּאַלעסטינאַ־פילענ־טום, איז געווען ניט נאָר אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישער געדאַנק, ניט נאָר דער וואונש ארויסצוציהען פון דער שלעכטער דירה, פערלאָזען די בייזע שכנים און אריינציהען אין אַן אייגען הויז. ס'איז גע־ווען אויך אַ קולטור־עקאָנאָמישער געדאַנק: איבערצובייטען אין גאַנצען די פונדאַמענטען פון דעם אידישען לעבען, אַוועקשטעלען עס אויף דעם פעסטען גרונד פון ע ר ד ־ארבייט, ווידער פערבינדען דאָס גאַנצע פאָלק דורך טויזענדער פעדים מיט דער נאַטור און אויף אַזאַ אופן ארויסרייסען עס פון דער דומפּפּער שטאָדטישער לופט, אין וועלכער ער האָט אָבגעלעבט קרוב צו צוויי טויזענד יאָהר, און וואָס האָט פערהויקערט זיין גוף און זיין נשמה.

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער אידישער רעוואָלוציע, אויב מען זאָל פערשטעהן דאָס וואָרט אין זיין ריכטיגען פּשט: דער קלאָרער זינען, וואָס זעהט איין, אַז ניט דורך קליינע רע־פאָרמען, ניט דורך שטיקלעכדיגע אויסבעסערונגען, ניט דורך טראָ־פענס און הייל־וועסערלעך קאָנען מיר געהאָלפען ווערען, נאָר דורך אַ ראַדיקאַלע איבערקערעניש אין אונזער גאַנצען לעבען. און אויך דאָס לעצטע ציעל פון דער רעוואָלוציע איז געשטאַנען קלאָר פאַר די אויגען: אַן אייגען לאַנד, וואָס זאָל פערבינדען דאָס פאָלק מיט דער נאַטור. טונקעל איז געווען אין דעם ציוניזם נאָר דער ו ו ע ג, דער אַלטער משיח־געדאַנק, וואָס האָט געהאָפט אריבער־צוטראָגען „אויף די „פליגלען פון אָדלערן" דאָס גאַנצע פאָלק פון איין אָרט אויף אַן אַנדער אָרט. ס'איז יעמאָלט שווער געווען אויסצואיינען זיך מיט דעם געדאַנקען, וואָס קלינגט אַזוי משונה־דיג און וואָס איז אָבער דאָך אמת אין דער משונה'דיגער אידישער געשיכטע, אַז די זיילען פון דער אייגענער היים דאַרפען געבויט ווערען אין דער פרעמד.

דאָ, אין גלות גופא, מוז דאָס אידישע פאָלק אַוועקלעגען דעם פונדאַמענט צו זיין נייעם לעבען. דאָ, אין גלות גופא, דאַרף ער מאַכען אַ סוף צו דער אַסימילאַציע, וואָס האָט אויפגעגעסען ביי איהם אַזוי פיעל כחות, אויסגעזויגען אַזוי פיעל מאַרך פון זיין

אָרגאַניזם. דאָ, אין גלות גופא, מוז ער מאַכען די ערשטע שריט צו זיין ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר  ו ו י ד ע ר ג ע ב ו ר ט.

דאָס אידישע פאָלק האָט איצטער אַ קראַפט, וואָס קען נעהמען אויף זיך דורכצופיהרען דאָס פּראָגראַם פון דער אידישער רעוואָלוציע; דאָס איז דער אידישער אַרבייטער־קלאַס, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין די לעצטע צוואַנציג־דרייסיג יאָהר. דער אידישער אַרבייטער איז כמעט תמיד געווען פריי פון דער אַסימילאַציאָנער פּסיכאָלאָגיע אין איהרע צוויי געשטאַלטען: דער קולטורעלער געשטאַלט, וואָס האָט גע'טענה'ט: אידען זענען רוסען, און דער עקאָנאָמישער געשטאַלט, וואָס האָט געהאַלטען שטאָהל און אייזען, אַז אידען דאַרפען הענדלער בלייבען. אמת, דער אידישער אַרבייטער איז איצטער נאָך גאַנץ ווייט פון דעם אידעאַל, אידען זאָלען ווערען ערד־אַרבייטער. נאָך דורך און דורך אַ שער־און־נאָדעל־מענש, אַן אָהל־און־דראַטווע־מענש, לעגט זיך איהם שווער אויפ'ן זינען, אַז מען קאָן זיך ווען עס איז צושיידען מיט דער שער און נאָדעל, מיט דער אָהל און דראַטווע; און ווען ער פאַנטאַזירט וועגען זיין נאָהענטער צוקונפט, חלומ'ט זיך איהם ניט דאָס פרייע פעלד און די פרייע אַרבייט אונטער'ן פרייען הימעל, נאָר די גרויסע דומפּפע פאַבריק, וואָס וואַרפט אַרויס פון זיך טאָג־טעגליך וואָלקענס מיט שוואַרצען רויך און וואָס מאַכט פון דעם אַרבייטער אַ רעדעל פון אַ מאַשין. ער מיינט, דערינען ליגט דער רעכטער תמצית פון דעם „פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט“...

אָבער דאָס לעבען וועט מיט איהם — אם־ירצה־השם — נעהמען קנעלען אמת־וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, ריכטיגען אַ ר ב י י ט ע ר־סאָציאַליזם, וועמעס גרונד־פּרינציפּ איז די אַ ר ב י י ט און וואָס פיהרט אַריין אין זיינע ריכטיגע גרענעצען דעם פּראָלעטאַרישען „אתה־בחרתנו“. יעמאָלט וועט דער אידישער שער־און־נאָדעל־מענש אָנהויבען גאַנץ אַנדערש צו טראַכטען וועגען ערד־אַרבייט...

---

# דאָס פּראָלעטאַריאַט און זיין סאָציאַל־פּאָליטישער שטאַנד־פּונקט*)

.1

## דער שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דער מארקסיזם.

דער וואָס איז מעהר אָדער וועניגער בעקאַנט מיט די ויכוחים, וואָס האָבען אין די לעצטע פּאָר יאָהר געקאָכט צווישען די סאָציאַליסטישע מאַסען, ווייס, וואָס פאַר אַ וויכטיגע ראָליע אין זיי האָט געשפּיעלט — און אפשר שפּיעלט ער נאָך עד היום — דער „שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט". ס'איז כמעט ניטאָ ניט איין איינציגער ענין, וואָס האָט אינטערעסירט די ארבייטער און די סאָציאַליסטען, וועלכען מען זאָל פריהער פאַר אַלץ ניט געהאַט אויסגעמאָסטען מיט דעם סענטימעטער פון דעם דאָזיגען שטאַנד־פּונקט. יעדער ענטפער אויף יעדער שאלה, וואָס דאָס לעבען האָט געפרעגט, האָט געמוזט פריהער פאַר אַלץ בעווייזען, אז ער איז אַ כשר־קינד פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אָדער, לכל הפּחות, אז ער געהט ניט להיפּך צו איהם.

דערפון האָט מען געקאָנט דרינגען, אז אויב אין די געדאַנקען פון די ארבייטער און די סאָציאַליסטען איז וואָס עס איז באמת קלאָר און בעלויכטען פון אַלע זייטען, איז דאָס געוויס דער „שטאַנד־פּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט", דער גרונדשטיין, אויף וועלכען עס האַלט זיך דאָס גאַנצע געביי פון דעם ארבייטער־סאָציאַליזם, דאָס בראַקיר־מאָס, מיט וועלכען מיר געפינען דעם „טויג ניט" אָדער דעם „טויג" פון אַלע מיטלען, געדאַנקען, אידעאַלען און פּראָעקטען, וואָס דער שטענדיג וואַרפענדער שטראָם פון דעם לעבען טראָגט צו צו דעם ארבייטער'ס ברעג.

*) „פאָלקס־שטימע" (1907), נומערן 6—11.

קוקט מען אָבער אַריין טיעפער אין דעם ענין, געפינט מען, אַז אין די געדאַנקען פון דעם גרעסטען טייל אַרבייטער און סאָציאַליסטען איז אפשר ניטאָ ניט איין פּראָבלעם, וואָס זאָל זיין אַזוי פערפּלאָנטערט און פערקניפּעלט, ווי דאָס פּראָבלעם פון דעם פּראָלעטאַריערס שטאַנדפּונקט אין אַלץ, וואָס איז נוגע צו זיין לעבען און צו זיין היסטאָרישען קאַמפּף. איין און דערזעלביגער פּונקט אין פּראָגראַם, ווי צ. ב. נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע האָט מען באַלד גע'אסר'ט, באַלד מתיר געווען, באַלד נאָך אַמאָל גע'פּסל'ט, באַלד ווידער אַרויסגעלאָזען מיט אַ הכשר — און אַלץ מיט דער חתימה פון דעם פּראָלעטאַריאַט'ס שטאַנדפּונקט.

סוף כל סוף מוז מען דאָך זיך גופא אַ פרעג טאָן: וואָס איז אַזוינס דער שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט? וואו ליגט ער? אין וואָס בעשטעהט ער? ווי קאָן מען איהם דערגרייכען?

איז אפשר זיין אַ פּראָלעטאַריער דאָס בעסטע מיטעל צו שטעלען זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון זיין קלאַס? „ניין!“ ענטפערט מען אונז. „די קאַטוילישע פּראָלעטאַריער, וואָס גלויבען אין פּויבסט, שטעהען ניט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די ענגלישע און אַמעריקאַנישע פּראָלעטאַריער, וואָס האָבען בעשאַפען די שטאַרקסטע, אָרגאַניזירטעסטע אַרבייטער־בעוועגונג פון דער וועלט, וואָס ווילען אָבער נאָך ניט וויסען פון אַ סאָציאַליסטישער בעוועגונג, שטעהען ניט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. און אויך די סאָציאַליסטישע געדאַנקען, סיסטעמען און פּראָגראַמען פון דעם פּראָלעטאַריער פּרודאָן, דעם פּראָלעטאַריער פייערר ליערו, דעם פּראָלעטאַריער מאַלאָן, דעם פּראָלעטאַריער וויטלינג געהערען ניט צו דעם פּראָלעטאַריאַט און שטעהען ניט אויף זיין שטאַנדפּונקט...“

היינט ווער זאָל זיין דער מורה־הוראה אין דער שאלה, אויב ניט דאָס פּראָלעטאַריאַט גופא, אויב ניט זיינע בעסטע זיהן, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אין איינעם מיט איהם, געליטען זיינע לייז־דען, געקעמפּפט פאַר זיין בעפרייאונג?

וואָס מעהר איהר ווערט בעקאַנט מיט די, וואָס לאָזען דעם פּראָלעטאַריאַטס שטאַנדפּונקט פון מויל ניט אַרויס, וואָס בענע־

העז זיך מיט איהם, ווי דער מלאך מיט דעם „להט החרב המתהפכת“ ביי דעם טויער פון גן־עדן, אלץ מעהר ווערט אייך קלאָר, אז מיט דעם שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאריאט מיינען זיי גיט א י י ן פונקט, נאָר א גאנצען פילאָזאָפישען סיסטעם, וואָס נעהמט ארום די גאנצע וועלט, וואָס האָט זיך זיינע אייגענע געדאנקען נים נאָר אין דער נאציאָנאל־עקאָנאָמיע, געשיכטס־פילאָזאָפיע און סאָציאליזם, נאָר אויך אין דער לאָגיק, דער נאטור־פילאָזאָפיע און אין דער מאָראל־וויסענשאפט — א גאנצער פילאָזאָפישער געביי, וואָס איז אויסגעארבייט פון צוויי גרויסע דענקער, דוקא נים פראָלעטאריער, וואָס האָבען אָבער אוועקגעלעגט זייער גאנצען לעבען, אויסצושטודירען דעם פראָלעטאריאטס לאגע, די כחות, וואָס האָבען ארויסגערופען איהם אויף דער וועלט־היסטאָרישער סצענע, דעם עצם פון זיין נאטור, דעם מהות פון זיין קאמפף.

די צוויי גרויסע דענקער זענען ק א ר ל מ א ר ק ס און פ ר י ד ר י ך ע נ ג ע ל ס, און זייער פילאָזאָפישער סיסטעם איז דער מ א ר ק ס י ז ם. אין איהם, אין דעם מארקסיזם, בעשטעהט דער שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאריאט, דאָס געזוכטע בראקיר־מאָס. אלץ, וואָס איז מסכים מיט דעם מארקסיזם, איז כשר על פי שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאריאט, אלץ, וואָס געהט להיפך צו דעם מארקסיזם, מוז גע'אסר'ט ווערען ווי „בשר חוץ“, ווי פרעמדע אומווירדיגע זאכען, מיט וועלכע אן אמת'ער סאָציאליסט טאָר ניט מטמא מאכען זיין מוח און זיינע הענד...

אין די גרענעצען פון מיין היינטיגער ארבייט קען איך זיך נים אריינלאָזען אין א קריטיק פון דעם גאנצען מארקסיסטישען סיסטעם, אויפווייזען אויף די פונקטען, וואָס זענען קיין מאָל אמת נים געווען, אויף די, וואָס זענען געווען אמת מעהר נישט ווי אין ז י י ע ר צ י י ט, כדי אָבצושיידען פון זיי יענע טיעפע און שעהנע געדאנקען, וואָס ליגען עד היום נאָך אין דעם מארקסיזם און וועלען — ווי מיר דוכט — נאָך א לאנגע־לאנגע צייט לייכטען דער מענשהייט אין איהר וועג צו פרייהייט און יושר.

דאָ קאָן איך מעהר נישט, ווי אָבשטעלען זיך אויף דער פראַגע: קענען מיר אָננעהמען דעם מארקסיזם, ו ו י ע ר א י ז, ו י ע ר ז עהט א ו י ס ה י י נ ט י ג ע ן ט א ג, פאר

דעם „פּראָלעטאַראַ־מעטער“, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקען, וואָס זאָל אונז אין יעדען געדאַנקען אונזערען ווייזען, ווי ווייט אָדער ווי נאָהענט מיר זענען אין איהם פון דעם פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט.

אוועקגעלעגט דעם אמת פון דעם מאַרקסיזם אָן אַ זייט, פרעגען מיר מעהר נישט: פערשטעהען אַלע מאַרקסיסטען דעם מאַרקסיזם אויף דעם זעלבען אופן? האָבען זיך שוין אַלע מאַרקסיסמען צונויפגערעדט און זענען מושווה געוואָרען, ווי מען זאָל אין איטליכען פּונקט פערשטעהן די טיעפע, אָבער ניט אומעדום גאָר קלאָרע, שיטה פון זייער לעהרער? זעהען מיר ניט, ווי עס מעהרען זיך פון טאָג צו טאָג מחלוקות און פלוגתות צווישען די מאַרקסיסטען גופא? עס איז כמעט ניטאָ קיין איין איינציגער געדאַנקען אין מאַרקס' סיסטעם, וואָס זאָל ניט אויסגעטייטשט ווערען פערשיידען פון זיינע פערשיידענע תלמידים. איך רייד שוין ניט וועגען די בית־שמאי און די בית־הלל אין דעם מאַרקסיזם, וועגען די „אָרטאָדאָקסען“ און די „קריטיקער“. אפילו גופא צווישען די אָרטאָדאָקסען, גופא צווישען די קריטיקער וועלען מיר אפשר ניט געפינען קיין צוויי מענשען, וואָס זאָלען קוקען אפילו אויף די גרונדשטיינער פון זייער סיסטעם מיט די זעלביגע אויגען, איינער זאָל זעהן און געפינען אין זיי דאָס, וואָס עס געפינט און זעהט אין זיי דער אַנדערער...

פון וואַנען שטאַמט אַזאַ פּירוד הדעות אין דעם מאַרקסיזם, אַזאַ צולויפען זיך פון געדאַנקען אין פערשיידענע וועגען? די שאלה געהט אונז ניט אָן היינטיגען מאָל. פאַר אונז איז מעהר נישט וויכטיג דער פאַקט, אַז אויב דער פּראָלעטאַרישער שטאַנדפּונקט איז דער מאַרקסיזם, האָבען מיר ניט א י י ן פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט, נאָר ע ט ל י כ ע. געוויס קאָן מען אויף דערויף ענטפערען — און איך האָב שוין אָפטמאָל געהערט אַזעלכע ענטפערן אין מיין לעבען, — אַז דער מאַרקסיזם איז א י י נ ע ר, און דער פּראָלעטאַרישער שטאַנדפּונקט איז אויך א י י נ ע ר. און דער און יענער זענען איין־און־דיזעלביגע זאַך. דער מאַרקסיזם איז ניט שולדיג אין דעם, וואָס ניט אַלע פערשטעהען איהם אין גאַנצען, די שוועריקייט ליגט ניט אין זיינע געדאַנקען, נ אָ ר א י ן

ד י, ו ו אָ ס ש ט ו ד י ר ע ן א י ה ם. זיי פערגעסען, אז ער איז אַ פילאָזאָפישער סיסטעם פון אַ בעשטימטען געזעלשאפטליכען קלאַס. אַ בילד פון דער וועלט און דער געשיכטע, וואָס אנטפלעקט זיך פאר אונזערע אויגען ערשט יעמאָלט ווען מיר שטעלען זיך אויף דעם קוק־פונקט, אויף וועלכען עס שטעהט דער קלאַס, ד. ה., אויף דעם שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאַריאַט.

אויב אַזוי איז שוין באמת גאָר קיין קונץ ניט אויסצוגעפינען דעם געזוכטען שטאנדפונקט. כדי צו געפינען דעם שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאריאַט, דאַרף מען מעהר נישט, ווי ריכטיג פער־שטעהן דעם מארקסיזם, וואָס מען קען זעהר לייכט פערשטעהן, ווי נאָר מען שטעלט זיך אויף דעם שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאַ־ריאַט, וואָס איז זעהר גרינג צו געפינען, ווי נאָר מיר פערשטעהען ריכטיג דעם מארקסיזם, וואָס איז זעהר לייכט צו פערשטעהן, ווי נאָר — און אַזוי ווייטער פון פאָרענט. ד. ה. בקצור, כדי צו געפינען דעם שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאַריאַט, דאַרף מען זיך — מעהר נישט — ווי שטעלען אויף איהם... און פונדעסט־וועגען ליגט אין דעם מארקסיסטישען „ישראל ואורייתא חד" — פ ר אָ ל ע ט אַ ר י ז ם א ו ן מ אַ ר ק ס י ז ם ז ע נ ע ן א י י ן ־ א ו ן ־ ד י ז ע ל ב י ג ע ז אַ ך — אַ ג ר ו י ס ע ר ש ט י ק א מ ת. אמת איז, אז ניט דער פראָלעטאַריאַט האָט ארויסגעבראַכט די תורה, אין וועלכע ער גלויבט איצטער און וואָס איז, נאָך מיין מיינונג נאָך, א י ן א י ה ר ע ו ו י כ ט י ג־ ס ט ע פ ו נ ק ט ע ן ד ע ר ו ו י ס ע נ ש אַ פ ט ל י כ ע ר ג ר ו נ ד פ ו ן ס אָ צ י אַ ל י ז ם. אמת איז, אז די תורה איז אונז אַלעמען, סאָציאַליסטען פון פערשיעדענע מינים, ג ע־ ג ע ב ע ן געוואָרען פון דעם מארקסיסטישען בארג־סיני, און אז פון אַלע געזעלשאפטליכע קלאַסען האָט נאָר דאָס פראָלעטאַריאַט געקאָנט ארויסזאָגען זיין „נעשה ונשמע", ווייל ער איז מעהר מסוגל צו איהר, ווייל זי איז מעהר אָנגעמאָסטען צו איהם, איידער אַלע אנדערע סאָציאַל־פּאָליטישע סיסטעמען. וועניגסטענס מוז מען מודה זיין אָהן שום ספק, אז אין הלכות פראָלעטארישען ש ט אַ נ ד־ פ ו נ ק ט האָט קאַרל מאַרקס מעהר אויפגעטהאָן איידער אַלע סאָציאַליסטישע דענקער ביז צו איהם.

און פונדעסטוועגן צוריק, הגם מיר לייקענען דאָס אַלץ בשום אופן ניט אָב, וועלען מיר פאָרט ניט שווערען אין טלית און תּפילין, אַז אַלץ, וואָס מיר ריידען אין אונזער היינטיגער אַרבייט וועגען דעם פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט, איז ריינער מאַרקסיזם, און איך וועל בשום אופן ניט נעהמען אויף מיר די אחריות, אויב עס וועט זיך אפשר אַרויסווייזען, אַז איין געדאַנקען אָדער דער אַנדערער פּאַסט צום מאַרקסיזם, ווי אַ פינגער צום אויג. איך וואַרף איך אַראָב פון זיך די התחיבות, אויפצואווייזען, וועלכער געדאַנקען איז אַ מאַרקסיסטישער און וועלכער ניט. איך האַלט נאָך מיט די אַלטע, אַז עס איז קיין נפקא מיניה ניט, מאַרקסיזם אָדער ניט מאַרקסיזם, אַז די איינציגע פראַגע, וואָס דאַרף אינטערעסירען דעם פאָרשער, איז — אמת אָדער, חלילה, ניט אמת. און דעם אמת האָב איך געזוכט אַרויסצוגעפינען נאָך מיין כח נאָך, ניט קוקענדיג, אויב ער שטימט אָדער ער שטימט ניט מיט דעם אָדער יענעם דענקער. ביי מיר אין האַרצען וויים איך, וואָס איך האָב צו פערדאַנקען קאַרל מאַרקס, און אויב די לומדים פון אונזער אידישער גאַס וועלען מיר אָנטהאָן דעם כבוד און אָבשטעלען זיך אויף מיין קליינער אַרבייט, וועלען זיי געוויס אַליין, אָהן אַ ברעקעל מיה, דערזעהן, וואָס איך האָב „גענאַשט" פון יענעם גרויסען אידען, און וואו איך זאָג זיך פון איהם אָב, אפילו ווען איך טייט ניט אָן אויף דערויף בפירוש מיט'ן פינגער.

און דאָ בעט זיך נאָך אַ הערה, איידער מיר געהען איבער צו אונזער ענין.*) דאָס פּראָלעטאַריט איז אַ בעשטימטער גע־

*) עטליכע פון מיינע פריינד האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך מאַך אין דעם אַרטיקעל צופיעל קאָנצעססיעס צו דעם מאַרקסיזם, וואָס שטימען ניט מיט מיין קריטישער שטעלונג צו איהם. איך וואָלט זיי בעטען, זיי זאָלען מיט קאָפּ איבערלייענען די הערה, פון וועלכער איך רעד אין טעקסט. דער שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט בכלל ווערט בעשטימט פון ריין עקאָנאָמישע אומשטענדען, ווייל דאָס פּראָלעטאַריאַט איז אַ קלאַס, און קלאַסען שטאַמען (ווענינגסטענס, איצטער) פון ריין עקאָנאָמישע לעבענס־פּראָצעסען. אָבער אַ בעשטימטער פּראָלעטאַריאַט ווערט געצויגען אין זיין לעבען ניט נאָר פון זיין עקאָנאָמישען קלאַסען־כח,

זעלבשטשטענדיגע קלאַס. די איצטיגע מענשהייט איז אָבער צו־שפּאָלטען ניט נאָר אין קלאַסען, נאָר אויך אין נאַציאָנען, רעליג־יעזע סעקטען, פּאָליטישע פּאַרטייען, פילאָזאָפישע שולען א. אז. וו. דאָס נאַציאָנאַלע לעבען צושפּאַלט זי אין פעלקער, דאָס רעליגעזע — אין סעקטען, דאָס פּאָליטישע — אין פּאַרטייען, דער פילאָזאָפישער געדאַנק — אין שולען. אָבער אין קלאַסען צושפּאַלט זי דאָס עקאָנאָמישע לעבען. ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס, רייד־דענדיג וועגען אַ בעשטימטען קלאַס, האָב איך די גאַנצע צייט צו טהאָן מיט ע ק אָ נ אָ מ י ש ע פּראָבלעמען. וואָלט איך, צוםביישפּיעל, געשריבען וועגען דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען שטאַנד־פּונקט פון דער דעמאָקראַטיע אָדער דעם אַנאַרכיזם, וואָלט איך גע־מוזט אויספאָרשען די שייכות, וואָס געפינט זיך צווישען דער סאָציאַלער עקאָנאָמיע און דעם פּאָליטישען געדאַנק אין דער דע־מאָקראַטיע און אין דעם אַנאַרכיזם, און יעמאָלט וואָלט איך גע־דאַרפט רעדען מעהר וועגען פּאָליטיק, איידער וועגען עקאָנאָמיע. אויב איך וואָלט געהאַט, למשל, צו טהאָן מיט דעם סאָציאַל־פּאָ־ליטישען שטאַנדפּונקט פון דעם קאַטוילישען פּראָלעטאַריאַט אין פּוילען אין דעם 20־טען יאָהרהונדערט, וואָלט איך געמוזט אויס־שטודירען, וואוהין ציהט איהם דער שטאַנדפּונקט פון זיין קאַטוילי־שער רעליגיאָן, דער שטאַנדפּונקט פון זיין אונטערדריקטער נאַציאָ־נאַליטעט און דער שטאַנדפּונקט פון יענעם פ ר י י ע ן ג ע־ד אַ נ ק, וואָס האָט אָנגעהויבען הערשען אין די פּוילישע פּאָלקס־מאַסען נאָך אין דעם 19־טען יאָהרהונדערט און וואָס שוואַכט אָב די מאַכט פון דער קאַטוילישער רעליגיאָן.

מיר האָבען אָבער דאָ צו טהאָן מיט דעם פּראָלעטאַריאַט בכלל,

---

נאָר אויך פון אַנדערע היסטאָרישע כחות, וואָס ווירקען אויף איהם. נאַ־ציאָנאַלע, פּאָליטישע, רעליגיעזע, פילאָזאָפישע א. אַ. וו. אַזוי ווי איך האַלט ניט, אַז דער עקאָנאָמישער קלאַסען־כח איז דער פאָטער, וואָס ברענגט זיי אַלע אַרויס, און מייסטערט איבער זיי, קען איך מיך דעריבער ניט אָנרופען: „מאַרקסיסט“. אָבער בנוגע צו דעם מ ה ו ת פון די עקאָ־נאָמישע כחות (ווי שטאַרק אָדער ווי שוואַך זיי זאָלען ניט זיין לגבי די אַנדערע כחות) מוז איך מודה זיין, אַז אויף דעם פעלד האָבען מיר לע״ע נאָך ניט קיין טיעפערען דענקער, איידער קאַרל מאַרקס. (1908.)

צו וואָס פאַר אַ פאָלק ער קאָן ניט געהערען, אין וואָס פאַר אַ רעליגיאָן ער זאָל ניט גלויבען און אין וואָס עס זאָל ניט בעשטעהן דער פרייער געדאַנקען פון זיין צייט. דעריבער קען איך ניט אריינ־ציהען אין חשבון אַט די אַלע אַנדערע, ניט עקאָנאָמישע כחות, וואָס בעשטימען דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען, און דעריבער וועט מען אויך פון דעם פערשווייגען זיי בשום אופן ניט טאָרען ארויס־דרינגען, אַז דער היסטאָרישער אימפּעט פון דעם עקאָנאָמישען כח איז שטאַרקער אָדער שוואַכער פאַר'ן היסטאָרישען אימפּעט פון דעם רעליגיעזען כח, אָדער פאַר דעם היסטאָרישען אימפּעט פון דעם פרייען געדאַנק.

2.

## קאָנסערוואַטיזם, ליבעראַליזם, סאָציאַליזם.

אין דער אַנדער העלפט פון דעם 18־טען יאָהרהונדערט איז אין פראַנקרייך אַוועקגעלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט צו דעם גייציטיגען קאַמפף פון פּאָליטישע פּאַרטייען און פּראָגראַמען. אין יענער צייט זענען געבאָרען געוואָרען, אויסגעוואַקסען און — נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע — אַ לאָז געטהאָן זיך איבער דער ברייטער וועלט יענע געדאַנקען און סברות, וואָס האָבען באַלד פונאַנדערגעשפּאָלטען די גאַנצע מענשהייט אין צוויי גרויסע פיינדליכע חילות, שטענדיג אָנגעגרייט צו פיהרען זייער היסטאָרישען קאַמפף, ביז איין חיל וועט מאַכען לגמרי אַ תל פון דעם אַנדערן. קאָנסערוואַטיזם האָט זיך גערופען איין צד, ליבעראַליזם דער אַנדערער.

דער קאָנסערוואַטיזם איז געווען דורכגענומען מיט דעם געדאַנקען, אַז דער לעצטער צוועק פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען איז די גבורה, רייכקייט און די פּראַכט פון דער מלוכה, וואָס זי קען דערגרייכען מעהר גישט ווי אין מלחמה מיט די אַנדערע פעלקער און מלוכות, אָדער ווענינסטענס דורך אַ דיפּלאָמאַטישען שמד־שטיק אַנטקעגען זיי . דער יחיד לעבט מעהר נישט, ווי צו־ליעב דער גרויסקייט פון זיין נאַציאָן, צוליעב דעם קלינגענדען שם פון זיין מלוכה און זיין לאַנד. די גרעסטע קרבנות מעג די רע־

גירונג פערלאַנגגען פון יעדען איינעם, כדי צו דערגרייכען דאָס העכסטע אידעאַל, די אויבערהערשאַפט איבער די אַנדערע נאַציאָנען, די גרויסקייט און בע'שם'טהייט פון איהר מלך. דערפאַר איז זי פון איהר זייט מחויב צו האָבען דעם יחיד שטענדיג אין זינען, אכטונג געבען אויף איהם, טראַכטען וועגען זיין טובה, אריינמישען זיך אין אַלע ווינקעלעך פון זיין לעבען, פיהרען איהם מיט א שטאַרקער האַנד צו דעם ציעל, וואָס איז איהם בעשערט. און דאָס בעסטע מיטעל דערצו איז — אָבהיטען, קאָנסערווירען דעם סדר פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין די צייטען פון די נאַציאָנאַלע קריעג.

אין מיטען פון דער געזעלשאַפט — דער מלך מיט זיין הויף, מיט זיינע שררות און הארען, וואָס לייכטען ווי די זונען און שיקען ארויס זייערע שטראַהלען פון גענאָד איבער דער גאַנצער „וועלט". ארום דעם מלך'ס הויף א גאַנצער לייטער פון גלגלים, איינער העכער פאַר דעם אַנדערן. פריצים, גלחים, גענעראַלען, מיניסטאָרען, אָפיצירען, גובערנאַטאָרען און אַזוי ווייטער, — אַלע פון ריינער, אַדעליגער, „בלאָער" בלוט. און יעדער פון זיי איז ווידער א קליינינקער מלך'על, א קליינינקע זון, וואָס בעשיינט די סביבה און גיט צו דעם לעבען דעם זיבענטען חן. און די גאַנצע וועלט לעבט און דאַרף לעבען מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר אין „הויף", מיט זיינע בעלער און זיין פּאָליטיק, זיינע אינטריגעס, זיין פאָהרען אויף געיעג, זיינע פערוויילונגען און תענוגים...

און אָט די גאַנצע „וועלט" איז געשטאַנען אויף א פעסטען פונדאַמענט — אויף די איינגעבויגענע רוקענס פון דעם פשוט'ען, געמיינעם, ניט־מיוחס'דיגען פאָלק: דעם פויער, דעם ארבייטער, דעם בעל־מלאָכה, דעם סוחר, דעם רופא, אַלע, אויף וועמען די מלוכה דאַרף „אכטונג געבען", פאַר וועמען זי דאַרף „זאָרגען". אַלע אָט די עלעמענטען פון פאָלק האָבען אייגענטליך געדאַרפט אויסגעהן פון נחת, וואָס אויף זייערע רוקענס איז אויסגעפאַלען די זכיה צו טראָגען אויף זיך דעם שטאָלצען און שעהנעם געבוי. אָבער עס איז שוין אַן אַלטער כלל: דאָס געמיינע פאָלק האָט קיין ברעקעל איידעלקייט ניט אין הארצען...

דער ליבעראַליזם צוריק האָט געוואָלט גאָר א קליינינקייט: די

איינגעבויגענע רוקענס פון דעם געמיינעם פאָלק זאָלען זיך אויס־גלייכען און אראָבוואַרפען פון זיך די אויבערשטע וועלט מיט אַלע איהרע זונען, שטערען און גלגלים. לאָז יעדער שטעהן אויף זיינע איינענע פיס. לאָז יעדער מיט זיינע אייגענע כחות דערשלאָגען זיך אין לעבען צו דער מדרגה, אויף וועלכער ער קען זיך ארויפ־כאַפּען מיט זיינע אייגענע מיטלען, קיינעם ניט צווינגענדיג צו ארבייטען פאַר איהם.

יעדער איז פריי צו שמידען זיין אייגענעם מזל, און פער־לאַנגט ניט פון דער מלוכה זי זאָל זיין זיין בעל־טובה. זייט איהם נישט קיין פעטער און נעהט איהם ניט קיין שיך, ובפרט אז איהר נעהט איהם זיי נאָך א י י ע ר מאָס, ניט נאָך זיינער. לאָזט איהם געהן, ווי ער געהט, ער וויים בעסער, וואָס פאַר איהם איז גוט און וואָס ניט. האָסטו שכל, האָסטו מיטלען, קענטעניס, פּוחרישע געניטקייט, שפּיצלעך און המצאות, ווי צו ווערען רייך, נעהם און אַרבייט מיט אַלע כלים פאַר דיין ציעל, שטופּ זיך דורך מיט די עלענבויגענס צו דעם לעבענס אויבען־אָן. אַלע געזעצען און דינים מוז מען מבטל זיין, וואָס פערשפּאַרען דיר דעם וועג מעהר נישט דערפאַר, וואָס דו שטאַמסט ארויס פון דעם „געמיינעם" קלאַס, וואָס אין דיינע אָדערן פּולסירט ניט קיין פּריצישע בלוט. האָסטו אָבער ניט קיין שכל און קיין מיטלען, פעהלען דיר די נע־געל און די צייהן אין דער מלחמה פאַר'ן לעבען, — יעמאָלט האָב קיין פּאַראיבעל ניט: מען האָט פאַר דיר גאָר נישט אָנגע־גרייט, מען גסט אפילו זיין א גראַף אָדער א באַראָן אָדער נאָך א גרעסערער מיוחס, איידער דער באַראָן. פון דער נאַטור זענען אַלע מענשען געבאָרען גלייך, דער פּויער ניט ווייניגער מיוחס, איידער דער באַראָן. פון דער נאַטור זענען זיי אַלע גע־באָרען פריי, קיינער טאָר קיינעם ניט נויטען צו דיענען און אַרבייטען, אויב זיי האָבען פרייוויליג ניט איבערגענומען די התחייבות אויף זיך. פון דער נאַטור זענען זיי געבאָרען ניט הארען און קנעכט, ניט „הויך" און „נידעריג", נאָר ב ר י ד ע ר פון איין גרויסער מענשליכער משפּחה, וואָס דאַרפען ברידערליך אויסהעלפען איינער דעם אַנדערן אין דעם פּראָצעס פון דעם לעבען. איינער האָט, למשל, א גוט און קען אַליין ניט בעאַרבייטען די ערד.

רופט ער זיינע ברידער, אנדערע מענשען, זיי זאָלען איהם העלפען. זיי זענען אלע גלייך און פריי. װ י ל ע ן זיי ארבייטען ביי איהם, דינגט ער זיי; ניט — ניט. געפעלען זיי זיינע בעדינגונגען, שטעלען זיי זיך ביי איהם, ניט — געהען זיי אוועק. און אז צווישען זיי קומען פאָר סכסוכים, געהען זיי ביידע, ווי ג ל י י כ ע צדדים, צו דעם שופט, וואָס משפט זיי נאָך א ג ל י י כ ע ן געזעץ פאר אָרעם און רייך, פאר „הויך"־געבאָרען און „נידעריג"־געבאָרען.

פרייהייט, גלייכהייט, ברידערליכקייט...

מען קען זיך פאָרשטעלען דעם רושם, וואָס די ליבעראלע שיטה האָט געמאכט אויף א וועלט, אין וועלכער דאָס רוב פון דער מענשהייט איז געווען געניוט על פי געזעץ צו אַרבייטען אויף דעם פריץ אָהן געצאָהלט; וואו דער בעסטער חלק פון אלץ האָט „געקומט" על פי דין דעם זעלביגען פריץ, דעם גלח און אלעמען, ווער עס איז נאָר געווען אויסגעבונדען מיט דער אויבערשטער וועלט דורך געבורט אָדער דורך דעם מלך'ס גענאָד; וואו עס איז געווען איין געזעץ פאר די „וואויל־געבאָרענע" און אן אנדער געזעץ פאר די ניט וואויל־געבאָרענע. א נייע וועלט, א פרייע וועלט, אנ.אָפענע פאר איטליכען, וואָס קען נאָר מלחמה האַלטען פאר זיין לעבען און גליק, האָט געוווישט אין די רייד פון די ליבעראַלען; א וועלט, וואו דער אויבערהאר איז ד ע ר מ ע נ ש ל י כ ע ר ש כ ל, וואָס דיקטירט זיינע געזעצען, אנשטאָט די פערשימעלטע געבאָטען פון די אלטע דורות.

און ניט נאָר אין דער פאָליטיק און אין די פראַגען פון דין און משפט, פון רעכט און אומרעכט האָט געברענט די מחלוקה צווישען דעם קאָנסערוואַטיזם און דעם ליבעראליזם. דאָס פייער האָט אויך געפלאַקערט אין דער רעליגיאָן, וואָס האָט געהייליגט דעם געזאַלבטען קעניג און דעם גאַנצען סדר פון דעם לעבען, פון וועלכען ער איז געווען דער מיטעל־פונקט. עס האָט אויך געברענט אין דער פילאָזאָפיע, וואָס האָט א לאַנגע צייט געוואָלט זיין מעהר נישט, ווי א דיענסט־מויד ביי דער רעליגיאָן. די פייערצינגג האָבען זיך אריבערגעוואָרפען אין דער ק ו נ ס ט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט דעם לעבען פון די געמיינע קלאַסען און אין איהר געפינען העלדען, ניט מיאוסער פאר דעם אלטען העלד

פֿון די וואוילגעבאָרענע. מיט איין וואָרט, זיי זענען אריינגעדרונ־
גען אין דעם קוק פֿון דעם מענשען אויף דאָס, וואָס איז שעהן און
מיאוס, אמת און שקר, יושר און עולה. און אַלע אָט די פייערצייג
האָבען, יעדע אויף איהר לשון, נביאות געזאָגט איין זאַך: פריי־
הייט, גלייכהייט, ברידערליכקייט...

נאָך האָט די מלחמה צווישען קאָנסערוואטיזם און ליבעראַליזם
געברענט אומעדום, נאָך האָבען זיך געביטען די מזלות ביי די קעמפ־
פענדע צדדים, ערשט אויף דער סצענע פֿון דער וועלט־געשיכטע
איז אַן ערך אין די דרייסיגסטע יאָהרען פֿון דעם פאָריגען יאָהרהונ־
דערט, ארויסגעטראָטען א דריטער צד, וואָס האָט אויפגעהויבען
זיינע כלי־זיין אנקעגען ביידען: דעם קאָנסערוואטיזם, ווי דעם לי־
בעראַליזם, און האָט געצוואונגען ביידע אַלטע שונאים ערנסטער
צוקוקען זיך צו דעם יונגען פיינד. א נייעם פרינציפ האָט ער אָנ־
געשריבען אויף זיין פאָהן, א נייעם געזעלשאפטליכען אידעאַל האָט
ער געטראָגען פאַר דער מענשהייט: ד ע ם ס אָ צ י אַ ל י ז ם.

דאָס קערענדעל פֿון זיין שיטה, די זריעה, פֿון וואַנען עס איז
ארויסגעוואקסען זיין לעבענסבוים, רייך אין צווייגען און בלעטער,
בלומען און פירות, איז ניט געוועזן קיין נייעס אין דער געשיכטע
פֿון דעם מענשליכען געדאַנקען. נאָך אין די אור־אַלטע צייטען,
אין דעם אָקאָרשט בעגינען פֿון׳ם פּאָליטישען לעבען אויף דער ערד,
איז כמעט ביי יעדען פאָלק אויפגעגאַנגען די שפּראָצונג פֿון דעם
סאָציאַליסטישען געדאַנק, איז ערגעץ וואו אין א פערבאָרגען ווינ־
קעל אויסגעוואקסען צו א וואונדערליכען געוועקס, וואָס פלעגט באַלד
פערוועלקען, צונויפדאַרען און פערשווינדען, וויעדער ארויסרייסען
זיך פֿון אונטער דער ערד אין עטליכע יאָהרהונדערט ארום אין
אַנ־אָרט, וואו מען האָט זי קיין מאָל ניט געזייהט, אין א צייט, וואָס
האָט ניט געוואַרט אויף איהר, און וויעדער פערשווינדען. ערשט
אין דער צייט פֿון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבען
אומעטום אין אייראָפּאַ, אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד,
גענומען ארויסשפּראָצען פֿון דער ערד געוועקסען פֿון דעם סאָציאַ־
ליסטישען מין און צו די דרייסיגסטע יאָהרען האָבען זיי זיך אין
פראַנקרייך שוין פונאַנדערגעוואָרפען אין דער ברייט און אין דעם

טיעף, אזוי, אז זיי האָבען גענומען אונטערגראָבען די וואָרצלען פון די אַלטע, טיעף איינגעלעבטע בוימער...

דער קאָנסערוואַטיזם און דער ליבעראַליזם האָבען אויפ'ן שטעל דערקענט אין דעם סאָציאַליזם זייער פיינד, אפילו ווען זיי האָבען ניט אזוי גיך פערשטאַנען זיין נאַטור.

דעם ליבעראַליזם האָט זיך אויסגעדוכט, אז דער סאָציאַליזם איז מעהר נישט, ווי א קאָנצענטרירטערער, שטאַרקערער גיפט פון קאָנסערוואַטיזם. דער קאָנסערוואַטיזם האָט דאָך אויך געלייקענט, אז דער איינצעל־מענש, דער יחיד, איז דער יסוד פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען לעבען. ער האָט דאָך אויך געקעמפפט אנקעגען דעם, דער יחיד זאָל ווערען דער איינציגער בעל־הבית אין דער פּאָליטיק. ער האָט גע'טענה'ט, די געזעלשאַפט דאַרף זיך אריינמישען אין דעם לעבען פון דעם איינצעלנעם, מען טאָר ניט צולאָזען דעם „איש כל הישר בעיניו יעשה", אלץ, וואָס איינעם געפעלט, מעג ער טאָן: דער כלל שטעהט העכער פאַר'ן יחיד; מען מוז מקריב זיין מיט דעם יחיד'ס אינטערעסען צוליעב די שעהנקייט און גבורה און רייכקייט פון דעם כלל, פון דער נאַציאָן. טענה'ט ניט דיזעלביגע זאַך דער סאָציאַליזם? איז ניט אויך איהם דער כלל העכער פאַר'ן יחיד? מאכט ער ניט חוזק פון דער ליבעראַלער פרייהייט?

ניט נאָר ער מאכט חוזק פון איהר, נאָר ער געהט ווייטער אין דעם פונקט, איידער דער קאָנסערוואַטיזם אליין. יענער האָט, לכל הפּחות, איין פעלד געלאָזען כמעט פריי פאַר דעם מענשען, דאָס פעלד פון האנדעל און שטאָדטישער אינדוסטריע. דער סאָציאַליזם וויל אָבער ארויסרייסען פון דעם יחיד'ס הענד אויך אָט דאָס וויכטיגע פעלד און אוועקגעבען עס אין די הענד פון דעם כלל.

אזוי האָט געקוקט דער ליבעראַליזם אויף דעם סאָציאַליזם.

אין די אויגען פון דעם קאָנסערוואַטיזם איז דער סאָציאַליזם געווען צוריק די העכסטע מדרגה און דער גיפטיגסטער סם פון דעם ליבעראַליזם. אזוי ווי יענער, הויבט דער סאָציאַליזם אויף זיין אומווערדיגע, חוצפּה'דיגע האַנד אויף די הייליגע יסודות פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען. און ער געהט נאָך ווייטער איידער יענער אין זיין ווידערשפּעניגען אנקעגען זיי. דער ליבעראַליזם, ווי רעוואָ־

לוציאָנער ער זאָל ניט זיין אנקעגען די פּאָרמע פון דער מלוכה, בלייבט דאָך שטעהן ביי א געוויסען גרענעץ, בויגט דאָך זיין קניע פאר די הייליגע זיילען, וואָס האַלטען אונטער דאָס גאַנצע געזעל־שאַפטליכע געביי. דאָס איי ג ע נ ט ה ו ם איז איהם הייליג. דאָס רעכט פון „מיין־און־דיין“ וויל ער ניט אָנריהרען, אדרבה! ער גיסט אריין אין די אָדערן פון דעם אייגענטומס־רעכט נייע שטראָמען פון לעבענס־קראַפט. די תשוקה צו אייגענטהום, צו מעהר אייגענס און רייכקייט וויל ער פונאנדערבלאָזען צו א פלאַ־קער אין די הערצער פון יעדען איינעם. און אויך די פ א מ י ל י ע איז פאר איהם הייליג, די צווייטע זייל, אויף וועלכע עס האַלט זיך די מענשליכע וועלט. יעדער מיט זיין הויז־געזינד, מיט זיין בעל־הבת׳ישקייט זאָל זיין א וועלטעלע פאר זיך, פאר וועלכער דער מאַן זאָל האַלטען מלחמה מיט די ארומיגע וועלטלאַך. און דאָס רעכט פון י ר ו ש ה איז ביי איהם הייליג, וואָס בינדט צונויף די פאמיליע מיט דעם אייגענטום. וואָס איז אָבער די פעולה, וואָס די אַלע רעכט זענען הייליג דעם ליבעראַליזם? דאָס גיפט ליגט אין דער קליפּה פון מרידה אנקעגען דאָס אַלטע, א קליפּה, וואָס דער ליבע־ראַליזם האָט ארויסגערופען אין לעבען. וואו ער בלייבט שטעהן דערשראָקען, הויבען זיך אויף די בייזע רוחות, וועלכע ער האָט פאנאנדערגעוועקט, און מאַכען א תל פון אַלץ, מיט וואָס דעם מענ־שענ׳ס נשמה האָט געלעבט: פון אייגענטום, ירושה און פאמיליע.

אויף אזא אופן האָבעןביידע אַלטע פּאַרטייען געזעהען אין דעם נייעם שונא אַלע שעדליכע חסרונות, אנקעגען וועלכע זיי האָ־בען געקעמפפט צווישען זיך; אין דערזעלביגער צייט אָבער האָט יעדער פון זיי געמוזט מודה זיין, אז זיין אַלטער שונא איז פאָרט ניט אזוי שלעכט, ניט אזוי אויסגעלאַסען און פערדאָרבען, ניט אזוי איינגעטונקט אין כל החטאים שבעולם, ווי דער יונגער בן סורר ומורר. דאָס האָט א ביסעל אָבגעשוואַכט זייער שנאה צווישען זיך און פערשטאַרקט זייער האַרץ צו א ביטערען בשותפות׳ען קאַמפּף מיט דעם אַלץ מעהר און מעהר וואַקסענדען סאָציאַליזם.

אין אמת׳ן איז דער סאָציאַליזם געוועזן זעהר ווייט פון ביידען, סיי פון זייערע מעלות, סיי פון זייערע חסרונות. זיין אייגענע וועלט האָט ער געטראָגען אין זיך, מיט אייגענע הימלען און שטערען, א

וועלט, וועגען וועלכער די בעסטע מענשען פון אַלע פעלקער האָבען געטרוימט, נאָך וועלכער די אונטערדריקטע פון אַלע צייטען האָבען דומפּף געבייינקט, דאָס רוב ניט וויסענדיג, ווי זי אָנצורופען, ווי זי אויסצומאָלען, ווי זי אריינצופיהרען אין דעם טעגליכען לעבען.

פרייע מענשען און פאָרט ניט שונאים איינער דעם אנדערען, ניט וועלף און הינד, וואָס רייסען זיך תמיד ארום פאַר זייער רויב; פרייע מענשען, פריי פעראייניגט אין איין גרויסער בעל־הבת׳יש־קייט, וואָס בעהערשט די נאַטור, ציהט ארויס פון איהר איהרע פערבאָרגענע רייכקייטען און גיט יעדעס וויפיעל ער דאַרף, און נעהמט פון יעדעם, וואָס ער קאָן. פרייע מענשען, וואָס ווילען קיינעם ניט האָבען איבער זיך פאַר אן אויבערהאַרר, וואָס ווערען ניט נתפעל פאַר די אַלטע פלאַנקעס, וועלכע נאַרישקייט אָדער ווילדקייט האָבען אויפגעבויט, כדי צו פערצאַמען דעם וועג צו גליק, — אָט דאָס איז געוועזען (און איז) דאָס אידעאַל פון סאָציאַליזם, די „שמים חדשים“, וועלכע ער ברענגט דער וועלט.

אין אַ משך פון צעהן יאָהר (פון די דרייסיגער ביז די פערציגער פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט) האָבען שוין אַלע פּאָליטיקער פון פערשטאַנד איינגעזעהען, אַז פון זייער צייט אָן קעמפפען אויף דעם שלאַכטפעלד פון דער געשיכטע שוין ניט מעהר צוויי פּאַרטייען, נאָר דריי: די קאָנסערוואַטיווע, די ליבעראַלע און די סאָציאַליסטישע.

## 3

## רענט, ריוח, לוין.

אין דער צייט, ווען דער סאָציאַליזם האָט אַליין העכער און העכער גענומען אויפהויבען זיין קול, און אין דער לופט פון דער ווי־סענשאַפטליכער וועלט האָבען זיך גענומען ארומטראָגען האַלב־סאָציאַליסטישע געדאַנקען, האָבען עטליכע פראַנצויזישע געשיכטסשרייבער גענומען טיעפער אריינלעגען זיך אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך און פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין די כחות,

וואָס האָבען זי ארויסגעבראכט, אין דעם פערבאָרגענעם היסטאָרישען פּשט פון קאָנסערוואַטיזם און ליבעראַליזם. מ י ג י ע, ג י ז א אוּן דער תּלמיד פון דעם סאָציאַליסט ס ע ן־ס י מ אָ ן, ט ה י־ ע ר ר י, האָבען דערביי געפונען, אַז דער קאַמפּף פון די צוויי גרויסע פּאַרטייען ציהט זיך שוין פון לאַנג אָן, א סך לענגער, איידער ער איז ארויסגעטראָטען אין דעם פאָרם, וועלכע די רעוואָלוציע האָט איהם געגעבען, און אַז דער גרונד פון דעם קאַמפּף איז די מלחמה פון צוויי געזעלשאַפטליכע ק ל א ס ע ן: דעם פעאָדאַל־אַריסטאָקראַטישען, וואָס איז פערבונדען מיט די גלחים און דער רעליגיאָן, פון איין זייט, און דעם גאַנצען איבעריגען פאָלק, וואָס ווערט אָנגעפיהרט פון דעם בירגערליכען סוחריש־אינדוסטריעלען קלאַס, פון דער אַנדער זייט. א מלחמה, ניט אַזוי צוליעב דער פערשידענער פּאָליטישער און פילאָזאָפישער הגדה פון די קלאַסען, ווי צוליעב די רעאַלע קניידלעך, וועלכע יעדער קלאַס מיינט מיט זיין הגדה. דער אָדער יענער י ו ר י ד י ש ע ר קאַמפּף פאַר רעכט און אומרעכט, דער אָדער יענער פּ י ל אָ ז אָ פ י ש ע ר קאַמפּף פאַר ריכטיג און פאַלש, דער אָדער יענער מ אָ ר א ל י ש ע ר קאַמפּף פאַר יושר און עולה, דער אָדער יענער ע ס ט ע ט י ש ע ר קאַמפּף פאַר שעהן און מיאוס, איז אין תוך אריין נישט מעהר, ווי אַן ע ק אָ־ נ אָ מ י ש ע ר קאַמפּף פאַר די מאַטעריעלע גיטער פון דער זינדיגער וועלט. קאָנסערוואַטיזם און ליבעראַליזם זענען דעריבער צוויי פערשיעדענע פּאָליטישע פאָהנען אין די הענד פון צוויי פערשיעדענע עקאָנאָמישע קלאַסען.

דער דאָזיגער נייער קוק אויף דעם ענין האָט זיך אויפ'ן שטעל אָבגעשלאָגען צוריק אין די מוחות פון די סאָציאַליסטישע דענקער, און אין דער סאָציאַליסטישער וועלט האָבען גענומען, וואָס מעהר אַלץ עפּטער, ארויסטרעטען מיינונגען, אַז אויך די דריטע פּאַרטיי האָט איהרע וואָרצלען אין די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון דעם לעבען, אַז אויך די סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז אויסגעוואַקסען אויף דעמזעלבען גרונד פון קלאַסען־קאַמפּף, ווי די קאָנסערוואַטיווע און די ליבעראַלע, און אַז אויך דער סאָציאַליזם איז אין תוך אריין א בעזונדערע פּאָליטישע פאָהן אין די הענד פון א בעזונדערען עקאָנאָמישען קלאַס — דעם פּראָלעטאַריאַט. קאַרל מאַרקס

האָט אין דער צווייטער העלפט פון די פערציגער יאָהרען צונויפ־
נעקליבען, ווי אין א ברענגלאָז, די צעוואָרפענע, צוזייטע שטראה־
לען פון דער נייער סברה און האָט מיט זיי איינגעברענט אין דער
וויסענשאַפטליכער פּאָליטיק דעם געדאַנק, אז צווישען דעם סאָ־
ציאַל־פּאָליטישען פּראָגראַם פון אַ קלאַס און זיין עקאָנאָמישען
תמצית איז דאָ אַן אייבינע שייכות, אז זיין פּראָגראַם קען ערשט
יעמאָלט ריכטיג פערשטאַנען ווערען, ווען מען דרינגט אריין אין
דעם לפני ולפנים פון דעם עקאָנאָמישען לעבען, ווען מען דער־
גראָבט זיך ביז צו יענע עקאָנאָמישע וואָרצלען, פון וואַנען עס
וואַקסען ארויס די געזעלשאַפטליכע קלאַסען.

בכלל איז דער פּריץ אַ קאָנסערוואַטיווער, דער הענדלער און
פאַבריקאַנט — אַ ליבעראַל, דער ארבייטער — אַ סאָציאַליסט.
אָבער ניט על פּי מקרה, ניט גלאַט אזוי אין דער וועלט אריין האָט
זיך דער אדעל אָנגעכאַפּט פאַר דעם קאָנסערוואַטיזם, די סוחרישע
וועלט — פאַר דעם ליבעראַליזם, דאָס פּראָלעטאַריאַט פאַר'ן סאָ־
ציאַליזם. די דריי פערשיעדענע סאָציאַל־פּאָליטישע סיסטעמען
פּאַסען בעסער צו זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסען, וואָס וואַקסען
ארויס פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע, עס איז אַן אָבשיין פון זייער
עקאָנאָמישער לאַגע אין זייערע מוחות, בעת זיי דענקען וועגען
סאָציאַלע און פּאָליטישע ענינים. די פערשיעדענקייט פון זייער
סאָציאַל־עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט שטאַמט פון דעם פערשיעדע־
נעם עקאָנאָמישען תמצית, וואָס מאַכט פון איטליכען פון זיי אַ
בעזונדערן געזעלשאַפטליכען קלאַס.

אין וואָס בעשטעהט די פערשיעדענקייט פון דעם עקאָנאָ־
מישען תמצית? וואָס מאַכט דעם אדעל, דעם סוחר, דעם ארביי־
טער פאַר בעזונדערע געזעלשאַפטליכע קלאַסען, וואָס מוזען פיה־
רען אַ פערביטערטען קריעג איינער מיט דעם אַנדערען? די פער־
שיעדענע ראָלע, וואָס יעדער קלאַס שפּיעלט אין דעם בעשאַפען
געזעלשאַפטליכע רייכקייט, דער פערשיעדענער מקור חיונה, דער
קוואַל, פון וואַנען יעדער קלאַס שעפּט זיינע מיטלען צום לעבען,
און די פערשיעדענע אינטערעסען, וואָס שפּראָצען ארויס פון יע־
נער ראָלע און פון יענעם קוואַל.

כדי דער מענש זאָל קענען ציהען חיונה פון דער נאַטור מיט

די מיטלען, וועלכע עס גיט איהם זיין שכל, — ד. ה. זיינע קענט־
ניס פון די קרעפטען, וואָס הערשען אין דער נאַטור, זיין ט ע כ־
נ י ק — דאַרף מען האָבען דריי זאַכען: ערשטענס, די נאַטור
גופא, די ע ר ד, די מוטער, וואָס האָט אונז געבאָרען און וואָס
דערנעהרט אונז אין איהר שויס. עס איז ניטאָ קיין איין פּי־
צעלע חיונה, קיין איין חפץ, וואָס האָט נאָר אין זיך אַ ברעקעלע
ממשות, וואָס זאָל ניט שטאַמען פון דער ערד און פון די רייכ־
קייטען, וואָס ליגען אין איהר. ראַפאַעלס סיקסטינישע מאַדאָנאַ,
דאָס הייליגסטע הימעלסטע בילד פון דער וועלט, האָט אין זיך
לייוועגט, וואָס שטאַמט פון ליינזוימען אָדער פלאַנצען, וואָס פון
זיי האָט מען אויסגעוועבט דעם לייוועגט, אויף וועלכען מען האָט
געמאָלט דאָס בילד; עס האָט פ אַ ר ב ע ן, און איז געמאָלט
געוואָרען מיט אַ פּענזעל. דאָס גאַנצע מאַטעריאַל פון אונזער
רייכקייט שטאַמט פון דער ערד. דערנאָך דאַרף מען האָבען די
מענשליכע אַ ר ב י י ט ס ־ ק ר אַ פ ט, פּשוטו כמשמעו, די מענש־
ליכע הענד מיט די פינגער מיט די מוסקעלען, וואָס זאָלען פאָלגען
דעם מענשליכען שכל אַרויסברייננגען אַלע בעוועגונגען, כדי צו דער־
גרייכען דעם שכל'ס ציעל. און דערנאָך, זינט דער מענשליכער
שכל האָט אויסגעלערנט דעם מענשען צו אַרבייטען ניט מיט הוילע
פינף פינגער, נאָר מיט קונציגע געצייג און מאַשינען, מוז מען האָ־
בען, דריטענס, פ ר אָ ד ו ק צ י אָ נ ס ־ ג ע צ י י ג. ערד, מענש־
ליכע אַרבייטס־קראַפט, פּראָדוקציאָנס־געצייג זענען די דריי
מלאָכים, וואָס ברייננגען אַרויס כל הגוטס שבעולם.

אין די פריהערדיגע צייטען האָבען זיי אַלע אין איינעם גע־
הערט דעם מענשען, דעם בעל הבית פון זיין אייגענער אַרבייטס־
קראַפט, ד. ה. דעם אַרבייטער; און אַלץ, וואָס ער פלעגט בעקו־
מען פון דער אַרבייט, האָט געהערט איהם, איז געווען זיינע; שפּע־
טער, דורך סבות, וואָס איז ניט היינט אונזער דאגה צו דערקלערען,
זענען צוויי מלאָכים אַוועקגעפלויגען, איבערלאָזענדיג איהם זיין
אַרבייטס־קראַפט און די הוילע פינף פינגער, מיט וועלכע ער איז ניט
ביכולת איבערצולעבען איין טאָג אָהן קרקע און אָהן פּראָדוקציאָנס־
געצייג... ער איז געניטיגט אָנצוקומען צו די, וואָס האָבען אין
זייער רשות די ערד אָדער די נויטיגע כלים צו בעאַרבייטען זי און

די פּראָדוקטען, וואָס דער מענש רייסט פון איהר ארויס. צוריק נויטיגען זיי זיך אין איהם, וואָס בעלעבט מיט זיין ארבייטס־קראַפט די נאַטור און די געציייג און טרייבט אַלע רעדער פון דער פּראָדוק־ציאָן.

קוקט מען פון אויבען־אויף אויף דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט, קען אויסדוכטען, אז די בעלי־בתים פון דער ערד, אָדער די לענדלאָרדס, די בעלי־בתים פון די געווערק־צייג, אָדער די קאַפּיטאַליסטען, און די בעלי־בתים פון דער ארבייטס־קראַפט, אָדער די פּראָלעטאַריער, אז די דריי קלאַ־סען זענען נאַטירליכע, שטענדיגע שותפים אין דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס, וואָס קענען איינע אָן די אַנדערע ניט אויסקומען, וואָס טיילען דערנאָך צווישען זיך אַלע פּראָדוקטען, וואָס זענען אויסגע־ארבייט געוואָרען אין דער געזעלשאַפט. יעדער קלאַס נעהמט זיך זיין חלק: דער לענדלארד, דער בעל הבית פון דער ערד, נעהמט זיין חלק אונטער דעם נאָמען „רענט" אָדער „ראַטע", דער קאַפּי־טאַליסט, דער בעל הבית פון די געוועקצייג און דעם געלד, וואָס מען דאַרף אויף נויטיגע הוצאות, נעהמט זיין חלק אונטער דעם נאָמען „ריוח" אָדער „פּרנסה", און דער ארבייטער בעקומט זיין חלק אונטער דעם נאָמען „לוין" אָדער „שכירות". אין דעם מקח פון יע־דער פּיצעלע סחורה, וואָס געפינט זיך אויפ'ן מארק, איז שוין אריינ־גערעכענט געוואָרען די הוצאות פון רענט, ריוח און לוין.

אַ פּאָר משלים וועלען אונז נאָך מעהר מסביר זיין דעם ענין.

די תבואה, וואָס ווערט אויסגעארבייט אין דאָרף און קומט אויפ'ן מארק, שטאַמט פון בעל־הבת'ישקייטען, וואָס האָבען זעהר פערשידענע סאָציאַלע געשטאַלטען. אַ טייל תבואָה קומט פון דעם פּויערם פעלדער. דער פּויער איז דאָס רוב דער בעל הבית פון זיין אייגענעם פעלד און איז זיין אייגענער ארבייטער. אַ טייל קומט פון דעם פּריץ'ס הויף. ער איז דער בעל הבית פון זיין פעלד און איז זיין אייגענער קאַפּיטאַליסט (אויב ער לייהט ביי קיינעם קיין געלד צו פיהרען זיין בעל־הבת'ישקייט). און אַ טייל תבואה קומט פון דעם רענדאַרס הויף. דער רענדאַר איז דער קאַפּיטאַליסט און מעהר קיין זאַך ניט. ער צאָהלט דעם פּריץ ראַטע אָדער רענט און צאָהלט דעם ארבייטער שכירות אָדער לוין. וואָלט אָבער דער מקח

פון דער תבואה מעהר נישט ארויסגעבראכט, ווי די רענט און דעם לוין, וואָלט קיין רענדאַר ניט דינגען קיין הויף. אין דעם מקח פון דער תבואה דאַרף בלייבען אויך אַ חלק פאַר דעם רענדאַר, דעם קאַפּיטאַליסט: עס דאַרף בלייבען ריוח אָדער פּרנסה. די מקחים אויפ׳ן מאַרק בייטען זיך פון יאָהר צו יאָהר, די חלקים, וואָס יעדער „שותף" בעקומט, שטייגען אָדער פאַלען, אָבער בדרך כלל ארבייט זיך אוים פאַר אַ בעשטימטע צייט און פאַר אַ בעשטימטען אָרט אַזאַ מקח, פון וועלכען אַלע דריי קלאַסען זאָלען קענען בעקומען אַ חלק, ווי גרוים אָדער ווי קליין ער זאָל ניט זיין. אין דעם מקח פון יעדען זעקעל ווייץ אָדער קאָרן קען מען אויסרעכענען, וויפיעל עס פאַלט אוים פון איהם אויף דעם פּריץ׳ס חלק, דעם ארבייטערס חלק און דעם חלק פון דעם קאַפּיטאַליסט. אפילו די מקחים, וואָס דער פּויער בעקומט פון זיין אייגען פעלד דורך זיין אייגענער ארבייט, קען מען אויך פאַנאַנדערשיידען אין דריי חלקים: דעם חלק, וואָס ער בעקומט דערפאַר, ווייל ער איז אַן ארבייטער (די געוועהנליכע שכירות פון אַ הויף־קנעכט), דעם טייל, וואָס ער בעקומט בתור „לענדלאָרד", דערפאַר, וואָס ער איז דער בעל הבית פון זיין אייגען ערד (די געוועהנליכע ראַטע, וואָס ער וואָלט געצאָהלט דעם פּריץ פאַר געדונגענע ערד), און דעם חלק, וואָס איהם בלייבט נאָר בתור ריוח אָדער פּרנסה דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געדאַרפט אויסגע־בען קיין געלד צו דינגען פרעמדע ארבייטער.

און דאָס איז אזוי ניט נאָר אין דער ערד־ארבייט, נאָר אומע־דום, אין אַלע עקאָנאָמישע פּראָצעסען פון דער איצטיגער געזעל־שאַפט. אויך די פּראָדוקטען פון דער שטאָדטישער אינדוסטריע שטעהען אונטער דער מאַכט פון דעם זעלביגען געזעץ. אויך זיי שטאַמען פון בעל־הבית׳שקייטען מיט פערשידענע סאָציאַלע גע־שטאַלטען, אָבער אויך זייערע מקחים שיידען זיך פאַנאַנדער אין רענט, ריוח און לוין.

אַ פאַבריקאַנט, למשל, קויפט איין ציגעל און וואַפּנע און אייזען און האָלץ און שטאָהל און גלאָז צו בויען זיין פאַבריק, און אין יעדען פּיצעלע בוי־מאַטעריאַל האָט ער בעצאָהלט ר ע נ ט צו דעם בעל הבית פון די ערד, פון וואַנען זיי שטאַמען. ער קויפט רויה־מאַטעריאַל, וואָל אָדער ליין אָדער פלאַקס אָדער אַן אַנדער מין,

פון וועלכען זיין פאבריק ארבייט אויס אן אינדוסטריע־פּראָדוקט, און אין יעדען ברעקעלע רויה־מאטעריאל צאָהלט ער קנס אין פאָרם פון רענט דעם בעל־הבית פון דער ערד, פון וואנען דאָס רויה־מאַ־טעריאל שטאמט. ער קויפט ברען־מאטעריאל און לייכט־מאטער־יאל צו בעהייצען און בעלייכטען זיין פאבריק, און ער צאָהלט רענט פאר דעם חלק פריצישע „איינענס“, וואָס שטעקט אין זיי, קיין נפקא מינה ניט, אויב ער צאָהלט דאָס מיד ליד דעם פּריז אָדער ער קויפט מאטעריאלען ביי א דריטען פערזאָן, וואָס האט זיי פריהער געקויפט ביי דעם פּריץ. און אין די מקחים, וואָס ער שטעלט אויף זיין סחורה, מוז ער ארויסשלאָגען ניט נאָר דעם לוין, וואָס ער האט געצאָהלט זיינע ארבייטער, ניט נאָר א טייל ריוח אָדער פרנסה פאר זיך, נאָר אויך די אלע רענטען, וואָס ער האט מיד ליד אָדער דורך א דריטען איבערגעגעבען דעם בעל הבית דער ערד. זעיט א פויער ליין אויף זיין אייגענעם פעלד, שפּינט פון איהם פאָדים און וועבט אויס אויף דעם אייגענעם ווארשטאט לייוועגט, בעקומט ער פאר זיין לייוועגט דעם מקח פון מ א ר ק, אין וועלכען מען האט איהם שוין אריינגערעכענט אלע הוצאות, וואָס א קאפּיטאליסט אויף זיין אָרט וואָלט געדארפט אויסגעבען, כדי צו קויפען דעם ליין ביי דעם פּריץ און כדי צו דינגען ארבייטער, וואָס זאָלען איהם שפּינען און וועבען.

ווי פערשיידען עס זאָלען ניט זיין די סאָציאלע געשטאלטען פון די בעלי־בית'שקייטען, וואָס שיקען ארויס זייערע סחורות אויפ'ן מארק — דאָרטען, אויפ'ן מארק גופא, גלייכען זיך אויס זייערע מקחים און גיסען זיך צונויף אין איין באסיין, פון וועלכען עס פלי־סען ארויס דריי שטראָמען: דער בלאָהער שטראָם פון רענט (ווייל הימעל־בלאָה איז די פארב פון דעם אדעל, וואָס האט א לאנגע צייט געמיינט, אז אין זיינע אָדערען פליסט בלאָהע בלוט), דער גע־לער שטראָם פון ריוח (ווייל געל איז די פארב פון דעם סוחר'ס אָב־גאָט, — דאָס גאָלד), און דער רויטער שטראָם פון לוין־ארבייט. און דער בלאָהער שטראָם פליסט אין דאָס בייטעל פון די בעלי־בתים אויף ערד, דער געלער שטראָם אין די אייזערנע שרענק פון דעם קאפּיטאליסט און דער רויטער שטראָם — אין די לעבערדיגע טאשען פון די ארבייטער.

אָט די דריי שטראָמען : רענט, ריוח, לוין זענען די דריי חיונה־קוואַלען פון די דריי קלאַסען ; לאַנד־בעזיצער, סוחרים און פּראָלעטאַריער. מיט זייערע סאָציאַל־פּאָליטישע פּאַהנען אין די הענד שטעהען זיי האַרט ביי די מקורים פון זייער חיונה, האַרט לעבען די קוואַלען, פון וועלכען זיי שעפּען זייער לעבען. דאָרטען איז זייער שטאַנדפּונקט, זייער טבור האָרץ, פון וועלכען זיי קוקען אויף דער וועלט און אויף די מענשהייט. און די פּאַנאָראַמע, וואָס איטליכער פון זיי זעהט, איז אַזוי פערשיידען פון דער אַנדערער, ווי עס איז פערשיידען איין שטאַנד־פּונקט פון דעם אַנדערען.

## 4

## דער קלאַסענקאַמפּף פון דער בורזשואַזיע.

און די דריי „שותפים" קעמפּפען איינער מיט דעם אַנדערען זייער היסטאָרישען קלאַסענקאַמפּף...

און דער פּראָפעסאָר געהט אַרויס אויפ'ן מאַרק, האַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ און שרייט : חי וקים ! דריי „שותפים", פון דער נאַטור צונויפגעבונדען אַזוי, אַז זיי קענען איינער אָהן דעם אַנדערען ניט אויסקומען, זאָלען וועלען איינער דעם אַנדערען איבערבייסען דעם גאָרגעל" ! און ער לויפט צוריק אין זיין קאַבינעט און זעצט זיך אַוועק, און רעכענט, און רעכענט, און רעכענט אויס, וויפיעל עס דאַרף „על פּי יושר" קומען דעם בעל הבית פון דער קרקע, ווי גרויס עס דאַרף „על פּי יושר" זיין דער חלק פון ריוח פאַר דעם קאַפּיטאַליסט און וואָס דאַרף „על פּי יושר" פאָדערען דער אַרבייטער פאַר זיין לוין. און ער לויפט ווידער מיט שמחה אויפ'ן מאַרק מיט דעם פּראָיעקט פון אייביגען שלום פאַר די קלאַסען אין די הענד, אָבער די קלאַסען הערען איהם ניט, זיי זענען צו שטאַרק פערנומען מיט זייער קאַמפּף. זיי זעהען איהם ניט, זייערע אויגען האָבען זיך אַריינגעגעסען אין דעם גאַנג פון דעם לעבען, וואָס שפּינט זיין ניט גאָר רייגעם, ניט גאָר כשר'ן פאָדעם גאָרניט נאָך דעם קלוגען חשבון פון דעם געלערנטען בעל־ישרן... און דער פּראָפעסאָר שרייט ווידער : „חי וקים !"

דער קלאַס פון די לאַנדבעזיצער שטעהט האַרט ביי דעם מקור פון זיין חיונה, דעם בלאָהען שטראָם פון רענט, און טראַכט זיין קלאַסען־געדאַנק, וואָס דרעהט זיך אַרום איין פּונקט : ווי מאַכט מען, אַז אין די קעפּ און אין די הערצער פון דער מענשהייט זאָל אייביג זיין הייליג דער פּרינציפּ פון „מיין און דיין" ניט נאָר אויף די פּראָדוקטען, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען פון מענשליכע הענד, נאָר אויך אויף דער קרקע, וואָס איז פון קיינעם ניט בעשאַפען געוואָרען, וואָס איז אין די אוראַלטע צייטען צוטיילט געוואָרען מיט דער מאַכט פון דעם שווערד? ווי מאַכט מען, אַז דער שטראָם פון רענט, וואָס פליסט פון דעם הייליגען אייגענטומס־פּרינציפּ אויף קרקע, זאָל קיינמאָל ניט אויסטריקענען, זאָל ווערען פון מאָל צו מאָל אַלץ טיעפער און ברייטער ? אַ גאַנץ בעזונדער סדר פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען איז נויטיג דערצו. מען מוז זיך אַריינמישען אין אַלע ווינקעלעך פון דעם לעבען, כדי אויסצור־רייסען פון דאָרטען אַלע גיפטיגע פּלאַנצען, וואָס קענען פער'סמ'ען דעם הייליגען „מיין־און־דיין"־פּרינציפּ אויף קרקע, אָדער קענען מאַ־כען ענגער און פלאַכער דעם בלאָהען שטראָם פון רענט. מען מוז זעהן, אַז די פּ אָ ל י ט י ש ע מ אַ כ ט, די גאַנצע מלוכה זאָל זיך געפינען אין די הענד פון די לאַנד־בעזיצער אָדער אין די הענד פון די, וואָס פערטיידיגען דעם לאַנד־בעזיצערס אינטערעסען פאַר אַ גוטע „מתנת־יד". דער לאַנד־בעזיצער דאַרף זיין און בלייבען דער מיוחס אין לאַנד, אַלץ, וואָס די געזעלשאַפט טהוט, דאַרף זיין דורכ־געווייקט מיט זיין פּרינציפּ. זיין פּרינציפּ — די רענט — דאַרף זיין דאָס הערשענדע אין לאַנד. די אָבצאָהלונגען אין לאַנד און די צינזען אויף די פון אויסלאַנד אַריינגעפיהרטע סחורות דאַרפען זיין אַזעלכע, וואָס זאָלען גרינגער מאַכען דעם פּריז'ס לאַגע : די געזעצען דאַרפען זיין אַזעלכע, וואָס זאָלען אַרויסרופען אין דער בעפעל־קערונג אַ הייסהונגער נאָך קרקע, נאָך מעהר קרקע, וואָס איז אין ז י י ן רשות, כדי די רענט זאָל פליהען, ווי אַ פייל פון בויגען, אין דער הויך. מיט שנאה און קנאה קוקט דער פּריץ אויף די וואַק־סענדע בליהענדע שטעדט, וואו די פאַבריק בעפרייט דעם פּויער פון זיין הונגער צו קרקע, וואו זי גיט איהם חיונה אויף אַזאַ אופן, ער זאָל ניט דאַרפען אָנקומען צו דעם פּריץ'ס גענאָד, און מאַכט

איהם צולאָזען אַזוי, אַז עס איז דערנאָך שווער ווידער איינצושפּאַנען איהם אין יאָך...

דער הערשענדער קלאַס אין לאַנד דאַרף זיין דער לאַנד־בעזי־צער, דער וואָס לעבט פון ר ע נ ט, ד. ה. פון גאָר נישט טהאָן, דער וואָס דאַרף דעריבער ניט בעשמוצען זיינע הענד מיט ארבייט און זיין מוח מיט שאַכער־מאַכער, דער וואָס קען דעריבער פריי אויס־ארבייטען יענע שעהנע פאָרמען פון לעבען, יענע טיעפע געפיהלען, יענע שעהנע בלומען פון ליעבע און פּאָעזיע, וואָס ווערען פערוועלקט אין דעם רויכיגען הייזעל פון דעם פויער, דעם שטויביגען ווארשטאַט פון דעם בעל־מלאָכה, דעם דומפּען שטאַל פון דער פאַבריק, דעם טרוקענעם ביוראָ פון דעם קאָנטאָר. אויב דער מענש איז די קרוין פון דער נאַטור, איז דער פריץ די שפּיץ פון דער קרוין, דער לעצ־טער תכלית, צו וועלכען עס שטרעבט אַלץ, וואָס איז בעשאַפען, און אַלץ איז בעשאַפען געוואָרען, כדי איהם צו דינען, כדי איהם לייכ־טער צו מאַכען דאָס לעבען, ווענעם יעדע רגע איז אַ שיר, אַ לויב־געזאַנג צו זיין ליעבען נאָמען. דער פּריץ צאָהלט פאַר די דינסט, וואָס די געזעלשאַפט דערוויזט איהם, שוין גאַנץ גענוג מיט דעם, וואָס ער נעהמט אויף זיך די טרחה, צו פיהרען די גאַנצע בעל־הבית'שקייט פון דער מלוכה, אוועקגעבענדיג זיינע זיהן פאַר אָפּי־צערען און גענעראַלען אין דער אַרמעע, פאַר דיפּלאָמאַטען, וואָס פערטיידיגען די אינטערעסען פון דעם פאָטערלאַנד אין די צייט פון פריעדען, פאַר מיניסטאָרען און גובערנאַטאָרען, וואָס האַלטען אויף דעם פריעדען אין לאַנד. און אַ מתנה שענקט ער דער וועלט מיט דעם, וואָס ער א י ז, וואָס ער געהט אום אין איהר, וואָס האָט געאַדעלט די נאַטור בעשאַפענדיג אַן אַדעל.

און נאָך טויזענדערליי אַנדערע געדאַנקען טראָגען זיך אַרום אין זיין קאָפּ. בעת ער שטעהט, אָנגעלעהנט אויף זיין שווערד, האַרט לעבען דעם בלאָהען שטראָם פון רענט.

און האַרט נעבען דעם געלען שטראָם פון ריוח שטעהט מיט דעם קאָנטאָ־בוך אונטער'ן אָרעם, מיט דער אייל אין דער האַנד, דער סוחר און בעטראַכט די וועלט פון זיין שטאַנד־פונקט און שפּינט אויס זיין קלאַסען־פּאָליטיק.

אויך פאַר איהם איז דער עיקר — אָבהיטען דעם געלען

שטראָם, ער זאָל ניט אויסטריקענען חס ושלום, קעמפּפען פאַר אזא סדר אין דער געזעלשאַפט, אין וועלכען עס זאָל זיין מעגליך צו פערדינען ר י ו ח. דאָס אייגענטומס־פּרינציפּ דאַרף זיין הייליג און מוז אָבגעהיט ווערען מיט אַלע מיטלען אין דער וועלט. אָבער וואָס פאַר אַנ׳אייגענטומס־פּרינציפּ? קען מען באמת אָנרופען „אייגענטום“ דאָס, וואָס מען האָט אָבגענומען מיט געוואַלד, מיט׳ן שווערד און מיט׳ן ביקס און צוטיילט אָהן יושר און אָהן רחמנות צווישען די טעלער־לעקער פון דער מיליטערישער מאַכט? דאָס איז ניט אייגענטום, דאָס איז פּשוט רציחה! אייגענטום איז דאָס, וואָס געהערט מ י ר, וואָס איז ארויסגערופען געוואָרען אין לעבען דורך מ י י ן שכל, מ י י ן איינפאַל, מ י י ן ענערגיע אָדער דאָס, וואָס איך האָב פריי, מיט דעם אַנדערנס אייגענעם ווילען, בעקומען פון דעם אַנדערן, בירושה, במתנה, אָדער, אין אַ בייט פאַר מיינער אַ זאַך אין אַ משאָ ומתן פאַר מ י י ן געלד. אָט דאָס איז דער פונדאַמענט, אויף וועלכען עס דאַרף זיין אויפגעבויט די געזעלשאַפט. דער פרייער קאַמף צווישען פרייע מענשען רופט ארויס אין זיי אַלע זייערע מעלות און השלמות, שטרענגט אָן זייערע נערוועז, האַלט זיי שטענדיג אין אַ מדרגה פון אויפגעוואַכטער ענערגיע, שאַרפט זייערע מחות, שטאַרקט זייער ווילען. אונטער׳ן בייטש פון הונגער און געהעריגען דאַרשט נאָך רייכקייט, נאָך מעהר געלד, קאָכט און רודערט אין דער מענשליכער וועלטעל. די וואָס זענען נאָר וואָס געוועזען אונטען, פראַלען ארויף דורך דעם כח פון זייער שטאָלענער ענערגיע צו דעם העכסטען שטאַפּעל פון רייכקייט און מאַכט איבער די קעפּ פון די פערשלאָפענע, פוילע, פערגנעצטע. און אין זייערע הענד ליגט דער שליסעל פון דעם אַלמענשליכען פּראָגרעס: זיי טרייבען אָן די וויסענשאַפט, זי זאָל אויספאָרשען די נאַטור און געפינען די מיטלען, ווי בעסער צו בעהערשען זי. זיי בויען און שיקען ארוים די גרויסע ים לויתנ׳ס — די דאַמפּפשיפען אריבערצופיהרען מענשען און סחורות פון איין עק וועלט אין דעם אַנדערן, זיי פיהרען אריין אייזענבאַהנען, טעלעגראַפען, טעלעפאָנען — צו פערבינדען די לענדער און די פעלקער פון דער וועלט צו איין איינציגער גרויסער משפחה, זיי, די קאַפּיטאַליסטען, דורך דער צויבערקראַפט, וואָס זיי גיט דער געלער שטראָם, דער ריוח. **אויב**

די מענשען זענען די קרוין פון דער נאַטור, זענען די סוחר׳ישע קאַפּיטאַליסטען — די שפּיץ פון דער קרוין. דער הערשענדער קלאַס אין לאַנד דאַרף זיין דער קלאַס פון די קאַפּיטאַליסטען. זייערע אינטערעסען, ד. ה. די אינטערעסען פון דעם אַלמענשליכען פּראָגרעס און ציוויליזאַציאָן דאַרפען שטעהן העכער פאַר אַלץ אין די אויגען פון דעם געזעצגעבער. מען דאַרף פונאַנדעררייסען אַלע צוימען, וועלכע די אַלטע, איינגעשלעפערטע וועלט האָט אַוועקגעשטעלט צווישען מענש און מענש; דורך דעם ליאַרם פון אייזען, דאַמפּף און עלעקטריציטעט דאַרף מען פונאַנדערטרייסלען דאָס גאַנצע לאַנד, מיט שטורם אויפוועקען אַלע איהרע פערשלומערטע כחות. דאָס קען טהאָן מעהר נישט ווי דער קאַפּיטאַליזם, אָנגעטריבען דורך דעם דאָרשט נאָך ריוח. דער קאַפּיטאַליסט דאַרף דעריבער זיין דער מיוחס, דער בעל־הבית פון דעם פּאָליטישען לעבען, דער בעל דעה אין לאַנד. אויף וואָסער פּייער דאַרף מען דעם פּריץ! וואָס טהוט ער אויף פאַר דער וועלט, פאַר וואָס קומט איהם א טייל פון דעם רייכקייט, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען ניט פון איהם, נור פון „אונז", ד. ה., פון דעם קאַפּיטאַליסט און דעם ארבייטער? ריוח און לוין זענען גערעכטע קוואַלען פון דעם לעבען. יעדע ארבייט דאַרף האָבען איהר לוין, יעדער עסק — זיין פּערדינסט, רענט איז אַן איבעריגע הוצאָה, א לאַסט אויף די אַקסלען פון די ארבייטער, א פּרעמיע דעם זולל וסובא פאַר גאָר נישט טהאָן...

און מיט רעוואָלוציאָנערע בליקען קוקט ער אויף דעם אדעל, דעם בעל הבית פון דער אַלטער וועלט, און רייצט אויף איהם אָן דעם מאַן מיט דעם האַמער, ער זאָל צושלאָגען אויף פּיצלעך דאָס אַלטע, פוילע געביי. יעמאָלט, ווען עס וועט קיין זכר ניט בלייבען פון דעם אַלטען, ווען דער פּרינציפּ פון ריוח און פרייער קאָנקורענץ וועט ווערען דער גאָט פון דער וועלט, יעמאָלט וועט דער סוחר, זיין כהן גדול, ממילא ווערען איהר בעל הבית.

און אויך הארט נעבען דעם לעבענס־שטראָם פון דריטען קלאַס, נעבען דעם רויטען שטראָם פון לוין, שטעהט אין א לעדערנעם פאַרטוך דער ארבייטער, מיט דעם האַמער אין די הוילע מוסקולעזע הענד. אויך אין זיין קאָפּ טראָגען זיך ארום וועלטען פון געדאַנ־

קען, גערדאַנקען מכח וועלטען, אַנגע'סוד'עט פון דעם לעבענס־שטראָם, ביי וועלכען ער שטעהט...

זענען זיינע געדאַנקען אויפגעבויט נאָך דעם זעלבינען כלל, ווי די געדאַנקען פון די אַנדערע צוויי הערשענדע קלאַסען?

יעדער קלאַס קעמפפט דערפאַר, זיין מקור חיונה זאָל ניט ווערען פערשאָטען, נאָר אדרבה אויסנעטיפט און אָנגעפילט מיט דעם טייערען לעבענסזאַפט ביז אריבער די ברעגען. וויל דאָס אויך דער פּראָלעטאריער?

יעדער קלאַס זעהט, אַז זיין לעבענספּרינציפּ זאָל זיין דער לעבענספּרינציפּ פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. דער אדעל טענה'ט, דאָס דאַרף זיין די רענט, דער בורזשוא טענה'ט, דאָס דאַרף זיין דער ריוח. וויל דאָס זעלבינע אויך דער פּראָלעטאריער, מעהר נישט מיט דעם חלוק, אַז וואו זיי זאָגען רענט אָדער ריוח, זאָגט ער „לו" מיט א "יוד" און א „נון": ל ו י ן.

יעדער קלאַס וויל, ער זאָל זיין דער מיוחס און דער בעל־דעה אין דעם לאַנד, ער זאָל זיין דער הערשענדער קלאַס, און די אַנדערע זאָלען זיין די בעהערשטע. וויל אויך דער פּראָלעטאריער, אַז דאָס פּראָלעטאריאַט זאָל זיין דער הערשענדער קלאַס און דער אדעל און די בורזשואזיע זאָלען זיין די בעהערשטע?

אין פלוג — פאַר וואָס ניט? פאַר וואָס זאָל דעם פּראָלעטאריערס סאָציאַל־פּאָליטישער קלאַסענשטאַנדפּונקט זיין פון אַן אַנדער מהות, ווי דער שטאַנדפּונקט פון אַלע אַנדערע קלאַסען? איז דער קלאַסענשטאַנדפּונקט פון דעם אדעל — די רענט, פון דער בורזשואזיע — דער ריוח, פון דעם פּראָלעטאריאַט — די לוין־ארבייט, פאַר וואָס זאָל ער ניט וועלען, אַז זיין לעבענס פּרינציפּ, די לוין־ארבייט, זאָל שפּיעלען די גרעסטע ראָלע אין דער געזעלשאַפט, אַז דער טייל רייכקייט, וואָס פאַלט אוים אויף איהר חלק זאָל זיין לפי־ערך דער גרעסטער, אַז די ראָלע פון דעם פּראָלעטאריאַט אין דעם פּאָליטישען און סאָציאַלען לעבען זאָל זיין לפי ערך די וויכטיגסטע?

אין פלוג איז צווישען דעם פּראָלעטאריאַט און די צוויי אַנדערע קלאַסען גאָר קיין שום חילוק ניטאָ. דער פּראָלעטאריער לעבט פון לוין־ארבייט. לוין־ארבייט איז זיין לעבענס־פּרינציפּ, דער שטאַנדפּונקט פון זיין קלאַס. ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס

ער טרוימט און קעמפפט פאר א געזעלשאפטליכע וועלט, אין וועל־
כער די אינטערעסען פון לוין־ארבייט זאלען פערנעהמען דעם גרעס־
טען פלאץ. קודם כל דארף ער האבען א געזעלשאפט, אין וועלכער
עס זאל זיין א בעל הבית, וואס זאל איהם געבען ארבייט, פאר וועל־
כע ער זאל קענען בעקומען לוין. דערנאך וויל ער אזעלכע געזעצען,
וואס זאלען איהם געבען די מעגליכקייט צו קעמפפען פאר מ ע ה ר
לוין, וואס מעהר לוין, פאר וועניגער ארבייט, אונטער די בעסטע בע־
דינגונגען, אין הויכע, לופטיגע, ליכטיגע פאבריקען. בלייבט ער
אהן ארבייט, דארף מען זעהן, די געזעלשאפט זאל מודה זיין, אז ער
האט א ר ע כ ט א ו י ף א ר ב י י ט. זאל מען גראבען שאסעען און
קאנאלען, בויען אייזענבאהנען און בריקען, כדי דער פראלעטאריער
זאל קענען בעקומען, וואו צו ארבייטען, פאר וואס צו בעקומען לוין.
ער ווערט אלט און שוואך און קען ניט ארבייטען, — זאל מען איהם
פערוואהרענען דורך א געזעץ א פענסיע אויף דעם פאל, ווען ער
ווערט אלט אדער קראנק. זיינע יונגע קינדער און זיין פרוי מאכען
איהם גופא קאנקורענץ אויפ׳ן ארבייטס־מארק, — זאל מען ארויס־
לאזען א געזעץ, וואס בעגרענצט די קינדער־און פרויען־ארבייט, וואס
שאפט זי אין גאנצען אב.

און צוליעב אלע אזעלכע געזעצען און תקנות דארף דער לוין־
ארבייטער ארגאניזירען זיך אין א פאליטישער פארטיי, וואס זאל
פיהרען אויף דעם פעלד פון דעם געזעץ זיין קלאסענקאמפף מיט די
הערשענדע קלאסען, וואס זאל סוף כל סוף פערחאפען די גאנצע פא־
ליטישע מאכט אין איהרע הענד, וואס זאל מאכען די לוין־ארבייט
פאר דעם לעבענספרינציפּ פון דער געזעלשאפט, דעם לוין־ארבייטער
פאר דעם בעל הבית אין דער מדינה, כדי ער זאל קענען דורכפיה־
רען אלע פאר זיין קלאס נויטיגע געזעצען, וועלכע מיר האבען נאר
וואס דערמאהנט.

אין פלוג איז דאס געוויס אזוי. קוקט מען זיך אבער נעהנטער
צו, בעמערקט מען אויפ׳ן שטעל א מאוימ׳דיג גרויסען חלוק צווישען
דעם קלאסענקאמפף פון די צוויי הערשענדע קלאסען און דעם קלא־
סענקאמפף פון דעם אונטערדריקטען פראלעטאריאט.

.5

## דער קלאַסענקאַמפּף פון דעם פּראָלעטאַריאַט

יעדער פון די דריי „שותפ'ישע" קלאַסען וויל, אז זיין מקור חיונה, דער שטראָם פון זיין לעבענס־זאַפט זאָל זיין דער טיעפסטער, דער ברייטסטער און פולסטער. דער לאַנדבעזיצענדער אדעל וואָלט בלי ספק געוואָלט — און וויל בפועל ממש — אז דער טייל רייכקייט, וואָס קומט אוים אויף דעם חלק פון רענט, זאָל שטענדיג וואַקסען, זאָל ווערען אלץ גרעסער און גרעסער, דאָס זעלבע וויל דער סוחר מיט דעם ריוח, דער פּראָלעטאַריאַט מיט דעם לוין.

וויל אָבער, למשל, דער אדעל, אז זיין חלק, די רענט, זאָל איינשלינגען אין זיך אַלע אַנדערע חלקים? וויל ער לגמרי פערטיליגען דורך זיין קלאַסענקאַמפּף דעם קלאַס פון די סוחרים און דעם קלאַס פון די ארבייטער? ניין, אזא רוצח איז ער ניט. ווער רעדט בנוגע צו דעם ארבייטער, לאָזט ער גאָר אין חלום ניט צו, אז די רענט זאָל איינשלינגען דעם לוין, אז דער אדעל זאָל איינשליגען דעם ארבייטער... אָהן דעם ארבייטער קען ניט זיין קיין עקאָנאָמישער לעבען, טריקענט אויפ'ן שטעל אוים דער קוואל פון רענט. אפילו וואָס איז שייך צו דעם סוחר'ישען קלאַס, פערשטעהט דער פּריץ גאַנץ גוט, אז די געזעלשאַפט קען איצטער ניט אויסקומען אָהן האנדעל און אינדוסטריע, פאַר וועלכע ער, דער פּריץ, וויל זיך ניט נעהמען, און אז ממילא מוז זיין אַ שטראָם פון ריוח, וואָס זאָל פליסען אין די אייזערנע געלד־שרענק פון דעם קאַפּיטאַליסט. איהם אַרט ניט, אז אַ טייל ריוח זאָל איבערגעהן צו די ארבייטער אין דער פאָרם פון לוין. ער איז בטבע פאַר אַ גוטע ארבייטער־געזעצגעבונג אין דער שטאָדטישער אינדוסטריע, אָבער ביז צו אַ געוויסען גרענעץ. דעם ריוח לגמרי פערשווינדען וועט ער ניט דערלאָזען. ער פיהרט אַקעגען די צוויי אַנדערע קלאַסען ניט אַ **פּערטיליגונגס־קאַמפּף**, נור אַ **בעהערשונגס־קאַמפּף**.

וויל אפשר דער סוחריש־קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, די גאַנצע געזעלשאַפטליכע רייכקייט זאָל אוועקגעגעבען ווערען איהם אין דער

פאָרם פון ריוח ? אויך ניט ! ער איז מעהר אכזר, ניט אזוי איידעל ווי דער אדעל, האָט אָבער נאָך אַ פונק פון „ואהבת“ אין הארצען. זיין קלאַסענקאמפּף איז אַ פּ ע ר ט י ל י ג ו נ ג ס ־ ק אַ מ פּ ף, אָבער נור בנוגע צו דעם אדעל. רענט וואָלט ער וועלען איינשלינגען אין גאַנצען, אָבער בנוגע צו דעם לוין בייט זיך אין גאַנצען זיין נאַטור. ער וואָלט וועלען צאָהלען וואָס ווענינער, איהם זאָל בלייבען וואָס מעהר, אָבער גאָר נישט צאָהלען לוינט נישט, אָהן ארבייטער קען מען ניט אויסקומען, און וואו עס לוינט ניט צו פיהרען אַ פּערטי־ ליגונגס־קאַמפּף, פיהרט מען אַ ב ע ה ע ר ש ו נ ג ס ־ ק אַ מ פּ ף. דעם ארבייטער ווילעןביידע קלאַסען ניט פערטיליגען, נור בעהער־ שען. זיי ווילען ניט, דער רויטער שטראָם זאָל אויפהערען צו פלי־ סען, זיי ווילען מעהר נישט, עס זאָל פליסען אויף די רעדער פון זייערע מיהלען.

פערטיליגען דעם ארבייטער איז אַ זאַך, וואָס קען אין דער מציאות ניט זיין, ווייל אָהן ארבייטער קען ניט לעבען ניט דער פּריץ, ניט דער קאַפּיטאַליסט. קען אָבער דאָס פּראָלעטאַריאַט פיה־ רען אַ בעהערשונגס־קאַמפּף אנטקעגען דעם אדעל און דער בורזשואַ־ זיע ? וואָס הייסט : בעהערשען ? בעהערשען אַ קלאַס הייסט — צווינגען איהם, ער זאָל בלייבען אין די זעלביגע תנאים פון זיין לעבען, נאָר זעהן ארויסציהען פון זיין לעבענסלאַגע וואָס מעהר טובות פאַר זיך. אין גאַנצען איבערשניידען זיין לעבענס־נערוו הייסט ניט בעהערשען, נור פערטיליגען. ווייל דאָס פּראָלעטאַריאַט צווינגען דעם אדעל, ער זאָל בלייבען אין דער לאַגע, וואָס ברייננט איהם רענט, צווינגען די בורזשואַזיע, זי זאָל בלייבען אין דער לאַגע, וואָס ברייננט איהר ריוח ? מען צווינגט ניט צו דעם, וואָס דאָס הארץ גלוסט... כל זמן דער פּראָלעטאַריער האַלט, אז עס מוז זיין אַ פּריץ, אַז עס מוז זיין אַ בעל הבית, וואָס זאָל איהם געבען ארבייט, קען ער קעמפּפען מעהר נישט, ווי פאַר די אָבשוואַכונג פון זייער הער־ שאַפט איבער איהם, ניט אָבער פאַר דער בעהערשונג פון זיי.

בעהערשען דעם פּריץ און דעם סוחר ! דאָס פּראָלעטאַריאַט זאָל ווערען דער הערשענדער קלאַס אין דער געזעלשאַפט ! איז דאָס מעגליך אין אַ מציאות ?

...אין אַ מאַרמאָרנעם פּאַלאַץ וואוינט דער פּראָלעטאַריער,

וואָס האָט מנצח געווען אין זיין קלאַסענקאַמפּף דעם פּריץ און דעם סוחר. אָט וואַכט ער אויף אין דער פריה, און פערגינט זיך דעם נחת, צו וואַלגערען זיך נאָך א ווײַלע אין זיין ווייכען, ווארעמען בעט. ער שטעהט אויף, מען דערלאַנגט איהם זיסע קאַווע מיט פּלעצלעך מיט כל המיני פיינע געבעקס. אָבגעגעסען, געהט ער אין זיין קאַבינעט. זיין פּריוואַט־סעקרעטאַר מעלדעט איהם, אז אונ־טען אין גאַסטצימער ווארטען שוין א סך קליינע און מיטעלע פּריצים און פאַבריקאַנטען, וואָס זענען געקומען דורכרעדען זיך וועגען אר־בייט ביי זיי, און דערלאַנגט איהם די היינט אָנגעקומענע פּאָסט. אין איין בריעף מאַכט איהם פריינדליכע תרעומות דער קניאז אום־טריצין, פאַר וואָס ער לאָזט זיך אזוי לאַנג ניט בליקען ביי איהם, גיט איהם פערשטעלטערהייד צו פערשטעהן, אז זיין טעכטעריל, מערי, ווערט אומעדיגליך אָהן איהם, און לאַדט איהם איין צו דעם היינטיגען באַל. „מערי, טראַכט ער לייענענדיג, מיט א ווארעם גע־וואָרענע הארץ, ווארפט שוין לאַנג אויגעלעך אויף מיר און מאַכט מיר חנ׳דעלעך. זי איז א וואויל קינד. עס קען ווערען א שידוך. ניט צוליעב דעם נדן, — איך האָב גאָט צו דאַנקען גענוג, — נאָר צוליעב דעם יחוס פון דער משפחה און צוליעב דעם וואוילען קינד"... דער פאַבריקאַנט, הערר שינדערמאַן, שרייבט איהם, אז ער האָט נאָר וואָס אויפגעבויט א גאַנץ נייע פאַבריק, מיט זאַלען גאָר א פראַכט, מיט נייע וועבשטוהלען, וואָס זענען נאָך ביי קיינעם אזעלכע ניטאָ — א חיות אָנצוקוקען. ער בעט איהם, ער זאָל איהם אָנטהאָן דעם כבוד און אריינטרעטען צו איהם, שפּיעלען ביי איהם אביסעל מיט די פינגערלעך אויף זיינע נייע וועבשטוהלען. וועגען מקחים איז ניטאָ וואָס צו רעדען, ער ווייס, ווי צו שעצען די היילינע לוין־אר־בייט... דער גראַף שאַמפּאַנסקי שרייבט איהם, אז דער שניי איז שוין אראָב פון די פעלדער און, היות ער האָט אויסגעשריבען פון ענגלאַנד נאָר שפּאָגעל נייע לאָקאָמאָבילען, נעהמט ער אויף זיך די העזה, פאָרצושלאָגען איהם, ער זאָל מיט זיי בעארבייטען זיין פעלד... „וואָס?" טראַכט ברוגז דער יונגער פּראָלעטאַריער, „גראַף שאַמ־פּאַנסקי! דער אַלטער אריסטאָקראַט, וואָס האָט א פּראָלעטאַריער קיין מאָל ניט איינגעלאַדען צו זיך אין שטוב? ביי דעם מהות מענשען ארבייט איך ניט. זאָל ער זיך ווענדען צו די פּראָלעטאַ־

ריער, וואָס האָבען ניט אַזוי פיעל עהרענגעפיהל און שפּיעלען מיט איהם אין איין קלוב..." און ער הייסט געבען די קליינע און מי־טעלע פּריצים׳לעך און פאבריקאנטלעך, וואָס ווארטען אויף איהם אונטען, אין קארק אריין, אָנשרייבען דעם גראף שאמפאנסקי אָן איידעלען אָבזאָג, בעשטעלען אַ שעהנעם בוקעט בלומען דער קנאַיזש־נע מערי אוסטריצין און איינשפאנען דעם פאיעטאָן. ארבייטען איז ער היינט ניט אויפגעראַמט, אָבער אריבערפאָהרען אַ קוק טהאָן די נייע וועבשטוהלען אין שינדערמאנס נייער פאבריק איז ער אַ בעלן...

מען דארף מעהר נישט, ווי אָנקוקען דאָס נאָר וואָס אָנגעמאָלטע בילד, „דער נצחון פון דער לוין־ארבייט", כדי תיכף איינצוזעהען, אַז דער נצחון קען ניט בעשטעהן אין דער בעהערשונג פון קניאַז אוסטריצין, גראף שאמפאנסקי און פאבריקאנט שינדערמאַן. כל זמן עס וועלען זיין קלאסען, וואָס לעבען פון רענט און ריוח, קען דאָס פּראָלעטאַריאַט קעמפפען מעהר נישט ווי פאר די אָבשוואכונג פון זייער הערשאפט איבער איהם. קען ער אָבער ניט פיהרען אַ בעהערשונגס־קאמפף אַנטקעגען זיי, און וויל ער אַליין ניט זיין קיין בעהערשטער, מוז ער פיהרען אַנטקעגען ביידע קלאסען, וואָס שטעהען איבער איהם, אַנ׳עקאָנאָמישען פערטיליגונגס־קאמפף. און עקאָנאָמיש פערטיליגען זיי איז אַ זאַך, וואָס געהט ניט להיפך צו דער מציאות. דאָס עקאָנאָמישע לעבען, דאָס בע־שאפען פון רייכקייט פאר דער גאַנצער געזעלשאפט קען אויסקומען אָהן אַ לאנד־בעזיצער און אָהן אַ סוחר, דער רויטער שטראָם פון לוין־ארבייט קען איינשלינגען אין זיך דעם בלאָהען און געלען שטראָם פון רענט און ריוח. ס׳איז געוועזען אַ צייט אין דעם לעבען פון דער געזעלשאפט, ווען פון רענט און ריוח איז נאָך קיין סימן ניט געוועזען, ווען אַלע האָבען געארבייט אינאיינעם און האָבען אין פריעדען געטיילט די פּראָדוקטען צווישען זיך. אַ סך רעליגיעזע און קאָמוניסטישע סעקטען האָבען כמעט אין אַלע צייטען פון דער גע־שיכטע אַזאַ לעבען אויסגעפּרובירט, און דער סאָציאַל־עטהישער גע־דאַנק פון דער מענשהייט ארבייט כמעט פון די אורעלטסטע צייי־טען אָן אויף דעם הארבען לייענען ווי אַזוי אויסצוגעפינען די בעס־טע פאָרמען פון אַ געזעלשאפט, אין וועלכער עס זאָלען ניט זיין

קיין רענט און קיין ריוח, קיין הערשענדע און קיין בעהערשטע קלאַסען.

עס ליגט אין דער טבע פון דעם פּראָלעטאַריערס קלאַסען־קאַמפּף, ווי אין דער טבע פון יעדען קאַמפּף, אוועקשטעלען פאַר זיך דאָס העכסטע ציעל, וועלכען דער קאַמפּף קען דערגרייכען. איז דאָס העכסטע ציעל פון דעם אַדעל די בעהערשונג פון די צוויי אַנדערע קלאַסען, דאָס העכסטע ציעל פון דער סוחר'ישער בורזשואזיע די פּערטיליגונג פון דעם אַדעל און די בעהערשונג פון דעם ארבייטער־קלאַס, איז נאָך דעם זעלביגען כלל דאָס העכסטע ציעל פון דעם פּראָלעטאַריאַט די עקאָנאָמישע פערטיליגונג פון די צוויי אַנדערע קלאַסען.

און צו דעם העכסטען ציעל זיינעם טרייבט איהם דער תמצית פון זיין עקאָנאָמישער לאַגע, זיין סאָציאַל־פּאָליטישער שטאַנדפּונקט. פון דער אַנדערער זייט אָבער ענטפּלעקט אונז דאָס העכסטע ציעל פון זיין קלאַסענקאַמפּף די אמת'ע נאַטור פון זיין עקאָנאָמישען לעבענספּרינציפּ, דעם ריכטיגען מהות פון זיין פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט.

דאָס פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטעהט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסען פון לוין־ארבייט, שטעלט פאַר זיינע אויגען דאָס העכסטע ציעל, בעפרייען זיך אַליין פון די צוויי הערשענדע קלאַסען, עס זאָל בלייבען נור איינער — דאָס פּראָלעטאַריאַט. אָבער פערוואַנדלען די געזעלשאַפט, וואָס איז צוטיילט אין דריי קלאַסען, אין אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט מעהר נישט, ווי איין קלאַס — הייסט מבטל זיין די איינטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין קלאַסען, הייסט מבטל זיין אויך דאָס פּראָלעטאַריאַט גופא. און אין דערינען ליגט דער גרויסער פּרינציפּיעלער חלוק צווישען דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסענקאַמפּף און דעם קאַמפּף פון די צוויי אַנדערע קלאַסען. יענע קעמפּפען פאַר דעם ק י ו ם פון זייער עקזיסטענץ. זייער קלאַס איז זייער אידעאַל, איהם אָבהיטען, ז י י ן קיום פערוואָהרענען — איז דער גאַנצער צוועק פון זייער פּאָליטיק, פון זייער היסטאָרישען לעבען. דאָס פּראָלעטאַריאַט וויל גראָד דעם היפּך פון דעם. מען קען איהם אָנרופען דעם חסיד צווישען די קלאַסען, ווייל ער ראַנגעלט זיך ניט פאַר דעם קיום פון זיין קלאַס, נאָר פאַר דעם ב ט ו ל פון

זיין איצטיגען סאָציאַלען „יש": אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט ניט קיין קאַפּיטאַליסטען, קען ניט האָבען קיין פּראָלעטאַריער, קיין לוין אַרבייטער. וואָס ווערט פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַז ער הערט אויף צו זיין לוין־אַרבייטער? ער ווערט מגולגל אין „אַ מענש, וואָס אַרבייט", אָדער ריכטיגער: ער דאַרף גאָר ניט מגולגל ווערען אין איהם, ווייל אַ לוין־אַרבייטער איז קודם כל אַ מענש, וואָס אַר־בייט. דאָס איז אין איהם דער עיקר, זיין עקזיסטענץ בתור פּראָלע־טאַריאַט איז אַ היסטאָרישער טפל, אַ געוויסע היסטאָרישע פּער־שווינדענדע פאָרם, וואָס דעקט איבער פון אויבען אויף זיין פּער־באָרגענעם תוך. און זיין פּערבאָרגענער סאָציאַלער תוך שפּרינגט ערשט יעמאָלט אין די אויגען, ווען מיר קוקען זיך צו צו דעם לעצ־טען תכלית פון זיין קלאַסענקאַמפּף, אַקוראַט ווי דער פּערבאָרגענער תוך פון די איבעריגע קלאַסען ווערט אונז ענטפּלעקט דורך דעם לעצטען תכלית פון זייער קלאַסענקאַמפּף.

מיר האָבען געזאָגט, אַז יעדער קלאַס ראַנגעלט זיך מיט די אַנ־דערע פאַר זיין אייגענעם לעבענספּרינציפּ, ער וויל, אַז דער לעבענס־פּרינציפּ פון זיין קלאַס זאָל זיין דער הערשענדער לעבענספּרינציפּ פון דער געזעלשאַפט. וואָס איז דער לעבענספּרינציפּ פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט? די לוין־אַרבייט! ווייל דאָס פּראָלעטאַריאַט, די לוין־אַרבייט זאָל זיין דאָס הערשענדע פּרינציפּ פון דער געזעלשאַפט? בשום אופן ניט. ווי באַלד עס ווערען אָבגעשאַפט קלאַסען, ווי באַלד מען ווערט פּטור פון קאַפּיטאַליזם, ווערט מען אויך ממילא פּטור פון לוין־אַרבייט, פון אַרבייט פאַר אַ פרעמדען בעל־הבית, וואָס דינגט איינעם און צאָהלט איהם לוין. דער לעבענספּרינציפּ פון דעם פּראָלעטאַריאַט ווערט דעריבער מגולגל אין אַן אַנדער פּרינ־ציפּ. פון לוין־אַרבייט ווערט מ ע נ ש ל י כ ע א ר ב י י ט, ד. ה. ווידער: די לוין־אַרבייט ווערט ניט מגולגל אין אַ זאַך, וואָס איז להיפּך צו איהר נאַטור, זי וואַרפט מעהר נישט פון זיך אַראָב דעם שלייער, אין וועלכען זי איז געווען פּערשלייערט אין אַ געוויסער היסטאָרישער צייט, און טרעט אַרויס אין איהר אמת'ען, ניט מעהר פּערדעקטען סאָציאַלען תוך, ווייל לוין־אַרבייט איז קודם כל מ ע נ ש־ל י כ ע א ר ב י י ט. דאָס איז זי געווען, אייידער זי איז געוואָרען

לוין ארבייט, דאָס ווערט זי ווידער, אַז זי וואַרפט פון זיך אַראָב דעם שלייער פון אַ געוויסער היסטאָרישער צייט.

דעריבער איז דער שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט ניט די לוין־אַרבייט, נאָר די מענשליכע אַרבייט. דאָס איז דאָס לעבענספּרינציפּ פון זיין קלאַס, און אָט דאָס לעבענספּרינציפּ וויל ער מאַכען פאַר דעם הערשענדען אין דער געזעלשאַפט. דער מיוחס אין דער געזעלשאַפט דאַרף זיין דער מענש, וואָס אַרבייט און לעבט פון זיין אייגענער מענשליכער אַרבייט. אַלץ אין דער געזעלשאַפט מוז איבערגעבויט ווערען צוליעב דעם פּרינציפּ, אַלץ אין איהר מוז געשעהן צוליעב די אינטערעסען פון דער מענשליכער אַרבייט...

## 6

## מענשליכע אַרבייט.

די רעזולטאַטען, צו וועלכע מיר זענען נאָר וואָס געקומען, זענען זעהר וויכטיג. אין זיי ליעגען איינגעוויקעלט אַ סך — אַ סך זאַכען, וואָס מען מוז ארויסברייננגען, אויב מען וויל באמת ריכטיג פערשטעהן דעם סאָציאַל־פּאָליטישען שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. מחמת דעם גופא, וואָס זיי זענען וויכטיג, מוזען מיר זיך דאָ אָבהאַלטען אַ ווײַלע, כדי נאָך אַמאָל איבערצוקוקען זיי און אָבצושאַפען די ספיקות, וואָס שטעלען זיך אונז אין וועג.

דעם פּראָלעטאַריערס שטאַנדפּונקט, ווייזט זיך ארויס, ליעגט ניט אין דער לוין־אַרבייט, נאָר אין דער מענשליכער אַרבייט. וואָס לוין־אַרבייט איז, ווייס יעדער מענש, און אויף דערויף דאַרף מען קיין פּירושים ניט האָבען (ווענינגסטענס, מיינט מען אַזוי). דער שטאַנדפּונקט פון לוין־אַרבייט איז קלאָר, און דער וואָס שטעהט אויף איהם, וויים, וואו ער האַלט אין דער וועלט (ווענינגסטענס, מיינט מען אַזוי). אָבער מענשליכע אַרבייט? איז דאָס ניט אַ מין „כצפיחית בדבש“, וואָס יעדער איינער קען אין איהם

אריינטייטשען דעם פּשט, וועלכער איהם געפעלט? איז ניט אויך דעם פאבריקאנטס ארבייט מענשליכע ארבייט? ארבייט ניט (מעשים) אויף דער אָפיציער, וואָס אָרגאניזירט אַ פּאָגראָם, דער קאזאק מיט זיין בייטש, דער פריץ, בעת ער עפענט אויף אַ פלאש שאַמפּאַניער? דער שטאַנדפּונקט פון „מענשליכע ארבייט" קען דעריבער ניט זיין קיין סימן מובהק פון דעם פּראָלעטאַריאַט, ווייל ער פּאַסט אויך פאַר דעם קאַפּיטאַליסט און פאַר'ן פריץ.

עס האָט מיך תמיד גע'חדוש'ט אויסצוהערען אַזעלכע מיני טענות אנטקעגען דעם פּרינציפּ פון „מענשליכע ארבייט" ניט נאָר פון מענשען, וואָס לייקענען לגמרי אָב דעם סאָציאַליזם, נאָר אויך פון מארקסיסטען, תלמידים פון קארל מארקס, ביי וועמען דאָס פּרינציפּ פון „מענשליכע ארבייט" איז ניט נאָר דער גרונדשטיין, נאָר אויך די קרוין פון זיין גאַנצען סאָציאַל־פּילאָזאָפישען געביי... ס'איז כ'לעבען ניט איבעריג, אומצוקעהרען זיך אביסעל צו דעם מארקסיסטישען אלף־בית, וואָס וועט אונז העלפען פערענטפערן ניט נאָר די „כצפיחית־בדבש־טענה", נאָר אויך אַ סך אנדערע שאלות אין דעם ענין, וואָס אינטערעסירט אונז.

אויבען האָבען מיר דערמאָנט, אַז ווען מען קוקט פ ו ן א ו י ־ ב ע ן א ו י ף אויף דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס, דוכט זיך אויס, אַז ער ווערט געמאַכט פון דריי שותפים, וואָס לעגען אריין אין דעם עסק — איינער ז י י ן קרקע, דער אנדערער ז י י ן קאַ־ פּיטאַל און דער דריטער די ארבייט. אָט די „דריי־שותפים־טעאָ־ ריע", ווי מען מעג זי אָנרופען, איז דער ליעבער „בן־זקונים" פון דער בורזשואזער וויסענשאַפט, איינער פון די טעאָרעטישע הויפּט־ העלדען, וואָס קעמפּפען פאַר די אינטערעסען פון דער אלטער גע־ זעלשאַפט, און וואָס שפּילט די הויפּט־ראָלע אין דער בורזשואזער ווערטה־טעאָריע.

אין דעם מקח פון יעדער פּיצעל סחורה אויפ'ן מארק, אויב זי ווערט פערקויפט נאָך איהר ווערטה נאָך, דאַרפען זיך געפינען, האָבען מיר געזאָגט, דריי חלקים: רענט, ריוח און לוין. „קיין חדוש ניט!", דערקלערט אונז דעם ענין די דריי־שותפים־טעאָריע. דער ווערטה ווערט אויפגעבויט אַ גאָרען נאָך אַ גאָרען פון די דריי שותפים. איין גאָרען בויט דער בעל־הבית פון די ערד, וואָס גיט

דעם רויה־מאַטעריאַל, נאָך אַ גאַנצען בויט דער קאַפּיטאַליסט, וואָס לעגט אוים זיין געלד אויף די הוצאות פון דער פּראָדוקציע, און דעם דריטען גאַנצען בויט אויף דער אַרבייטער... ערד און קאַפּיטאַל לעגען צו אַ נייעם ווערטה צו דעם ווערטה, וואָס שטאַמט פון דער אַרבייט. נאָך דעם מאַרק קומט יעדער שותף און נעהמט דאָס ז י י נ י ג ע, דאָס, וואָס ער האָט פריהער אַריינגעטראָגען.

אַ סך מיה האָט געקאָסט דעם סאָציאַליסטישען געדאַנקען, ביז ער האָט פונאַנדערגעשלאָגען די דריי־שותפים־טעאָריע. בויענ־דיג ווייטער אויף דעם פונדאַמענט, וועלכען די גרויסע עקאָנאָמיס־טען אַדאַם סמיטה און ריקאַרדאָ האָבען אָוועקגעלעגט, האָבען פּרו־דאָן, לאַסאַל און — מעהר פאַר אַלע — קאַרל מאַרקס בעוויזען, אַז דער איינציגער מקור פון ווערטה איז די מ ע נ ש ל י כ ע אַ ר ב י י ט, אַז רענט און ריוח זענען ניט נאָר קיין נייע קוואַלען פון ווערטה, וואָס גיבען צו צו דער אַרבייט אַזוינס, וואָס זי האָט פריהער ניט געהאַט, נאָר אומגעקערט, ז י י ר ײ ס ע ן פ ו ן א י ה ר אָ ב, אַז די צוויי „שותפים" פון דעם אַרבייטער נעה־מען פשוט אַראָב אַ חלק פון דעם געשאַפענעם ווערטה, ניט זיי לע־גען צו אַ חלק צו איהם.*) וועלכע מענשליכע אַרבייט, וואָס שאַפט ווערטה, האָט דאָ קאַרל מאַרקס אין זינען? די לוין־אַר־בייט? לחלוטין ניט! די לוין־אַרבייט איז די געדונגענע אַרבייטס־ק ר אַ פ ט, זי איז אויך מעהר נישט ווי אַ סחורה אויפ'ן מאַרק, וואָס האָט איהר אייגענעם ווערטה, וועלכען דער קאַפּיטאַליסט בעצאָהלט, ווי אַלע, וואָס ער קויפט. איהר ווערטה בעשאַפט ניט קיין מ ע ה ר ו ו ע ר ט ה. די מענשליכע אַרבייט, וואָס ליעגט אין איהר, בעשאַפט אַ סך מ ע ה ר, איידער עס איז ווערטה די אַרבייט־קראַפט, וואָס איז בעלוינט מיט איהר געצאָהלט, און אָט דער מ ע ה ר ו ו ע ר ט ה, וואָס שטאַמט פון דער מענשליכער ניט־בעצאָהלטער, ניט־בעלוינטער אַרבייט, שפּאַלט זיך פונאַנדער אין צוויי שטראָמען: ריוח און רענט. כמעט אויף יעדען שריט

---

*) אין דער אידישער ליטעראַטור זענען דאָ פּאָפּולערע אַרבייטען מכח קאַרל מאַרקס' ווערטה־טהעאָריע. די בעסטע זענען דיקשטיינס „פון וואָס אַיינער לעבט" און באַך'ס „עקאָנאָמישע עטיודען".

און טרים אין „קאַפּיטאַל" וואָהרענט מאַרקס, מען זאָל חס־חלילה ניט צונויפמישען אַרבייטס־קראַפט און אַרבייט, „אַלגעמיינע מ ע נ ש ל י כ ע   אַ ר ב י י ט", דעם איינציגען מקור פון ווערט.

אויב „מענשליכע אַרבייט" איז אַזאַ כצפּיחית־בדבש־געדאַנק, ווי דאָס מיינען אַ סך איצטיגע מאַרקסיסטען אין רוסלאַנד, איז מה־רעש מיט דעם מאַרקסיזם און וואָס איז זיין גאַנצער אויפטהו אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע? דער ווערטה מעג זיך שטאַמען פון מענשליכער אַרבייט, אָבער די מענשליכע אַרבייט גופא שלאָגט פון פערשיעדענע קוואַלען; און צוויי פון זיי זענען די אַרבייט פון דעם קאַפּיטאַליסט און די אַרבייט פון דעם פריץ...

און בעת קאַרל מאַרקס טענה'ט אין זיין פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע, אַז איידער די מענשען האָבען זיך געקאָנט נעהמען פאַר פּאָליטיק און פילאָזאָפיע, האָבען זיי פריהער געדאַרפט עסען און טרינקען, דאָס הייסט אַרבייטען, און אַז אין דער אַרבייט ליגט דער גאַנצער שליסעל פון דער מענשליכער געשיכטע, קען מען איהם ווידער אוועקשטעלען די זעלבע כצפּיחית־בדבש'יגע קלאָץ־קשיא: איז דען די אַרבייט פון דעם פּאָליטיקער און דעם פילאָזאָף ניט קיין אַרבייט?

האָט אפשר מאַרקס געמאַכט אַזאַ גראָבען טעות אין דעם פּשט פון דער מענשליכער אַרבייט? ניין! מאַרקס איז אין דערין ניט שולדיג.

די מעשה דערפון איז, וואָס איין און דערזעלביגער וואָרט האָט אַן אַנדער טייטש אין דער געוועהנליכער וואָכעדיגער שפּראַך און אַן אַנדער טייטש אין דער וויסענשאַפט, און אין דער וויסענשאַפט גופא פערשיעדענע טייטשען, עס ווענדט זיך אָן די פערשיעדענע וויסענשאַפטס־צווייגען, אין וועלכע מען בענוצט זיך מיט איהם.

דאָס וואָרט „קאַפּיטאַל", למשל, האָט אין לעבען אַ גאַנץ אַנדער פּשט, איידער אין דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע. אַן אַרבייטער, וואָס בעקומט זיין לוין, קען אָפטמאָל זאָגען, ער האָט אַ „קאַפּיטאַל" פון גאַנצע צעהן רובעלס אין דער טאַש. אין דער וויסענשאַפט אָבער איז „קאַפּיטאַל" נאָר דאָס געלד, וואָס ווערט אויסגעגעבען פון דעם בעל־הבית אויף די הוצאות פון דעם עסק און אויך אויף צו

דינגען ארבייטער. בעת דער צעהנ־רובעל־שטיק איז אין די הענד פון דעם בעל־הבית, איז ער געווען א טייל פון זיין קאפיטאל. ווי נאָר ער איז אריבער אין די הענד פון דעם ארבייטער, און איז בעשטימט געוואָרען פון איהם אויף הוצאות־חיונה, האָט ער אויפ־געהערט צו זיין „קאפיטאל", איז ער געוואָרען לוין.

אזוי איז אויך מיט דעם וואָרט ארבייט. אין דעם געוועהנליכען לעבען קען מען אָנרופען „ארבייט", אפילו אז איינער זיצט ביי דער גמרא און „ארבייט" געשמאק אויף א הארבע שטיקעל מהרש"א. אין דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט אָבער האָט דאָס וואָרט „ארבייט" א גאנץ בעזונדערען פשט.

די ארבייט, נאָך דעם עקאָנאָמישען פשט פון דעם וואָרט, איז די בענוצונג פון מענשליכע קערפערליכע און גייסטיגע קראפט, כדי צו פערענדערן די מאטעריעלע זאכען, וואָס געפינען זיך אין דער נאטור, און די פראָצעסען, וואָס קומען אין איהר פאָר, — פער־ענדערן נאָך א בעשטימטען פּלאַן, וואָס איז אויסגעטראכט געוואָ־רען פון דעם מענשליכען שכל, — פערענדערן מיט דעם איינציגען ציעל צו בעפרידיגען די מענשליכע בעדערפניסען, בעשאפען אלץ, אין וואָס ער נויטיגט זיך, וואָס האָט א ווערטה אין זיינע אויגען, אלץ איינס, פון וואנען זיינע בעדערפניסען שטאמען: „פון זיין מאָגען אָדער פון זיין פאנטאזיע" (ווי מארקס דריקט זיך אויס).

עס ליגען וואָרצלען אין דער ערד, עס וואקסען פירות אויף די בוימער, עס שווימען פיש אין וואסער, עס לויפען אום חיות און בהמות אין וואלד און פעלד, עס פליהען פויגעלעך אין דער לופט, דאָס זענען אלץ זאכען און פראָצעסען, וואָס קומען פאָר אין דער נאטור. א ו י ס ג ר א ב ע ן די וואָרצלען, א ר א ב ט ר י י ס־ל ע ן די פירות, פ א נ ג ע ן די פיש, י א ג ע ן די חיות און ח א פ ע ן די פויגעלעך — הייסט ארבייטען, ווייל אין אלע אָט די מענשליכע פראָצעסען רייסט זיך די מ ע נ ש ל י כ ע קראפט אריין אין דער נאטור און פערענדערט זי, בייט וועניגסטענס איבער די ע ר ט ע ר פון די זאכען, וועלכע די נאטור האָט בעשאפען, כדי דערמיט צו בעפרידיגען די בעדערפניסען פון דעם מענשען. אין אונזער משל ווערען די זאכען גופא כמעט ניט פערענדערט; וואָרצ־לען, פירות, פיש, חיות און פויגעלעך זענען זאכען, וואָס די נא־

טור האָט בעשאַפען, און דער מענש, אין די ערשטע קינדער־יאָהרען פון זיין געשיכטליכען לעבען נעהמט זיי, ווי זיי זענען. וואָס גי־דעריגער דער מענש שטעהט אין זיין קולטור, אין זיין בילדונג, אַלץ וועניגער פערענדערט ער די נאַטור, אַלץ וועניגער שנוים ברייננט ער אין איהר אריין. אָבער אויך אויף די ערשטע טריט פון זיין קולטורעלען לעבען קען ער זיך ניט בענוגענען מיט די רויהע זאַכען, וועלכע די נאַטור גיט איהם. געבראָטענע טייבעלעך זענען אויך יעמאָלט ניט אומגעפלויגען אין דער לופטען, צום ברעג פלעגען אויך יעמאָלט ניט צושווימען קיין געפילטע פיש. די לע־בעדיגע טויב, דעם לעבעדיגען פיש האָט מען בעדאַרפט פאַנגען, און דער מענש האָט צוליעב דעם אויסגעטראַכט פערשיעדענע כלים און געצייג, א נעץ, א פייל־און־בויגען, א שטריק. דאָס זענען שוין זאַכען, וואָס די נאַטור ברייננט ניט ארויס, זאַכען, וואָס זענען דורכגעגאַנגען ניט נאָר די מענשליכע פינגער נאָר אויך דעם מענש־ליכען שכל, זאַכען, אויף וועלכע ס׳ליגט אָפען די חתימה פון א מענשליכען פלאַן, — שטיקער מאַטעריעלע נאַטור, וואָס זענען פער־ענדערט געוואָרען דורך דעם מענשענס קלוגע האַנד. און וואָס קליגער עס ווערט דער מענש, אַלץ קליגער ווערט זיין האַנד, אַלץ טיעפער קריצט ער זיין חתימה אין דער נאַטור, אַלץ מעהר שנוים ברייננט ער אין איהר אריין.

ארבייטען הייסט דעריבער אין דער עקאָנאָמישער וויסענ־שאַפט שאַפען מאַטעריעלע גיטער, גשמיות׳דיגע זאַכען, וועלכע מיר נעהמען ארום מיט אונזערע פ י נ ף ח ו ש י ם. און נאָר אָט די מענשליכע ארבייט האָט די וויסענשאַפט אין זינען, בעת זי זאָגט, אַז די מענשליכע ארבייט איז דער איינציגער קוואַל פון ווערטקייט, דער איינציגער מקור, פון וואַנען עס פליסט די רייכקייט פון דער געזעלשאַפט.

דער אינטערעסאַנטער און נאָך זעהר וועניג אויסגעפאָרשטער טייל פון דער מענשליכער געשיכטע איז די געשיכטע פון דער מענשליכער ארבייט. צווישען יענעם מאָמענט, ווען עס האָט צום ערשטען מאָל א לייכט געטהאָן אין דעם האַלב־בהמ׳ישען, האַלב־מענשליכען פערשטאַנד, אַז מען קען מאַכען ג ע צ י י ג, וואָס זאָלען פ ע ר ש פּ אָ ר ע ן אַזוי פיעל ארבייט דער מענשליכער

האַנד, און אַז מען קען פערענדערן די פערשפּאַרטע ארבייט, כדי טיעפער אריינצודרינגען אין דער נאַטור און ר י י כ ע ר מאַכען דאָס אייגענע לעבען, — צווישען יענעם מאָמענט און דער איצטיגער צייט פון עלעקטריציטעט און דאַמפּף, וואו איין דרעה מיט דעם מענשענס האַנד אויף דעם לאָקאָמאָטיוו איז גענוג אריבערצופיהרען מיט דער געשווינדקייט פון דעם ווינד טויזענדער פוד משא פון איין עק וועלט אין דעם אנדערן, ליגט אַ לאַנגע־לאַנגע קעיט פון שווערע, הארבע פיין, וועלכע דער מענש איז אויסגעשטאַנען, פאַרשענדיג, זוכענדיג, פּרובענדיג, ביז איהם האָט זיך איינגעגעבען מיט אַלץ מעהר מאַכט ארויפלעגען זיין שטאַלצע האַנד אויף דעם נאַקען פון דער נאַטור, מיט אַלץ מעהר גבורה איינבויגען זי, איהרע קרעפטען זאָלען דיענען איהם אויסצופיהרען זיינע ציעלען. דאָס איז די ט ע כ נ י ש ע געשיכטע פון דער מענשליכער ארבייט, די געשיכטע פון איהר קונציגקייט, פון איהר נצחון איבער דער נאַטור.

פאַרהאַן אָבער נאָך אַ זייט אין דער געשיכטע פון דער מענשליכער ארבייט, איהר סאָציאַלע געשיכטע, און זי איז ניט ווייניגער אינטערעסאַנט, איידער די טעכנישע. דעם מענשענס ארבייט איז תמיד געווען אַ געזעלשאַפטליכע, ד. ה. אַ גאַנצע געזעלשאַפט (ווי גרויס אָדער קליין זי זאָל ניט זיין) איז געווען אין איהר פעראינטערעסירט, האָט געלעבט פון איהר, האָט זיך אריינגעמישט אין איהר און האָט אויסגעארבייט די בעדינגונגען, אין וועלכע זי דאַרף ווערען אוועקגעשטעלט, די כללים, ווי אַזוי און דורך וועלכע מיטלען צו פערטיילען די פּראָדוקטען פון דער ארבייט צווישען אַלע חברים פון דער געזעלשאַפט. אָט די סאָציאַלע געשיכטע דערצעהלט אונז, אַז אין די ערשטע צייטען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען איז די מענשליכע ארבייט געווען ג אַ נ ץ, ווי פון איין שטיק. ס'איז נאָך ניט געווען דער חלוק צווישען קאָפּ־ארבייט און האַנד־ארבייט. שכל און מוסקעלן האָבען געארבייט אין איינעם אין איין גוף, ניט צושפּאָלטען ווי איצטער, אַזוי אַז דער אינזשינער, למשל, ווייס ניט, ווי אַ האַמער אויפצוהויבען, און דער האַמערער איז מעהר נישט ווי אַ שטיקעל מאַשין, וואָס קלאַפּט אריין טאָג־איין, טאָג־אויס שטיקער אָנגעברענטע אייזען אין אַ מאָוס'דיגען אייזערנעם

פּאַס, אַליין ניט צו וויסען, וואָס איז דער שׂכל'דיגער פּלאַן פון דער גאַנצער אַרבייט, פאַר וועלכער ער איז געצוואונגען אוועקצולעגען זיין לייב און לעבען. די מענשליכע אַרבייט איז נאָך יעמאָלט געווען ניט צושטיקעלט און צוריסען, ווי איצטער, ווען צ. ב. דעם סכום היטלען אָדער שטיוועל, וואָס די געזעלשאַפט דאַרף האָבען, לאָזט זי אויסאַרבייטען פון טויזענדער איינצעלנע, איינער פון דעם אַנ־דערן אָבגעריסענע בעלי־בתים קירזשנער און שוסטער, וואָס וויסען ניט, וויפיעל היטעל און שטיוועל די געזעלשאַפט דאַרף איצטער, און פערלאָזט זיך אויף דעם בלינדען שפּיעל פון די עקאָנאָמישע קרעפטען, אויף דעם מ א ר ק, וואָס וועט שוין ווי עס איז פונאַנ־דערטראָגען די היטעל און די שטיוועל צו דעם, ווער עס דאַרף זיי. די מענשליכע אַרבייט איז נאָך יעמאָלט געווען פ ר י י. דער אַרבייטער איז געווען זיין אייגענער בעל הבית, און קיינער איז ניט געזעסען אויף זיין קאַרק, אַרויסצורייסען פון זיינע הענד אַ טייל פון דעם ביסען, וואָס ער האָט געטראָגען אין זיין מויל אַריין. דער אַרבייטער איז געווען דער בעל־הבית פון זיינע געצייג און פון די אַרבייטסמיטלען, מיט וועלכע ער פלעגט אויסאַרבייטען די פּראָדוקטען, ניט אַזוי ווי איצטער, ווען איין טייל פון די אַרבייטס־מיטלען, די ערד, ליגט אין די הענד פון דעם פּריץ — דעם לאַנד־בעזיצער, אַן אַנדער טייל — די מאַשינען און געצייג — אין די הענד פון די קאַפּיטאַליסטען, און ער אַליין האָט מעהר נישט ווי זיינע היילע פינגער. די מענשליכע אַרבייט איז נאָך יעמאָלט געווען ב ע וו ו א ו ס ט, זי האָט געוואוסט די מענשליכע בע־דערפניסען, וועלכע זי האָט געוואָלט בעפרידיגען. זי איז געשטאַ־נען פּנים אל פּנים צו די מענשליכע בעדערפניסען און האָט געאַר־בייט פון זייערט־וועגען, ניט אַזוי ווי איצטער, ווען צווישען דער מענשליכער אַרבייט און די מענשליכע בעדערפניסען שטעהט דער מ א ר ק, די בלינדע, אומברחמנות'דיגע בריאה משונה, וואָס שלינגט פריהער איין אַלע פּראָדוקטען, וואָס דער מענש אַרבייט אויס, און דערנאָך שפּייט זי זיי אויס צו דעם, וואָס נויטיגט זיך אין זיי, אויב ער האָט די נויטיגע מיטלען.

בעת די טעכנישע געשיכטע פון דער מענשליכער אַרבייט, די געשיכטע פון דעם, ווי אַזוי די אָ ר י מ ע מענשליכע אַר־

בייט איז געוואָרען ר י י ך, איז א טריאומף־און א לויב־געזאַנג צוליעב דער גבורה פון דער מענשהייט, איז די סאָציאַלע געשיכטע פון דער מענשליכער ארבייט — איהר ט ר א ג ע ד י ע, די געשיכטע פון דעם, ווי אזוי די פרייע, גאַנצע, בעוואוסטע, זעלבסט־שטענדיגע ניט צופּיצעלטע מענשליכע ארבייט איז געוואָרען פער־שקלאַפט, צוריסען אויף שטיקער, אומבעוואוסט, בערויבט פון איהרע מיטלען און געצייג, און ווי אזוי איהרע פּראָדוקטען זענען געוואָרען פון חפצים און זאכען פאַר דעם לעבעדיגען מענשענס בעדאַרף — טויטע סחורות פאַר דעם בלינדען מארק.

און טראַגישער ווי אַלץ איז די פערשקלאַפונגס־געשיכטע פון דער מענשליכער ארבייט, די דערצעהלונג וועגען דעם, ווי אזוי דער ארבייטענדער מענש איז פריהער מגולגל געוואָרען אין א שקלאַף, וואָס האָט בעלאַנגט צו זיין בעל־הבית, ווי עס בעלאַנגט צו איהם אן אָקס אָדער אן אייזעל; ווי דער שקלאַף איז דערנאָך מגולגל געוואָרען אין א קנעכט, א האַלב־פרייער, האַלב־פערקויפטער ביי דעם פּריץ, אויף אייביג צוגעבונדען צו דעם פּריץ'ס בעל־הבית'ישקייט און צו דעם שטיקעל ערד וואָס דער פּריץ האָט איהם איבערגעלאָ־זען פאַר זיך גופא; ווי דער האַלב־פרייער האַלב־פערקויפטער קנעכט איז דערנאָך מגולגל געוואָרען אין דעם גאַנץ־פרייען און צו דער זעלבינער צייט גאַנץ פערדונגענעם פּראָלעטאריער, וואָס איז צוגע־בונדען געוואָרען צו דעם קאַפּיטאַליסט אויף דער אייזערנער קעיט פון לוין־ארבייט...

קאַרל מארקס וויל האָבען, אז די סאָציאַלע טראַגעדיע פון דער מענשליכער ארבייט און איהר טעכנישער טריאומף־געזאַנג זענען פערבונדען איינער מיט דעם אַנדערן אזוי, אז אָהן די קרבנות פון דער ערשטער וואָלט ניט געקענט זיין דער נצחון פון דעם אַנדערן, אז די סאָציאַלע פערשקלאַפונג פון דער מענשליכער ארבייט איז געווען דער „בדמיך חיי"!" פון איהר טעכנישען טריאומף. דאָס אַלץ האָט געמוזט זיין צוליעב דעם כדי דער לעצטער גלגול פון דער פער'כשופ'טער פערשקלאַפטער ארבייט, דאָס פּראָלעטאריאַט, זאָל קענען אָנווענדען דעם טעכנישען טריאומף פון דער מענשליכער ארבייט, און אין גאַנצען בעפרייען זי פון אַלע איהרע קייטען. „וואָלט ניט געווען די שקלאַפעריי אין דער אַלטער וועלט", זאָגט

מאַרקס'ס טרייער תלמיד, פרידריך ענגעלס אין זיין פּלוגתא אויף דיהרינגען, „וואָלטען מיר ניט געהאַט דעם סאָציאַליזם פון אונזער צייט".

מען איז ניט מחויב צו געהן מיט מאַרקס און ענגעלס אַזוי ווייט. מיר דוכט, די איצטיגע וויסענשאַפט האָט אַ סך טעמים, צו קוקען אַביסעל אַנדערש אויף די שייכות צווישען דער סאָציאַלער און דער טעכנישער געשיכטע פון דער מענשליכער אַרבייט. אויך בין איך שטאַרק מסופק, צי קען די איצטיגע וויסענשאַפט וויסען אויף קלאָר און אין אַלע פּונקטען, וואָס וואָלט געווען, ווען עס וואָלט ניט געווען. אָבער דאָס איז ניט נוגע צו אונזער היינטיגען ענין. בלי שום ספק איז די לוין־אַרבייט איינע פון די היסטאָרישע פאָרמען פון דער פערשקלאַפּטער מענשליכער אַרבייט, די לעצטע היסטאָרישע פאָרם, אין וועלכער די מענשליכע אַרבייט רייסט זיך פון איהר פער'כשופ'טען גלגול מיט אַזאַ ענערגיע, ווי נאָך קיינמאָל ניט אין דער געשיכטע. רייסט זיך צו ווערן ווידער פריי, גאַנץ, זעלבסטשטענדיג און בעוואוסט, ווי זי איז געווען אַמאָל, און דערצו נאָך רייך, וואָס זי קען ווערען ערשט איצטער.

דער שטאַנדפּונקט פון „אַלגעמיין מענשליכער אַרבייט" איז דעריבער ניט קיין „כצפּיחית־בדבש־געדאַנק". עס איז די אַרבייט, וואָס האָט פון אָנהויב מענשליכער געשיכטע אָן ביז צו דעם היינטיגען טאָג, און וועט פון דעם היינטיגען אָן ביז דעם סוף פון אַלע דורות, בעשאַפען דורך דעם מענשענס קאָפּ און האַנד מאַטעריעלע, ממשות'דיגע גיטער, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט און וועט אַרויסברענגען פּראָצעסען, וועלכע מיר שטודירען אין דער ע ק אָ נ אָ־ מ י ש ע ר וויסענשאַפט. דער וואָס שמירט פונאַנדער די השגה: „מענשליכע אַרבייט" אַזוי ווייט, אַז זי מאַכט דעם פילאָזאָף, אויך דעם, וואָס שוויצט אויף אַ שטיקעל גמרא, פאַר אַן „אַרבייטער", דער זינגט אַ לידעל פון אַ גאַנץ אַנדער אָפּעראַ, וואָס פּאַסט ניט צו דעם טעקסט פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט; און דער וואָס מאַכט אויך דעם קאַפּיטאַליסט פאַר אַן אַרבייטער, דער האָט פערגעסען אָדער קיין מאָל ניט פערשטאַנען דעם אלף־בית פון סאָציאַליזם, וואָס האָט בעפרייט די וויסענשאַפט פון דער דריי־שותפים־טעאָריע...

## .7

## לוין־ארבייט אָדער מענשליכע ארבייט?

איצטער קענען מיר זאָגען נאָך א מאָל: דער שטאנדפונקט פון דעם פראָלעטאריאט, זיין עקאָנאָמישער תמצית, וואָס רופט ארויס זיינע סאָציאַל־פּאָליטישע אידעאלען, איז ניט די לוין־ארבייט, וואָס וויל איינשפאנען דעם בעל־הבית און קירעווען איהם, וואוהין עס ווילט זיך דעם פראָלעטאריער, — דאָס איז א קינדישע נאאיווע פאנטאזיע, נאָר די מענשליכע ארבייט, וואָס רייסט זיך צו פרייהייט, זעלבסטשטענדיגקייט, גאנצקייט, בעוואוסטקייט און גבורה, ד. ה., הערשאפט איבער די נאטור. דורך דעם גופא, וואָס די לוין־ארבייט איז ארויס אין א קלאסענקאמפף מיט די צוויי אנדערע קלאסען פון דער געזעלשאפט, דורך דעם גופא, וואָס עס איז פאר איהר בשום אופן ניט מעגליך צו בעהערשען די צוויי אנדערע קלאסען, מוז זי פיהרען א פערטיליגונגס־קאמפף אנקעגען זיי, מוז זי סוף כל סוף אויפהערען צו זיין לוין־ארבייט און ווערען מענשליכע ארבייט, מוז זי זיך צוהערען צו דער היסטאָרישער שטים, וואָס ברויזט אין איהר קאמפף און וואָס זאָגט־אָן איטליכען, ווער עס פערשטעהט איהר לשון, אז דאָס געהט די *מענשליכע ארבייט* איינצונעהמען די וועלט פאר אלע מענשען, וואָס ווילען ארביימען.

ניט אלע מאָל אָבער פערשטעהט דער פראָלעטאריער גופא די היסטאָרישע שטים, וואָס ברויזט אין זיין קאמפף. דער גלגול פון לוין־ארבייט, אין וועלכען עס געפינט זיך איצטער די מענשליכע ארבייט, לעגט ארויף זיין התימה אויף דעם פראָלעטאריער און פערהויקערט אָפטמאָל זיין אייגענע טבע, די טבע פון דעם מענשען וואָס ארבייט, און וואָס דארף דעריבער שטענדיג האָבען אין זינען די אינטערעסען פון דער מענשליכער ארבייט. *אין דעם פראָלעטאריער גופא קעמפפען צוויי סאָציאלע טיפען: דער לוין־ארבייטער און דער מענש, וואָס ארבייט, און ניט אלע*

מאָל זענען ביידענס אינטערעסען די זעלביגע.

לאָמיר נעהמען קודם כל די הערשאַפט פון דער מענשליכער ארבייט איבער די נאַטור, אָדער דאָס, וואָס מען רופט אין דער וויסענשאַפט די פּראָדוקטיוויטעט, די שפּאָרעוודינקייט פון דער ארבייט, וואָס שטאַמט פון דער ענטוויקלונג פון איהרע פּראָדוקטיוו־קרעפטען. אין וואָס בעשטעהט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט? אין דער הערשאַפט פון דער מענשליכער קראַפט איבער די כחות פון דער נאַטור. וואָס מעהר כחות פון דער נאַטור זאָלען דאַרפען זיין איינגעשפּאַנט אין וואָס ווייניגער מענשליכע קראַפט, מאַכט די מענשליכע ארבייט אַלץ מעהר פּראָדוקטיוו. די מענשליכע קראַפט, ווי פערשיעדען זי זאָל ניט זיין, קען סוף כל סוף אויסגעמאָסטען ווערען דורך די צייט, וועלכע עס איז נויטיג כדי ארויסצוברייננגען אַ געוויסען סכום פון פּראָדוקטען. די כחות פון דער נאַטור, ווי פערשיעדען זיי זאָלען ניט זיין, קענען סוף כל סוף אויסגעמאָסטען ווערען דורך דעם סכום פון פּראָדוקטען, וועלכע די מענשליכע ארבייט ברייננגט מיט זיי ארויס. די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט קען דעריבער אויסגעדריקט ווערען אין די ווערטער: וואָס מעהר פּראָדוקטען אין וואָס ווע־ניגער צייט פון מענשליכער ארבייט. זי וואַקסט, ווען די מענשליכע ארבייט קען אין דערזעלביגער צייט ארויסברייננגען מעהר פּראָדוקטען, איידער פריהער, אָדער דעמזעלביגען סכום פּראָדוקטען אין ווייניגער צייט, איידער פריהער. זי פאַלט, ווען אין דערזעלביגער צייט בעקומט זי ווייניגער פּראָדוקטען, אָדער ווען דיזעלביגע צאָהל פּראָדוקטען פערנעהמט ביי איהר מעהר צייט. בעת דער מענש האָט גענדאַרפט מאָהלען זיין תבואה מיט אַ האַנדמיהל, פלעגט ער אין איין טאָג בעקומען, למשל, דריי זעק מעהל. שפּעטער, אַז עס זענען געוואַקסען זיינע פּראָדוקטיוו־קרעפטען, ד. ה. אַז ער האָט זיך אויסגעלערנט איינצושפּאַנען די נאַטורקראַפט פון דעם וואַסער־שטראָם אָדער די נאַטורקראַפט פון דעם ווינד און האָט זיי געצוואונגען צו דרעהען די רעדער פון זיין מיהל, האָט ער אין איין טאָג בעקומען אנשטאַט דריי זעק, לאָמיר זאָגען, ניין זעק. דאָס הייסט, אַז די פּראָדוקטיוו־קרעפטען פון דער מענשליכער געזעל־

שאַפט און די שפּאָרעוודיגקייט פון דער אַרבייט, איהר גבורה אי־בער דער נאַטור איז אין דעם פּונקט אויסגעוואַקסען אין ד ר י י ע ן.
ס׳איז ממילא קלאָר, ווי שטאַרק די מענשליכע אַרבייט איז פער־אינטערעסירט אין דעם, אז איהר שפּאָרעוודיגקייט זאָל תמיד וואַק־סען, אז מיט דעמזעלביגען סכום פון איהר ענערגיע זאָל זי קענען בעהערשען אַ וואָס גרעסערען סכום פון נאַטור־קרעפטען, אַ וואָס גרעסערע צאָהל פּראָדוקטען. קאַרל מאַרקס וואָס גלויבט, אז די ג אַ נ צ ע געשיכטע פון דער מענשהייט איז געמאַכט געוואָרען פון דער מענשליכער אַרבייט, רעכענט די שפּאָרעוודיגקייט פון דער אַרבייט פאַר דעם איינציגען גורם, וואָס טרייבט אַלע רעדער פון דעם מענשליכען געשיכטליכען לעבען, און אַלץ אין איהר ווערט גע־מאַכט צ ו ל י ע ב דעם וואַקסען פון יענער שפּאָרעוודיגקייט, אָדער איז אַ פּועל יוצא פון דעם דאָזיגען וואַקסען. אויף אזוי פיעל בין איך געוויס ניט קיין מאַרקסיסט, די וויסענשאַפט האָט נאָך בשום אופן ניט בעוויזען די ריכטיגקייט פון דעם געדאַנק, אָבער די מאָוים־דיגע וויכטיגקייט פון דער וואַקסענדער פּראָדוקטיוויטעט פאַר דעם מענשען קען קיין מענש, וועמעס פערשטאַנד עס איז ניט פער׳שכור׳ט דורך איבער־מענשליכע פאַנטאַזיעס (ווי צ. ב. טאָלסטאָי און אַלע מיסטיש־רעליגיעזע פאַנאַטיקער), געוויס ניט אָב־לייקענען.

אין דעם וואַקסען פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַר־בייט איז פעראינטערעסירט דער מענש, וואָס אַרבייט. איז אין איהר פעראינטערעסירט אויך דער פּראָלעטאַריער? בתור מענש, וואָס אַרבייט, גאַנץ געוויס, אָבער ניט בתור ל ו י ן ־ אַ ר ב י י ־ ט ע ר. בתור לוין־אַרבייטער איז דער פּראָלעטאַריער אריינגע־טאָן אין דעם, דער קאַפּיטאַליסט זאָל דאַרפען האָבען ו ו אָ ס מ ע ה ר מ ע נ ש ל י כ ע אַ ר ב י י ט; ער ווייס, אז יעדע נייע מאַשין, יעדע נייע המצאה, יעדער נייער אָנוואַקסען פון די געזעל־שאַפטליכע פּראָדוקטיוו־קרעפטען מאַכט איבעריג מענשליכע „הענד", און דער קאַפּיטאַליסט וואַרפט זיי אַרויס אויפ׳ן גאַס. דעריבער איז דער לוין־אַרבייטער בטבע אַ פ י י נ ד דער פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער מענשליכער אַרבייט. אין די ערשטע צייַ־טען האָט ער זיך געראַנגעלט אַנקעגען די מאַשינען, וואָס שטו־

פען איהם ארויס פון דער פּראָדוקציע, און אויך איצטער ווערט איהם קאַלט ארום הארצען, ווען ער דערהערט, אז אין זיין פאך איז אויסגעטראכט געוואָרען א נייע מאשין. אָבער איצטער קעמפפט ער שוין ניט אנקעגען איהר, ניט נור דערפאר, ווייל ער ווייס, אז זי איז שטארקער פאר איהם, נור אויך דערפאר, ווייל אין איהם רעדט ניט נור דער לוין־ארבייטער, נור אויך דער מענש, וואָס ארבייט, און די אינטערעסען פון דער מענשליכער ארבייט זענען ביי איהם גובר די אינטערעסען פון דער לוין־ארבייט.

אגב אורחא וויל איך דאָ אויפווייזען אויף דעם טעות, אין וועלכען אפולע פאַלען אריין, ווען זיי מיינען, אז דער קאפיטאַליסט איז פעראינטערעסירט אין דעם וואקסען פון די געזעלשאפטליכע פּראָדוקטיוו־קרעפטען. היות, מיט יעדער נייער מאשין דארף ער וועניגער מענשליכע ארבייט, ד. ה. צאָהלען וועניגער לוין און קען מאכען ווערלוועלער זיינע פּראָדוקטען, לוינט איהם, די פּרא־דוקטיוויטעט פון דער ארבייט זאָל אַלץ מעהר וואקסען. דאָס דוכט זיך אזוי. אין תוך אריין איז דער פאבריקאנט פעראינ־טערעסירט ניט אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט, נאָר אין בעסערע בעדינגונגען פאר זיין קאָנקורענץ אויפ׳ן מארק מיט די אנדערע פאבריקאנטען. דורך איהר וואָלוועלקייט, האָפט ער, וועט זיין סחורה אין גאנצען ארויסשטופען פון מארק די סחורות פון די קאָנקורענטען, אָדער אריבעריאגען זיי אין זייער געלאף צו דעם קונה. דאָרטען, וואו ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פאר דער קאָנקורענץ, ריהרט איהם די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אר־בייט, ווי די וואנד, אָדער ער קוקט אויף איהר מיט קרומע אויגען. קען ער מיט הויכע אָבצאָהלונגען ארומצאמען זיין לאנד פון דער אויסלענדישער קאָנקורענץ, אָדער גיט זיך איהם איין מאכען יד־אחת מיט אַלע פאבריקאנטען פון זיין פאך, יעמאָלט דארף ער אויף כּפרות וואָלוועלע סחורה, יעמאָלט, זיי געזונד, פּראָדוקטיווי־טעט!

די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט העננט אָב ניט נור פון דעם הוילען „וואָס וועניגער מענשליכע ארבייט“ אויף וואָס מעהר קרעפטען פון דער נאַטור. מען דארף פערשטעהן דורך א קלוגע בעל־הבית׳ישקייט גוט אויסנוצען דיביידע פאקטאָרען פון דער

פּראָדוקציאָן. אין א גרויסער פאבריק, וואו מיט די בעסטע מאַ־שינעס ארבייטען טויזענדער הענד אין איינעם, קען מען בעסער אויסנוצען די כחות פון דער נאַטור און די מיטלען, וואס זי גיט אונז, איידער אין א טפח־על־טפח׳דיגער בעל־הבית׳ישקייט. דאָס צונויפגיסען אין איינעם פון מעהרערע מענשליכע כחות, דאָס ריכ־טיגע פאנאנדערטיילען פון די ראַליעס אין דער פּראָדוקציע, דאָס צופּאסען פון יעדער ראַליע צו דעם אַלגעמיינעם פּלאַן טרייבט ארויף די פּראָדוקטיוויטעט פון דער ארבייט גאָר אויף א געהוי־בענע מדרגה. די לעהרביכער פון דער עקאָנאָמישער וויסענשאפט זענען פול מיט דער בעשרייבונג פון חדושים, ווי וואונדערליך עס שטייגט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער מענשליכער ארבייט, ווען זי נעהמט זיך פאר דעם כלל: „ניט יעדערער פאר זיך, נור אַלע אין איי־נעם!“ די סאָציאַליסטישע וויסענשאפט בעווייזט דאָס אויף יע־דען שריט און טריט. אין דערינען ליגט איינער פון איהרע שטארק־סטע טעמים, וואָס צווינגען דעם מענשליכען שכל אָנצונעהמען, אז אין די אינטערעסען פון דער מענשליכער ארבייט און, הייסט עס, אויך אין די אינטערעסען פון דעם מענשענס לעבען אויף דער וועלט, ליגט איהר צונויפגיסונג אין גרויסע עוג־מלך־הבשן־דיגע בעל־הבית׳ישקייטען. אין דעם פּונקט, איינעם פון די וויכטיגסטע, איז דעם פּראָלעטאריערס נשמה גאנץ, אָהן א שום פּגימה, אָהן א ברעקעל צוריסענקייט, וואָס קומט פון פערשיעדענע אינטערעסען. סיי בתור לוין־ארבייטער, סיי בתור מענש, וואָס ארבייט, איז דער פּראָלעטאריער פעראינטערעסירט אין דעם, די מענשליכע ארבייט זאָל אויפהערען צו זיין צובראָקט, ווי איצטער אין קליי־נינקע קלייטעלעך פאר קליינינקע בעלי־בתים׳לעך. אפילו בתור לוין־ארבייטער לוינט איהם בעסער צו ארבייטען אין א גרויסער פאבריק. אין א גרויסער פאבריק קענען זיך די ארבייטער גרינגער דערשלאָגען צו העכערע שכירות און בעסערע בעדינגונגען. די לוין־ארבייט איז „פרייע“ ארבייט, וואָס האָט ניט קיין אייגענע טפח־על־טפח׳דיגע פּראָדוקטיווע בעל־הבית׳שקייט. אָט פאר וואָס אויף דעם פּראָלעטאריער האָט ניט קיין שליטה דער אידעאַל: „איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו“ — „יעדער איינער מיט זיין פייג אונ־טער זיין אייגענעם דעכעלע“, — אָט פאר וואָס ער איז בטבע זעהר

נוטה צו דעם סאָציאַליזם. אָבער דאָס אַליין איז נאָך ווייט — ווייט פון דעם סאָציאַליזם. בלייבט דער פּראָלעטאַריער שטעהן ביי זיין לוין־אַרבייט, פערגעסט ער אויף די אינטערעסען פון דעם מענשען, וואָס אַרבייט, קען דאָס איהם פיהרען מעהר ניט ווי צו טרייד־יוניאָניזם, צו אַ גוטער שטאַרקער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פּעראינטערעסירט אין דעם וואַקסען פון גרויסע פאַבריקען מעהר נישט, ווי צוליעב דעם, דער לוין־אַרבייטער זאָל האָבען אַ בעסערען מאַרק, וואו צו פערקויפען זיין סחורה — „אַרבייטס־קראַפט". פאַר אַ סאָציאַליסט מאַכט איהם אויך אין דעם פונקט ניט זיין לוין־אַרבייטער־שטאַנדפּונקט, נור דער שטאַנדפּונקט פון דעם מענשען, וואָס אַרבייט.

לאָמיר נעהמען נאָך אַ פּונקט. די אינטערעסען פון דער מענשליכער אַרבייט, ווייל זי אַרבייט צוליעב בעפרידיגען מענשליכע בעדערפעניס, פאָדערען, האָבען מיר געזאָגט, אַז צווישען איהרע פּראָדוקטען און דעם מענשען, וואָס נויטיגט זיך אין זיי, זאָל ניט ליגען דער גיהנם פון מאַרק, וואו זיי ווערען מגולגל אין „סחורה". דער מענש, וואָס אַרבייט פּראָדוקטען, כדי צו שטילען די מענשליכע נויט, פרעגט זיך קודם כל, אין וואָס נויטיגט זיך דער מענש? וועלכע פון זיינע בעדערפניסען זענען ווערטה, זיי זאָלען בעפרידיגט ווערען און וועלכע ניט? דער פרייער מענש, וואָס אַרבייט פריי, וואָס איז דורכגענומען מיט דער הייליגקייט און דער וויכטיגקייט פון זיין טהאָן, ענטפערט אויף די שאלות לויט זיין שכל, לויט זיין יושר, לויט זיין פערשטאַנד, וואָס ער האָט, וועגען דעם מענשען און וועגען דעם, וואָס פאַר איהם איז גוט אָדער שלעכט. וואָס איהם דאַרף אָנשטעהן אָדער ניט. גלויבט ער, ווי אין דעם דור־הפלגה, אַז עס איז גוט, שעהן, אַ יושר פאַר דעם מענשען און קלוג פון איהם אַרויפקריכען אויפ'ן הימעל און האַמפּערען זיך דאָרטען מיט'ן רבונו־של־עולם, וועט ער אין איינעם מיט זיינע ברידער, אַרבייטענדע מענשען, ווי ער, אָנהויבען בויען דעם טורעם פון בבל, וואָס זאָל מיט'ן שפּיץ דערגרייכען דעם הימעל. מיינט ער, אַז דאָס איז אַן עולה אָדער אַ נאַרישקייט, וועט ער בשום אופן ניט העלפען זיינע ברידער און וועט זיי נאָך צורעדען, זיי זאָלען ניט טהאָן קיין זינד אָדער קיין טפּשות. האַלט ער, אַז טליתים איז אַ נויטיגע זאַך,

וועט ער וועבען טליתים, און בשום אופן וועט איהר ביי איהם ניט פועל'ן, ער זאָל ארבייטען צלמים, ווייל, לויט זיין ריכטיגער אָדער פאלשער מיינונג, דאַרף דאָס דער מענש ניט האָבען. און אויב ער איז אזוי ווייט געבילדעט אין כאַראַקטער, אַז ער פערשטעהט צו שעצען דעם אנדערנס פרייהייט, וועט ער געוויס ניט שטערען זיי אין זייער ארבייט, אויב זיי מיינען, אַז דאָס איז נויטיג פאַר זיי, ווען אפילו ביי איהם קומט אויס, אַז זיי האָבען אַ שטאַרקען טעות אין דעם, וואָס דער מענש בעדאַרף. על כל פנים פערשטעהט דער מענש, וואָס ארבייט צוליעב שטילען דעם מענשענס נויט, אַז דאָס וואָס ער טהוט, איז גוט פאַר איהם און גוט, שעהן, נויטיג פאַר די אנדערע מענשען.

אזוי קוקט דער מענש, וואָס ארבייט. ניט אזוי פערשטעהט זיין חוב דער לוין־ארבייטער, וואָס ארבייט ניט פראָדוקטען, נאָר „סחורה", ניט פאַר דעם מענשען נור פאַר דעם מאַרק. איהם אַרט ניט, וואָס עס ווערט פראָדוצירט, ניט זיין דאגה, אין וועלכע „סחורה" עס טריפט די ארבייטס־קראַפט פון זיינע פינגער: אין פודרע און פאַרב פאַר די בתי הזונות, אָדער אין שווערדען, ביקסען, שפּיזען און האַרמאַטען אויף אויסצוקוילען און אויסצושיסען טויזענדער מענשען. זיין ציעל איז ל ו י ן, דער „מזומן", די קלינגענדע מטבעה! און ער איז ניט וועניגער להוט נאָך איהר, איידער דער ערשטער בעסטער בורזשוא. וואָלט אין דעם פּראָלעטאַריער גענומען די אויבערהאַנד דער מענש, וואָס ארבייט, איבער דעם לוין־ ארבייטער, וואָלטען אַ סך — אַ סך איצטיגע סחורות לגמרי פערשוואונדען ווערען פון דעם מאַרק. און איך ווייס, אַז ביי אַ סך ארבייטער קלעמט דאָס האַרץ, בעת זיי געהען אויסארבייטען זאכען, וואָס זענען נאָך זייער מיינונג שעדליך פאַר דעם מענשען. אָבער דאָס פּראָטעסטירט אין זיי ניט דער לוין־ארבייטער, נור דער מענש, וואָס ארבייט, וואָס וויל, זיין ארבייט זאָל זיין ב ע ו ו א ו ס ט, ער זאָל פערשטעהן איהר נוצען, און וואָס וויל זיין נוצליך סיי זיך, סיי דעם אנדערען.

די סתירה צווישען די אינטערעסען פון לוין־ארבייט און די אינטערעסען פון ארבייט טרעט כמעט אין קיין פונקט ניט אזוי אָפען ארויס, ווי אין דעם, ווי אזוי דאָס פּראָלעטאַריאַט פון די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע לענדער קוקט אויף די ק א ָ ל א ָ נ י ז א ־

ציאָנס־פּאָליטיק פון זיין בורזשואזער רעגירונג. ווי די לע־זער ווייסען, זענען כמעט אַלע איצטיגע רעגירונגען שטאַרק אריינ־געטהאָן אין דעם עסק—פערהאַפּען אין זייערע הענד וואָס מעהר וויל־דע און באַרבאַרישע לענדער, כדי צו פערשפּרייטען דאָרטען די „ליכ־טיגע שטראַהלען פון דער ציוויליזאַציאָן". אויף וואָס פאַר אַן אופן עס ווערען קאָלאָניזירט יענע לענדער, ווי עס ווערען דאָרטען פער־שפּרייט די ליכטיגע שטראַהלען פון דער ציוויליזאַציאָן, — וועגען דעם קען מען לייענען אין אַ שאָק ספרים מיט אַ מבול פון ציפע־רען ; און פון אַלע ספרים און ציפערען שטייגט ארויס אַזאַ מאוים'דיג בילד פון מענשליכע צרות, פּיין און אונגערעכטע ליידען פון איין זייט, און רציחה, גנבה, גזלה פון דער אַנדערער, אַז דער „ראשית חכמה" מיט זיינע שבעה מדורי גיהנם ווייזט אויס, ווי אַנ'אידילישע קינדערשפּיעל. וואָס מאַכט דאָס אָבער אויס? דער קאַפּיטאַל דאַרף האָבען אַ מאַרק, וואו ער זאָל קענען פערקויפען זיי־נע כחורות ; ער מוז פערשפּרייטען זיין מאַכט — און די „עשרת־הדברות" זענען ניט געשריבען געוואָרען פאַר אַ קלאַס, וואָס לעבט פון מעהר־ווערטה. ערגעץ אין דער וועלט ווערט די מענשליכע אַר־בייט ניט אַזוי אויסגעזויגט און אונטערדריקט, ווי אין די קאָלאָ־ניעס, וואָס געהערען צו די געבילדעטע מלוכות. וויל זיך דער פּראָ־לעטאַריער שטעלען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון לוין־אַרבייט, דאַרף ער געהן האַנד אין האַנד מיט זיין רעגירונג אין דעם ענין פון אויס־זויגען פרעמדע לענדער : דאָס שטאַרקט די מאַכט פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, רופט ארויף אַ בעדאַרף פון מעהר לוין־אַרבייט אין דער היים און גיט דעם פּראָלעטאַריאַט, פון וואַנען צו לעבען. שטעלט ער זיך אָבער אויף דעם שטאַנדפּונקט פון מענשליכע אַרבייט, וואָס האַסט אומעדום דעם אויסזויגער און בעדריקער, וואָס פערטיידיגט אומעדום איהרע אינטערעסען, מוז ער קעמפּפען אויך אין דער קאָלאָניזאַציאָנס־פּאָליטיק אַנטקעגען דער בורזשואזיע, ווען אפילו דאָס געהט להיפך צו די אינטערעסען פון זיין לוין־אַרבייט. אין דעם לעבען פון דעם פּראָלעטאַריאַט זעהען מיר, אַז ביי איהם קומט דאָ פאָר אַנ'אינעווייניגסטער קאַמפּף צווי־שען די צוויי שטאַנדפּונקטען. אַ טייל פון איהם האַלט שטאָהל און אייזען מיט דער רעגירונג אין איהר קאָלאָניאַל־פּאָליטיק און אַ טייל

קעמפּפט אנטקעגען איהר; און וואָס שאַרפער ביי דעם פּראָלע־טאַריאַט טרעט אַרויס זיין קלאַסענבעוואוסטזיין, וואָס העכער ער שטעהט אין זיין פּאָליטישער ענטוויקלונג, אַלץ מעהר איז ער מקריב די אינטערעסען פון דער לוין־ארבייט צוליעב די אינ־טערעסען פון דער מענשליכער אַרבייט.

איך וואָלט געקענט ברייננען נאָך אַ סך ראיות, דערהויפּט פון דעם טרייד־יוניאָן־לעבען, פון דעם פּראָלעטאַריערס עקאָנאָמי־שען קאַמפּף פאַר גרעסערען לוין און בעסערע בעדינגונגען, וואָס בעווייזען דעם טיעפען חלוק פון לוין־אַרבייט און מענשליכע אַרבייט, — אַ חלוק, אויף וועלכען דער סאָציאַליסטישער וויסענשאַפטליכער געדאַנק וועט זיך מוזען אָבשטעלען, וואָס ווייטער — אַלץ מעהר. איך רעכען אָבער, ס'איז גענוג שוין דאָס אויבענגעזאָגטע צו פער־שטעהן, פאַר וואָס „דער שטאַנדפּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט" קומט אוים אזוי פערקניפּעלט און פערפּלאָנטערט ביי אַלעמען, וואָס האָבען זיך נאָך ניט דערגראָבען ביז צום אמת'ען גרונד פון איהם — די אינטערעסען פון דער מענשליכער אַרבייט. ביי זיי באַמבעלט זיך אין מוח די לוין־אַרבייט, ד. ה. די איצטיגע היסטאָרישע פאָרם פון דער מענשליכער אַרבייט גופא, וואָס רייסט זיך מיט אַלע כחות, אַראָבצוּוואַרפען פון זיך די דאָזיגע היסטאָרישע פאָרם. די גאַנצע געשיכטע פון דער אַרבייטער־בעוועגונג און דעם סאָציאַליזם ווערט אונז קלאָר, ווען מיר בעטראַכטען זי אין דעם שיין פון דעם „ויתרוצצו", וואָס קומט פאָר אין דעם פּראָלעטאַריאַט גופא. אין אָנהויב, בעת די לוין־אַרבייט האָט ניט געקענט האָפען אָבצושוואַ־כען די הערשאַפט פון דעם קאַפּיטאַל איבער איהר, איז זי אין גאַנ־צען געווען דורכגענומען מיט די אינטערעסען פון דער מענשליכער אַרבייט און האָט געהאַט נור איין געדאַנקען אין זינען — פער־טיליגען די צוויי הערשענדע קלאַסען. שפּעטער, אַז עס האָט אָנגעהויבען לוינען צו קעמפּפען פאַר אינטערעסען פון דער לוין־אַרבייט, זענען די אינטערעסען פון דער מענשליכער אַרבייט אביסעל פערטונקעלט געוואָרען. עס האָט זיך בעוויזען אַ היפוך צווישען דער געווערקשאַפטס־בעוועגונג, וואָס האָט אָנגעשריבען אויף איהר פאָהן די אינטערעסען פון דער לוין־אַרבייט, און דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי־בעוועגונג, וועמעס אַלע פּרינציפּען און אויפטהועכ־

צען קענען דערקלערט ווערען מעהר נישט, ווי דורך די אינטערעסען פון דער מענשליכער ארבייט. גראַד אין אונזער צייט קאָכט די מלחמה צווישען די צוויי פּרינציפּען אין דעם פּראָלעטאַרישען לאַגער. דער בערנשטייניאַניזם האלט זיך שטאָהל־און־אייזען פאַר דעם פּרינציפּ פון לוין־ארבייט. ער איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז ער לייקענט ניט אָב דעם דאָזיגען פּרינציפּ אַפילו פאַר דער צוקונפטיגער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט: אויך דאָרטען, זאָגט בערנשטיין, אין איינעם פון זיינע לעצטע ארטיקלען אין די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטס־העפטע“, וועט נאָך הערשען די לוין־ארבייט. דער „ארטאָדאָקסער“ מארקסיזם זעהט איין די געפאַהר פון דער אָפּאָרטוניסטיש־עקאָנאָמישער בעוועגונג אומעדום, האָט נאָך אָבער ניט ארויסגעפונען איהר אמת'ען טעם און האָט נאָך אליין ניט אין גאַנצען אָבגעטרייסעלט פון זיך דעם לוין־ארבייטער־פּרינציפּ פון דעם פּראָלעטאַריאַט. די רעוואָלוציאָנערע סינדיקאַליסטישע בעוועגונג, די „אנאַרכאָ־סאָציאַלען“ און נאָך אַזעלכע „נייסען“ אין דער ארבייטער־בעוועגונג זענען א סימן, אז דער עקאָנאָמישער תמצית פון דעם פּראָלעטאַריאַט, די „פרייע“ מענשליכע ארבייט, וואָס האָט ניט קיין אייגענע טפּח־על־טפּח'דיגע פּראָדוקטיווע בעל־הבית'שקייט — הויבט אָן אויפצוהויבען איהר קאָפּ און זוכט מיטלען און וועגען, ווי אזוי אין גאַנצען צו ווערען דער אויבער־האר איבער די היסטאָרישע פאָרם, אין וועלכע זי איז אריינגעוואַקסען.

אָבער לאָמיר דאָס לאָזען אָן א זייט. ניט ווייל דאָס האָט ניט קיין שייכות צו אונזער ענין, נור ווייל עס פּערדיענט, מען זאָל עס אייגענס אויסשטודירען אין א בעזונדער ארטיקעל. איצטער קענען מיר נאָר זאָגען: וואָס גיכער דער פּראָלעטאַריאַט וועט איינזעהן, אז זיין קלאַסענפּרינציפּ און דערמיט גופא זיין קלאַסענשטאַנדפּונקט איז ניט די לוין־ארבייט, נאָר די גאַנצע, פרייע, זעלבשטענדיגע, בעוואוסטע און רייכע מ ע נ ש ל י כ ע ארבייט, אלץ קלאָרער וועט איהם ווערען זיין איצטיגע לאַגע, אלץ טיעפער וועט ער פערשטעהן דעם מהות פון זיין קלאַסענקאַמפּף, אלץ גיכער וועט ער דערגרייכען זיין ציעל — די בעפרייאונג פון דער מענשליכער ארבייט.

## אוים פרעמדע לשונות

1) אוים שצעדרין: די מסירת נפש פון אַ האָז.

2) אוים פרידריך פאָן סאַללעט: „און אויב איהר וועט מיין אויג שוין בלינדען".

3) אוים סיוללי פּריודאָם: דער חלום.

4) אוים היינריך היינע: א) די וועבער; ב) דער שקלאַווען־שיף.

5) אוים געאָרג הערוועגה: „און דו אַקערסט, און דו זעיסט."

# די מסירת נפש פון אַ האָז

(אויס דעם רוסישען נאָך שצעדרין. *)

„אַ מיהל—אַ מאָהל" האָט זיך אַ האָז פערזינדיגט פאַר אַ וואָלף. ער איז זיך געלאָפען, פערשטעהט איהר מיך, ניט ווייט פון דעם וואָלף'ס גרוב; האָט איהם דער וואָלף דערזעהן און האָט גענומען רופען: „האָזעלע! שטעל זיך אָב, נפש'על מיינער!" — און ער, דער האָז איינער, לאַ די, וואָס ניט געבליבען שטעהן, לאָזט ער זיך נאָך מיט מעהר אימפעט לויפען. אָט האָט איהם דער וואָלף אין דריי שפּרינג געכאַפּט און האָט צו איהם געזאָגט: „דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך ניט אָפּגעשטעלט צום ערשטען וואָרט, איז — נאַ דיר מיין גזר־דין. איך פער'משפט דיך צום טוידט דורך פאַנאַנדעררייסען. נאָר היות, ווי איך בין איצטער זאַט און מיין וועלפינטע איז אויך זאַט און עסענוואַרג וועט נאָך קלעקען אויף אַ טעג פינף, טאָ זעץ זיך, זיי מוחל, דאָ אונטער דעם בוימעלע און וואַרט אויף דיין צייט. עס קען נאָך זיין... חאַ־חאַ־חאַ!... אפשר וועל איך דיר מוחל זיין!"

דער האָז זיצט נעביך אונטער'ן בוימעלע אויף די הינטער־שטע פיסעלעך און גיט זיך ניט אַ ריהר. איין געדאַנקען געהט איהם פון מוח ניט ארויס: אין אַזוי פיעל און אַזוי פיעל מעת־לעת, אין אַזוי פיעל און אַזוי פיעל שעה וועט ער איינגעהמען אַ מיתה משונה. ער טהוט אַ בליק אַהין, אויף דעם וואָלף'ס גרוב, ערשט פון דאָרטען קוקט אויף איהם דאָס ליכטיגע וואָלפישע אויג. און אַנדערס מאָל טרעפט זיך נאָך ערגער: דער וואָלף מיט דער וועלפינטע געהען ארויס פון גרוב און נעהמען זיך שפּאַציערען ארום איהם. זיי וואַרפען אַ בליק אויף זיין טרויעריגען פּנים און דער וואָלף זאָגט עפּעס דער וועלפינטע אויף זייער לשון, און ביי־

---

*) צום ערשטען מאָל געדרוקט אין „פאָרווערטס" — ניו־יאָרק, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, אין 1903.

דע קייבען פון געלעכטער. און די וועלפעלעך זייערע זיינען אויך מיט זיי. זיי שפּיעלען זיך, לויפען צו צו איהם, קלאַפּען מיט די צייהן, — עס פאַלט ביי איהם איין דאָס האַרץ.

קיין מאָל האָט ער אַזוי ניט האָלד געהאַט דאָס לעבען, ווי איצטער. געווען איז ער אַ בעל־הבית'ישער האָז, האָט זיך אויס־גע'שרכנ'ט אַ כלה ביי אַן אלמנה אַ האָזענטע און האָט געוואָלט חתונה האָבען. צו איהר, צו דער כלה זיינער, איז ער יעמאָלט געלאָפען, בעת דער וואָלף האָט איהם געכאַפּט פאַר'ן קאָלנער. זי מוז נעביך וואַרטען אויף איהם, זי מוז נעביך טראַכטען: „ער האָט חרטה, דער פיינער יונג!" און אפשר האָט זי געוואָרט־געוואָרט און האָט מין אַן אנדערען געשריעבען תנאים, און אפשר האָט זי גאָר געשפּיעלט זיך אַזוי אין גראָז — און דאָ איז גע־קומען אַ וואָלף און האָט פון איהר געמאַכט אַ תכלית.

אַזוי זיצט ער זיך נעביך און בעטראַכט זיין פינסטערן גורל און פערכלינעט זיך מיט טרערען: „אָט איז דיר, מישטיינס געזאָגט, האָזענע חלומות! געוואָלט חתונה האָבען, אַ טלית און קיטעל געקויפט, געטראַכט, ווי ער וועט דאָס איין ערך מיט זיין יונגער האָזענטע סדר אָבריכטען. און אין מיטען דערינען דאַרף זיך מיט איהם טרעפען אַזאַ מעשה! וויפיעל שעה איז דאָס, פּחשבות'ן, צום טויט געבליעבען?"

איין מאָל זיצט ער אַזוי ביי דער נאַכט און דרעמעלט. עס חלום'ט זיך איהם, אַז דער וואָלף האָט איהם געמאַכט פאַר אַ משולח ביי זיך, און ווי ער פאָהרט אַזוי אום אין געשעפט, געהט דערווייילע דער בעל־הבית צו זיין האָזענטע צו גאַסט. אין מי־טען הערט ער, איינער טהוט איהם אַ שטויס אין זייט. ער גיט אַ קוק, ערשט דאָס איז דער כלה'ס ברודער.

— „דיין כלה, זאָגט ער, האַלט ביים שטאַרבען, זי האָט דער־הערט, וואָס פאַר אַ סבה מיט דיר האָט זיך געטראָפען, איז זי אין איין שעה אריין אין די דער. זי טראַכט מעהר נישט ווענגען איינס: נישיים וועל איך דאָס שטאַרבען, ניט געזעגענט זיך מיט מיין טייערינקען העזעלע?!"

דער פער'משפט'ער הערט אויס די ווערטער, און זיין האַרץ צורייסט זיך אויף שטיקלעך. „פאַר וואָס? פאַר וואָס קומט איהם

אזא ביטערער מזל? זיין לעבען האָט ער געלעבט, ווי גאָט האָט געבאָטען, קיין רעוואָלוציעס און סטרייקס האָט ער ניט געמאַכט, מיט כלי־זין אין האַנט פלעגט ער ניט ארויסגעהן. ער איז זיך געלאָפען פאַר זיך אין זיינע אייגענע עסקים — נו שוין קומט דערפאַר דער טויט? דער טויט! בעטראַכט נאָר גוט, וואָס דאָס איז פאַר א ווערטעל. און ניט איהם אַליין אַ טויט, איהר אויך! איהר, דער גראָהער העזעלע, וואָס האָט נאָר דערמיט חוטא בעגל געווען, וואָס זי האָט איהם האַלד געהאַט מיט'ן גאַנצען הארצען. ער וואָלט דאכט זיך, אוועק געפלויגען צו איהר, גענומען זי, די העזעלע, מיט די פאָדערשטע פיסלעך פאַר די אויערלעך און וואָלט זי געקושט און פאַר'ן קעפעלע געגלעט."

— „לאָמיר אַנטלויפען!" האָט דערוויילע געזאָגט דער שליח.

ווי דער האָז האָט דערהערט די ווערטער, האָט ער אין איין מינוט בעקומען אַן אַנדער פּנים. ער האָט זיך צונויפגערוקט, ווי א קייקעלע, די אויערען פערוואָרפען אויפ'ן רוקען, אָט־אָט מאַכט ער א האָזען־שפּרונג — און זוך איהם דערנאָך! ניט געדאַרפט האָט ער בעת־מעשה אַ קוק טאָן אויף דעם וואָלף'ס גרוב! אָבער ער האָט א קוק געטאָן און דאָס הארץ איז איהם איינגעפאַלען.

— „איך קען ניט", זאָגט ער. „דער וואָלף האָט ניט געהייסען".

דער וואָלף הערט דערוויילע אַלץ און זעהט אַלץ און פערפעלט עפּעס שטילערהייט דער וועלפינטע. אפנים, ער לויבט איהר דעם האָז פאַר זיין איידעלקייט.

— „קום!" זאָגט נאָך אמאָל דער שליח.

— „איך קען ניט!" זאָגט ווידער דער האָז.

— „וואָס סוד'עט איהר זיך דאָרטען? וואָס פערפיהרט איהר פאַר שטיק?" האָט מיט אַ מאָל אַ געשריי געטאָן דער וואָלף.

ביידע האָזען זיינען שיער ניט געשטאָרבען פאַר שרעק. דער שליח האָט זיך אויך אַריינגעכאַפּט! צוריידען די שומרים אַנט־לויפען... הם! וואָס קומט דערפאַר „על פּי זאקאָן"? אַך, די אָרעמע העזעלע! זי וועט שוין ניט האָבען ניט קיין חתן, ניט קיין ברודער: ביידע וועט דער וואָלף מיט דער וועלפינטע אויפ־פרעסען.

נאָר וואָס די האָזען זיינען געקומען צו זיך, ערשט אנקעגען

זיי שטעהט דער וואָלף מיט דער וועלפינטע און ביידע קנאַקען מיט די צייהן און די אויגען זייערע לייכטען אין דער פינסטער, ווי לאַנטערנעס.

— „כ׳לעבען, ר׳ וועלוועל, גאָר נישט!" — שטאַמעלט דער האָז: „אַזוי, מיר שמועסען דאָ צווישען זיך. אָט — אַ קרוב איז געקומען מיך געוואָר ווערען", — זוכט זיך דער האָז ארויס־צודרעהען און געהט שיער אוים פאַר שרעק.

— „גאָר נישט!" — מאַכט איהם איבער דער וואָלף. „איך קען אייך, חברה לייט! אייך טאָר מען אויך אַ פינגער אין מויל ניט לעגען. דערצעהלט, וואָס איז אַזוינס געשעהן?"

— „אַזוי און אַזוי, ר׳ וואָלף", האָט זיך דאָ איינגעשטעלט דער כלה׳ס ברודער. „מיין שוועסטער, ד. ה., זיין כלה שטאַרבט אַוועק, ניט פאַר אייך געדאַכט... בעט זי, אפשר קענט איהר איהם אַפּלאָזען זעהן זיך פאַר׳ן טויט."

— „המ... דאָס איז שעהן פון איהר, וואָס זי האָט האָלד דעם חתן", מאַכט די וועלפינטע. „דערפון וועט ווערען אַ סך העזע־לעך, מעהר חיונה פאַר די וועלף. אָט ביי מיר מיט דעם וואָלף איז אויך אַ גוט לעבען, איז טאַקי ביי אונז אָהן עין הרע אַ היבשע משפחה׳לע. אַ סך קינדער פערדיענען שוין אַליין זייער פרנסה און פיער זענען נאָך חדר־אינגלעך. וועלוויל, אַ, וועלוויל, לאָמיר איהם לאָזען צו דער כלה זעגענען זיך."

—„מען האָט דאָך אָבער אָבגעלעגט אויף איבערמאָרגען עסען איהם"...

— „על אמונתי, ר׳ וואָלף, איך קום צום טערמין", — האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן דער האָז. „אין איין הרף־עין בין איך ווי־דער דאָ... ביי מיר איז דאָס בפועל ממש... אָט, ווי איך בין אַ האָז, איך קום צוריק!"

און כדי דער וואָלף זאָל ניט זיין אין ספק, אַז ער קען קומען אין איין מינוט צוריק, האָט זיך דער האָז ארויסגעשטעלט פאַר אַזאַ בריה, אַז דער וואָלף אַליין האָט גענומען קלייבען נחת פון איהם.

די וועלפינטע האָט זיך אביסעל פערטרויערט און האָט אַ זאָג

געטאָן: „אָט נאַ־דיר! דאַכט זיך, נישט מעהר, ווי א האָז, אָבער ווי ער הלש'ט דאָס נאָך זיין האָזענטע!"

דער וואָלף איז מרוצה געוואָרען אוועקלאָזען דעם האָז צו דער כלה, נאָר אויף דעם תנאי, ער זאָל קומען צוריק צו דער צייט. דעם ברודער דער כלה'ס, האָט ער געלאָזען ביי זיך פאר א משכון.

— „אויב דו וועסט ניט קומען צוריק אין צוויי מעת־לעת ארום, צו זעקס א זייגער אין דער פריה, וועל איך איהם אויפעסען אנשטאָט דיך, און אויב דו וועסט קומען, וועל איך מיט אייך ביידען שלאָגען כפרות, און אפשר... חא־חא־חא!... אפשר וועל איך אייך מוחל זיין!"

ווי א פייל פון בויגען האָט זיך דער חתן א לאָז געטאָן אין וועג. ער לויפט און די ערד ציטערט אונטער זיינע פיס. טרעפט זיך א בארג אויף'ן וועג, נעהמט ער זי „מיט געוואלט", טרעפט זיך א טייך, זוכט ער גאָר ניט קיין זאמדיגע ערטער, — גלייך לאָזט ער זיך שווימען, מאכט זיך א זומפ, שפרינגט ער פון דער פינפטער בערגעלע אויף דער צעהנטער... א שפאס אביסעל! ער דארף קומען אין די דרייסיגסטע מדינה, דארף אין באָד אריבערגעהן, חתונה האָבען (חתונה האָבען! ניט אנדערש, טענה'ט ער צו זיך יעדע מינוט!) און דערנאָך צוריקקומען צום וואָלף אויף אָנבייסען!

פלינק איז ער געפלויגען, פייגעלעך זענען פערוואונדערט געוואָרען: „זעהט!" — זאָגען זיי, — „אין ראשית חכמה שטעהט, די האָזען האָבען קיין נשמה ניט, קוקט אָקארשט, ווי ער ווארפט פיסלעך!"

געלויבט איז דער אויבערשטער, געקומען אהיים! וואס פאר א שמחה דאָרטען האָט זיך אָפּגעטאָן, איז ניט מיט א מויל צו דערצעהלען, ניט מיט א פען צו בעשרייבען.

די יונגע האָזענטע, קוים דערזעהן דעם חתן איהרען, איז איהר קרענק ווי מיט א האנט אוועקגענומען געוואָרען. זי האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף איהרע הינטערשטע פיסלעך, האָט אָנגעטאָן אויף זיך א פייקעלע און האָט גענומען ארויסווייזען די קונצען, וואָס זי קען: דאָס האָט זי דעם חתן א סורפריז געמאכט.

און די מוטער, די אלמנה, האָט זיך גאָר קיין ארט ניט גע־

פונען, ניט געוואוסט וואו אוועקזעצען דעם קינפטיגען איידעמעל, מיט וואָס איהם מכבד צו זיין. באלד זיינען געקומען צו לויפען פון אלע זייטען מוהמעס, חברת'עס, שוועסטער. אלעמען ווילט זיך א קוק טאָן אויף דעם חתן און אגב דערוויילע כאפען אביסעל כבוד.

מעהר נישט דער חתן זיצט ווי אויף הייסע קוילען. נאָך ניט צייט געהאט אָנצוקוועלען זיך מיט דער כלה, האָט ער שוין גענומען טענה'ן: „וואָס גיכער אין באָד אריין און צו דער חופּה געהן!"

— וואָס האָט דיר אַזוי אָנגעשפּארט? — וויצעלט די אלמנה.

— איך דארף לויפען צוריק! נאָר אויף איין מעת־לעת האָט מיך דער וואָלף אָבגעלאָזען.

און דאָ האָט ער דערצעהלט אין גאנצען, וואו ער האָלט אין דער וועלט. ער דערצעהלט און אליין גיסט ער זיך מיט ביטערע טרעהרען. צוריקלויפען ווילט זיך ניט, אָבער צוריקלויפען מוז מען. פערשטעהט איהר מיך: ער האָט א וואָרט געגעבען, און יעדער האָז איז א בעל־וואָרט. די מוהמעס מיט די שוועסטער האָבען גוט פאנאנדער געקייט דעם ענין, געטראכט אהין, געקלערט אהער, און צום סוף איז ביי זיי אַזוי געבליבען: „אמת, האָז! געזאָגט איז געזאָגט! סע האָט נאָך קיין מאָל ניט פאסירט, האָזען זאָלען אָבנארען!"

גיך רעדט זיך, אָבער ביי די האָזען טוט זיך נאָך גיכער: אין דערפריה איז מען געגאנגען פון דער חופה און פארנאכט האָט ער שוין געזעגענט זיך מיט זיין יונגער ווייב!

— משמעות, דער וואָלף וועט מיך אויפעסען, — זאָגט ער צו איהר, — זאָלסטו מיר בלייבען געטריי און אויב ביי דיר וועלען זיין מיט מזל קינדערלעך, זאָלסטו אויף זיי גוט אכטונג געבען; בעסער פאר אלץ גיב זיי אוועק צו א בעל־מלאכה, וועלען זיי מעגען אין ראסיי וואוינען. — און אין מיטען גיט ער זיך א כאפּ (ער האָט זיך אפּנים דערמאָנט אויפ'ן וואָלף), און זאָגט:

— און אפשר וועט מיך דער וואָלף... חא! חא! חא! אפשר וועט ער מוחל זיין!

און אזויפיעל האָט מען איהם אין די אויגען געזעהן.

דערוויילע, בעת דער האָז האָט געשפּיעלט חתונה, זיינען גרויסע אומגליקען פּערלאָפן אין די לענדער, וואָס ליגען צווי־שען דער דרייסיגסטער מדינה און דעם וואָלף׳ס גרוב.

אין איין אָרט האָט געגאָסען א שלאַגס־רעגען, און דער טייך, וואָס דער האָז האָט מיט א מעת־לעת צוריק אריבערגעשוואומען שפּיעלענדיג, איז געוואָרען ברייט און האָט פערפלייצט גאַנצע צעהן מייל. אין אַן אַנדער אָרט האָט דער מלך אייכעל געפיהרט מלחמה מיט דעם מלך גרין, אַקוראַט אויף דעם וועג, וואו דער האָז האָט געדאַרפט לויפען. אין דעם דריטען אָרט האָט זיך בע־וויזען א מגפה, האָט ער געמוזט ארומלויפען דעם קאַראַנטין אויף גאַנצע הונדערט מייל אַרום. און אחוץ דעם האָבען וועלף, פיקס און שפאַרבערים געהיט איהם אויף יעדען טריט.

אונזער העלד איז געוועזן א פּקוח פון א האָז! ער האָט אַלע אַפּריהער אויסגערעכענט, ביי איהם זאָל בלייבען א דריי שעה אי־בעריגע. נאָר אז סע האָבען זיך גענומען שיטען איין צרה נאָך דער אַנדערער, איז ביי איהם דאָס הארץ געוואָרען א שטיק אייז.

ער לויפט דעם אָוענד, לויפט א האַלבע נאַכט, די פּיס זיי־נען צוהאַקט פון די שטיינער, אויף די זייטען הענגט דאָס פעל שטיקערווייז, מחמת די שטעכיגע צווייגען; די אויגען האָבען פער־לאָרען זייער קלאָרקייט, פון מויל רינט בלוטיגער שוים... און ער דאַרף נאָך לויפען... א שפּאַס, וויפיעל ער דאַרף נאָך לויפען! דער פריינד, זיין ערב, שטעהט ווי א לעבעדיגער פאַר זיינע אויי־גען. ער שטעהט דאָרטען לעבען דעם וואָלף׳ס גרוב און טראַכט: „אין אזוי פיעל און אזוי פיעל שעה ארום וועט מיין גיסי היקר קומען מיך אויסלייזען.“

ווי נאָר דער האָז דערמאָנט זיך דערויף, גיט דאָס איהם צו נאָך מעהר אימפּעט. ער פליהט איבער בערג, איבער טאָלען, דורך וועלדער, איבער זומפּען, קיין זאַך שטעלט איהם ניט אָפּ.

וויפיעל מאָל איז דאָס הארץ שיער ניט צושפּרונגען. ער האָט אָבער גובר געווען דאָס הארץ: דאָס הארץ־קלעמעניש טאָר איהם ניט אָפּרייסען פון זיין ציעל. עס איז ניט א צייט אויף ליי־דען, ניט א צייט אויף טרעהרען. לאָזען שטום ווערען אַלע גע־

פיהלען: דעם פריינד דאַרף מען אַרויסרייסען פון דעם וואָלף׳ס ציינער.

עס הויבט שוין אָן צו טאָגען. פּלעדערמייז און נאַכט־פויג־לען פליהען אַהיים אין זייערע לעכער. אין דער לופט בלאָזט אַ קאַלטער ווינט. מיט אַ מאָל איז אַרום און אַרום געוואָרען שטיל, אַקוראַט ווי אַלץ וואָלט אָבגעשטאָרבען: דער האַז לויפט אַהן און אַהער און קלערט איין געדאַנקען: „נושיים וועל איך מיין פריינד ניט אויסלייזען?"

איין זייט הימעל איז געוואָרען רויט. ווייט, ווייט אויף די וואָלקענס האָט די זון ווי מיט פייער אַ שפּריץ געטאָן, וואָס ווייטער אַלץ מעהר און מעהר, ביז עס איז געוואָרען אַ גאַנצער פלאַקער. אויף דעם גראָז האָבען זיך אָנגעצונדען די טראָפּען טהוי. עס שטעהען אויף פון שלאָף די בייטאָגיגע פויגלען. עס הויבען אָן אַרויסקריכען מילבען, ווערעם, משה רבינו׳ס בהמה׳לעך. אַ קליינער רויך האָט זיך גענומען ציהען פון ערגעץ וואו. אין די קאָרען און אין די האָבער האָט זיך דערהערט ווי אַ מין סודה׳ן זיך, אַלץ העכער און העכער. דער האָז הערט גאָר נישט און זעהט גאָר נישט. ער טענה׳ט נאָר איין זאַך: אַ תל האָב איך געמאַכט פון מיין שוואָגער, אַ תל!

נאָר אָט איז למזל די באַרג, און הינטער דער באַרג דער זומפּ און אין דעם זומפּ דעם וואָלף׳ס גרוב.

וועסט פערשפּעטיגען, העזעלע, וועסט פערשפּעטיגען!

ער ווענדט אָן די לעצטע כחות אַרויפצושפּרינגען אויפ׳ן שפּיץ באַרג... אַרויפגעשפּרונגען! אָבער ער קען שוין ניט לויפען, ער פאַלט פון מאַטקייט... נישיים וועט ער ניט דערלויפען?

דעם וואָלף׳ס גרוב ליגט פאַר זיינע אויגען, ווי אויף אַ טעלערעל. ערגעץ וואו אין דער ווייט שלאָגט זעקס אַ זייגער און יעדער קלאַפּ גיט זיך אָפּ ווי מיט אַ האַמער אין האַרצען פון אונזער איינגעמאַטערטער חיה׳לע; מיט דעם לעצטען שלאָג הויבט זיך אויף דער וואָלף פון גרוב, ציהט אויס זיינע גלידער און דרעהט מיט׳ן עק פון פערגעניגען. אָט געהט ער צו צו דעם ערוב, נעהמט איהם אין די איידעלע הענטלעך פאַנאַנדערדרייסען איהם אויף צוויי העלפט: איינע פאַר זיך, די אַנדערע פאַר דער וועלפינטע. די

וועלפעלאך זענען אויך דערביי; זיי זיצען ארום דעם טאטען־מאַ־מען, קנאַקען מיט די צייהן און לערנען זיך הלכות שחיטה.

— אַט בין איך! אַט! האָט אַ געשריי געטאָן דער האָז, ווי הונדערט טויזענד האָזען אין איינעם, און האָט זיך פון בארג אראפּ־געקייקעלט ווי אַ קייקעל אין זומפּ.

דער וואָלף האָט איהם גריילעך געלויבט.

— איך זעה, זאָגט ער, אז אַ האָז מעג מען גלויבען; אַט איז אייך דערפאַר מיין פּסק־דין. זיצט איהר דערווייל ביידע ביז אַ צייט אונטער דעם בוימעלע. שפּעטער וועל איך אפשר... האַ־קאַ־האַ! אפשר וועל איך אייך מוחל זיין. —

דר. ח. זשיטלאָווסקי

# „און אויב איהר וועט מיין אויג שוין בלינדען“

## אוים פרידריך פאָן סאללעט*)

און אויב איהר וועט מיין אויג שוין בלינדען, —
וועט פינסטער ווערן די זונן דערביי ?
און טהוט איהר מיך אין תפיסה ווארפען,
די וועלט וועט ווערן אויך אָהן מיר פריי.

און אויב איהר טהוט די הענד מיר בינדען,
וואָס שרייבט און שטרייט ווי מיט א שווערד,
עס וועלען אנדרע שטרייטער קומען,
ווי באלד דאָס פאָלק די זונן בעגעהרט.

און ווען אפילו מיינע ווערטער
פארשטומען אין דער פינסטערקייט, —
עס וועלען אויפשטעהן טויזענד שטימען
און וועלען דוננערןברייט און ווייט.

איהר וועט דעם זומער ניט פארטרייבען
און מיינט ניט, אז איהר האָט געזיעגט,
אויב איהר'ט, פון כעם אויף דעם זומער,
א הילכיגם פויגעלע דערשטיקט.

---

*) „דער אידישער אַרבייטער“, (1898).

# דער חלום

(פריי נאָך סיוללי פּריודאָם)

מיר האָט דער גראָבער פּויער
א זאָג געטהאָן אין שלאָף :
„גענוג אויף דיר צו שינדען זיך !
עס מעג שוין זיין א סוף.

אין רעגען און אין שטורעם,
אין קעלטען און אין היטץ,
אליין געה מיט דעם אקערשפּאן,
אליין, רב פּריץ, שוויטץ !"

דער שוסטער האָט מיט כעס
א וואָרף געטהאָן די נאָל :
„מיר ווילט זיך אויך, צו לייטען גלייך,
אן עטהעם טהאָן א מאָל !"

---

*) די „פרייע וועלט", (1890).

דער שמיער, דער עזות פּנים,
ער שפּרינגט פון הויט אַרויס ;
אַ שליידער מיט די שמיער־געצייג :
„בין איינגעמאַטערט ! אויס !"

איך האָב מיך מיט תחנונים
אומזיסט צו זיי געווענדט :
„מיר לאַכען פון דיין היטעלע !"
איך וויין און ברעך די הענד.

פאַרשמאַכט פון דאָרשט און הונגער,
לויף אום איך איבער שטאָדט
און שילט די ערד, די אַרבייטער,
דעם הימעל און אויך גאָט.

איך עפען אויף די אויגען...
אָי ! גלויבען אָדער ניט ?
עס שיינט די זון, ווי אַלע מאָל ;
אויף יעדען שריט און טריט

דערזעה איך ווידער ארבייט,
ס'האט קיינער ניט געפעהלט:
דער פויער, א פארשלאפענער
בעאקערט מיר דאם פעלד;

שוין אנגעפראפט מיט מענשען
די פאבריק, און דער רויך
פון קוימענס הויכע, ברודיגע
שפארט האסטיג אין דער הויך.

די גאנצע וועלט, זי ארבייט...
געזונד און פריש, און פעט
פארברייננ איך מיר ביז האלבען טאג
אין ווארעם־ווייכען בעט.

עס איז מיר אויף דעם הארצען
א חיות: רוהיג, העלל...
דעם חלום מיט די ארבייטער
פערגעס איך אויפ'ן שטעל.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

# אוים היינריך היינע

## א) די וועבער.*)

מיט פינסטערע אויגען, וואָס טרעהרען שוין ניט,
ביים וועבשטוהל זיי זיצען און זינגען א ליעד:
אַלט־דייטשלאַנד, מיר וועבען תכריכים פאר דיר!
א דרייפאַכע קללה אין זיי וועבען מיר:
מיר וועבען! מיר וועבען!

א קללה דעם אָבגאָט, צו וועמען מיר בעטען
אין שרעקליכע קעלטען, אין הונגער און נויטהען!
מיר האָבען אומזיסט נאָר געהאָפט און געוואַרט, —
ער האָט אונז געפיהרט פאר די נאָז און גענאַרט!
מיר וועבען! מיר וועבען!

---

*) מעהרערע מאָל אָבגעדרוקט אין די בונדיסטישע אויסגאַבען. געשריבען 1893.

א קללה דעם קיסר, דעם הארר פון די גביר'ען,
וואס איהם מהוט דעם ארבייטער'ס צער גאר ניט ריהרען,
וואס פרעסט אויס דעם גראשען, דעם לעצטען געשווינד
און לאזט אונז דערשיסען, דערשיסען, ווי הינד!
מיר וועבען! מיר וועבען!

א קללה דעם פאלשען, צבויעקישען לאנד,
אין וועלכען עס וואקסען בזיון און שאנד;
וואס ציעהט אויף נאר ווערים אין פוילקייט און מיסט
און וואו יעדע בלום ווערט פערוועלקט און פערוויסט!
מיר וועבען! מיר וועבען!

עס פליהט אום דאס שיפעל; דער טיש טאראראכט,
מיר וועבען, מיר וועבען דורך טאג און דורך נאכט...
אלט־דייטשלאנד, מיר וועבען תכריכים פאר דיר!
א דרייפאכע קללה אין זיי וועבען מיר.
מיר וועבען! מיר וועבען!

## ב) דאָס שקלאַפען־שיף*)

### 1.

אַליין אין קאַיוטע זיצט מינהער וואַן־קוק.
ער האָט זיך גענומען בעזינען,
וואָס סחורה ער פיהרט דאָ מיט זיך אויף דעם שיף
און וויפיעל ער האָפט צו פערדיענען:

„דער גומי איז גוט און דער פעפער איז גוט
אין דריי הונדערט קאַסטענס און פעסער,
אויך העלפאַנט־ביין האָב איך און גילדערנעם שטויב:
דער שווארצער אַרטיקעל — נאָך בעסער!

„אכט הונדערט מורינעס האָב איך אין אַ בייט
אין אַפריקאַ, בעת מיינע רייזען,
געהאַפט אַ מציאה: די סחורה — אַנטיק,
געזונד, ווי געגאָסען פון אייזען.

„נאָר גלעזערנע פעריל און בראָנפען, און שטאָהל
האָב איך פאַר די נעגער געגעבען.
איך וועל דאָ פערדינען אכט הונדערט פּראָצענט,
ווען ס׳בלייבט נאָר אַ העלפט פון זיי לעבען.

*) די „פרייע וועלט“ (לאָנדאָן) ? 1890. פאַרבעסערט איבערגעדרוקט אין „פריינד“, (1907).

„און בלייבען ביי מיר נאָר דריי הונדערט פון זיי  
ביז'ן קומען קיין ריאָ־זשאַניירא, —  
בעצאָהלט ער מיר הונדערט דוקאַטען פער שטיק,  
דער סוחר גאָנזאַלעס פעריירא“.

נאָר פלוצלונג איז מינהער געוואָרען צושמעטערט  
אין זיינע געדאַנקען די זיסע:  
דער דאָקטאָר פון שיף האָט געעפענט די טהיר,  
זיין נאָמען איז הערר וואַן־דער־שמיסען.

מיט וויינפערלעך איז איהם די נאָז פול בעזעצט,  
אליין איז ער דאַר, ווי א פגר.  
— „נו, ווי, וואַסער־פעלדשער?“ הויבט אָן צו איהם קוק:  
„וואָס מאַכען די טייערע נעגער?“

— „א דאַנק פאַר דעם נאָכפרעגען,“ ענטפערט ער איהם:  
„איך בין אייך צו מעלדען געקומען,  
אז היינט האָבען נעגער א סך מיט אמאָל  
א פגירה ביי־נאַכט איינגענומען.

„עס פלעגען נור שטאַרבען צו פיער אלע טאָג,  
היינט זענען געשטאָרבען שוין זיעבען, —  
פיער מאַנסביל, דריי ווייבער. דעם היזק האָב איך,  
פערשטעהט זיך, אין לייסטער פערשריבען.

„און איך האָב די מתים ארומגעטאפּט גוט,
איך ווייס, אַז די שווארצע גנבים
פערשטעלען זיך, מען זאָל זיי ווארפען אין ים, —
זיי ווילען נים לעבען, די כלבים.

„די אייזענס האָב איך פון זיי באַלד אויסגעטהאָן —
איך בין שוין גענוט אין דערינען —
מען האָט שוין די פּגרים געוואָרפען אין ים —
אויף מאָרגען נאָך אַקאָרשט בעגינען.

„און באַלד פון דעם ים זענען גלייך צו דעם שיף
ים־חיות געשווינד צוגעשוואומען —
דאָס נעגער־פליישׁ האָבען זיי מורא'דיג האָלט,
איך קעסט האָבען מיר זיי גענומען:

„ווי נאָר אונזער שיף האָט פערלאָזען דעם ברעג,
איז *) — שווימען זיי נאָך נאָך אונז שטענדיג.
אַפּנים, זיי הערען דעם מתים־געדוך,
זיי וואָלטען אַלץ איינשלינגען, קענטיג.

„עס איז אַ קאָמעדיע צו זעהן, ווי אַזוי
זיי יאָגען זיך נאָך נאָך די פּגרים,
ווי דער האַפּט דאָס קעפּעל און דער צופּט דעם פּום:
מען רייסט און מען שלינגט די אברים".

*) זעה דאָס פּאָסט־סקריפּטום.

וואַן־קוק אָבער פאַלט איהם אַריין אין די רייד.
— „אַן עצה געפינט־זשע מיר“, זאָגט ער
און זיפצעט: „ווי מאַכט מען, אַז זיי
זאָל'ן וועניגער שטאַרבען, הערר דאָקטאָר?“

— „אַ מאַסע פון זיי זענען שולדיג אַליין
אין דעם, וואָס זיי זענען געשטאָרבען,“
ערקלערט איהם דער דאָקטאָר: „זיי האָבען די לופט
מיט זייערע אָטעמס פערדאָרבען.

„און פון מעלאַנכאָליע פאַלען אַ סך,
ווייל אומעטיג איז זיי, ווי קינדער:
מיט פרישערע לופט, מיט מוזיק און מיט טענץ
איז*) — קאָן מען זיי מאַכען געזינדטער“.

— „אַ טייערע עצה!“ זאָגט מינהער וואַן־קוק:
„איהר האָט גאָר אַ גילדערנעם מוח;
היבש קלוג איז געווען אַריסטאָטעלעס,
א י ה ר זענט נאָך אַ גרעס'רער פקוח.

„העי, מוזיקע! טרייבט די מורינעס אַרויף
און לאָז מען זיי שפּילען און זינגען,
און טאָמער איז שפּילען פאַר זיי ניט גענוג,
איז* — זאָל זיי די בייטש לערנען שפּרינגען!“

*) זעה דאָס פּאָסט־סקריפּטום.

## 2.

עס קוקען פון בלאָהליכען הימעלס־געצעלט
פיעל שטערענדלעך קלוגע און ריינע.
זיי לויכטען און בענקען — נאָך וועמען? ווער ווייסט! —
ווי אויגען פון פרויען פון שעהנע.

עס קוקען פון הימעל אריין אין דעם ים
די ליכטיגע, בענקענדע אויגען.
עס זיפצען די חוואליעס, און עס איז דער ים
מיט פורפורנעם טהוי ווייט פערצויגען.

די לייוועגטס פון אָקרענט, זיי צאפּלען זיך נים,
מען האָט זיי צוזאמענגעבונדען.
א שמחה א גרויסע איז היינט אויף דעם שיף,
לאָמטערנעס א סך אָנגעצונדען.

דער רודער־מאן שפּיעלט אויף א פיעדעל; עס איז
דער סארוועך געוואָרען א פלייטער;
דער משרת, ער פּויקט מיט התמדה אין פּויק;
דער דאָקטאָר, ער בלאָזט אין טרומייטער.

סיי מאנסביל, סיי ווייבער — ביי הונדערט פּארשוין —
זיי דרעהען זיך, קוועלען און שפּרינגען
משוגענערווייז; און ביי איטליכען שפּרונג
די קייטען, די שווערע, זיי קלינגען.

מען טאנצט און מען טופעט פונאנדערגעהיצט;
און עטליכע שעהנע נעגרינגען,
זיי האלזען מיט אימפעט די נאקעטע פריינד —
מען קרעכצעט אין מיטען דערינגען.

דער תלין איז דא דער בעל־שמחה. ער זעהט,
דער עולם זאל שטענדיג זיין מונטער.
און ווער עס פערגעסט זיך נאר פרעהליך צו זיין, —
דאס ביימשעלע טרייבט איהם שוין אונטער.

הלולא וחינגא! עס קעהרט זיך די וועלט!
עס זענען צום שיף צוגעשוואומען
די בריאות פון ים, פון דעם טיעף־טיעפסטען גרונד,
זיי זענען צום ליארעם געקומען.

מען האט זייער חברה פון שלאף אויפגעוועקט.
די וואסער־וועלף — עטליכע הונדערט —
זיי גלאצען די אויגען ארויף אויף דאס שיף
און זענען נתפעל, פערוואונדערט.

זיי זעהען, עס איז גאר נאך גאנץ ווייט צו טאג,
ניטא נאך די צייט, וואס זיי פלעגען
בעקומען צו פרעסען; זיי געניצען שטארק,
עס זעהען זיך צייהנער, ווי זעגען.

הלולאָ וחינגאָ! עס קעהרט זיך די וועלט!
די שמחה, זי וויל גאָר ניט עקען.
די וואַסער־וועלף האָבען שוין ניט קיין געדולד
און בייסען די אייגענע עקען.

מיר דוכט, אז ווי פּיעלע פון זייער נאַטור,
איז שווער זיי, מוזיק צו פערטראָגען.
„דו טרוי ניט דער בעסטיע, וואָס ליעבט ניט מוזיק“ —
פלעגט, דוכט זיך מיר, בייראָן אונז זאָגען.

הלולאָ וחינגאָ! עס קעהרט זיך די וועלט!
עס טאַנצען און שפּרינגען די שווארצע...
און לעבען אַ זענעל־בוים שטעלט זיך וואַן־קוק,
בעט גאָט מיט אַ ביטערן הארצען:

„רבונו־של־עולם! פערהיט, אָ! פערהיט
דאָס לעבען פון די שווארצע זינדער,
און האָבען זיי אפשר געזינדיגט פאר דיר,
פערגיב זיי, זיי זענען דאָך רינדער...

די נפשות פערהיט צוליב קריסטוס, דיין זוהן,
וואָס איז אויך פאר זיי דאָך געשטאָרבען...
ווייל, בלייבט ניט, חלילה, קיין דריי הונדערט, איז
מיין גאַנצעם געשעפט מיר פערדאָרבען“...

## פאָסט־סקריפּטום צו דער איבערזעצונג.

איך בין אליין נאָך ניט גאַנץ פעסט אין דער דעה: לאָזט־צו אונזער גראַמאַטיק אַזאַ מין בנין, ווי: „איז — שווימען זיי נאָך"... „איז — קאָן מען"... „איז — זאָל זי", אָדער ניט? געוויס איז, אַז אין אַ סך פעלען איז אַזאַ בנין אין דער אידישער שפּראַך דורכאויס ריכטיג. „אַזוי ווי ער האָט געלאַכט פונ'ם רבי'ן, איז — קומט איהם קאָרקעם". דאָס ווערטיל „איז" האָט אין אַלע אַזעלכע בנינים דעם פּשט פון: „דעריבער", „אויף אַזאַ אופן", „אין דעם פאַל", וכדומה. אָדער זיין פּשט פאַלט צונויף מיט דעם דייטשען „זאָ" און דעם רוסישען „טאָ". ס'איז אפשר אַ סברא, אַז דער משונה'דיגער „איז" שטאַמט גאָר ניט פון דעם שורש „זיין", ווי זיין כשר'ער ברודער, נאָר ער וואַקסט אַרויס פון אַ גאַנץ אַנדער וואָרצעל. ס'איז אָבער ניט דאָ דער אָרט צו ריידען וועגען דעם באריכות. על כל פנים האַלט איך, אַז אַריינפיהרען דעם דאָזיגען ווילדען אידישען „איז" אין דער ליטעראַטור־שפּראַך איז ניט קיין גרויסער חטא, דערהויפּט אין שירים, און בפרט אין אַ געשמועס; ערשטענס, צוליב דעם מאָס פון דעם פערז, און צווייטענס — מחמת דעם אויבער־כלל פון אַלע כללים: ווייל „ע ס ר ע ד ט ז י ך א ז ו י". די וויסענשאַפט האָט דאָ מעהר ניט, ווי אויסצוזוכען, פון וואַנען עס נעהמט זיך דער מנהג און וואָס פאַר אַ גראַמאַטי־קאַלישער שכל עס ליגט אין איהם פערבאָרגען. קורץ: אויב דאָס פאָלק רעדט אַזוי, „איז — מעג מען".

דר. ח. זש.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

# „און דו אַקערסט און דו זעיסט“

פריי נאָך געאָרג הערוועגה*)

און דו אַקערסט, און דו זעיסט,
און דו פיטערסט, און דו נעהסט,
און דו האַמערסט, און דו שפּינסט, —
זאָג, מיין פאָלק, וואָס דו געווינסט ?!

וועבסט ביים וועבשטוהל טאָג און נאַכט,
שלעפּסט אונז אייזען פון דער שאַכט,
ברענגסט די שפע אונז אריין,
פול מיט תבואה און מיט וויין...

נאָר וואו איז ד י י ן טיש געגרייט ?
נאָר וואו איז ד י י ן יום־טוב־קלייד ?
נאָר וואו איז ד י י ן שארפער שווערד ?
וואָסער גליק איז ד י ר בעשערט ?

*) צום ערשטען מאָל געדרוקט אין „פאָרווערטס“ (אָדער „אַרבייטער־ציטונג“ ?) אין דעם אָנהויב נײנציגער יאָהרען; אָפטמאָל איבערגעדרוקט אין רעוואָלוציאָנערע ליעדער־זאַמלונגען אָהן מיין נאָמען.

שאפסט אונז אוצרות אָהן א שיעור, —
אל־דאָס־דינג, נאָר ניט פאַר דיר;
און פאַר זיך האָסטו אין נויט
נאָר געשמידט א שווערע קייט...

ארבייטאָרער, אויפגעוואכט!
און דערקען דיין גרויסע מאכט!
אלע רעדער שטעהען שטיל,
אויב דיין שטאַרקער אָרעם וויל!...